קנוט האַמסון

# ראָזאַ

(ראָמאַן)

יידיש פאַלק היילפערין

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

I

ווינטער דעם 18-טן** יאָר האָב איך מיך אַוועקגעלאָזן פון אַלעזונד צו די לאָפאָדן-אינזלען אויף אַ רעגענבערגער פישער-שכונע. די נסיעה האָט געדויערט כמעט פיר וואָכן. איך האָב אַרומגעשטייגט אין סקראָווען און גענומען וואַרטן אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט אַוועקצופאָרן זיך ווייטער. צו פאַסבע צו האָבן געדאַרפט אָפּשווימען קיין סאַלטענלאַנד, אַהיים צו גאַסט, עטלעכע שיפלעך, און הגם זיי האָבן מיך געקאָנט דערפירן נישט גאָר אַהין, וווּהין איך האָב געדאַרפט, בין איך, פונדעסטוועגן, צוגעשטאַנען צו זיי. די מעשה איז, וואָס איך האָב אין יענע מקומות געהאַט אַ באַקאַנטן און אַ חבר מונקען ווענדט. מיר האָבן אָפּגערעדט באַגעגנען זיך און וואַנדערן אַביסל צוזאַמען. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר פופצן צוריק—שיר נישט אַ האַלב לעבן איז שוין זינט דעמאָלט פאַרביי.

אין איינעם אַ ווילן טאָג, דעם 16 אַפּריל, בין איך אָנגעקומען אינם האַנדלס-שטעטל סירילונד. דאָ האָט געוווינט אַ סוחר מאַק, אַ גרויסער פּריץ. דאָ האָט נאָך נעבן אים געוווינט זייער אַ ליבער מענטש בענאָני האַרטוויגסען. ער איז געווען אַ רייכער און האָט אַלעמען געהאָלפן. זיי זענען ביידע געווען שותפים און די באַלעבאַטים פון סירילונד, פון אַלע שיפן און פון די אָרטיקע האַנדלס-אונטערנעמונגען.

— ווילט איר-גייט צו מאַקן, ווילט איר-גייט צו האַרטוויגסענען, — האָבן מיר געזאָגט מיינע מיטפאָרער, די פישער.

איך האָב מיך אויפגעהויבן צו מאַקס הויף, ארומגעקוקט און באַשלאָסן אויסצומיידן אים, מחמת זיין וווינונג איז געווען שוין צופיל רייך און גרויסאַרטיק. דערפאַר בין איך מיטאָג-צייט אוועק צו בענאָני האַרטוויגסען אין הויז און האָב מיך פאָרגעשטעלט. היות ווי איך בין געווען נישט זייער קיין גרויסער פריץ און האָב ביי זיך געהאַט מער נישט ווי אַ ביקס, אביסל זאַכן אין אַ זעקל, האָב איך געבעטן, מען זאָל מיר אויף אביסל צייט לאָזן אויפהאַלטן זיך אין הויז פאַר דער דינערשאַפט.

— דאָס וועלן מיר שוין זען איינצואָרדנען,—האָט בענאָני געענטפערט — פונוואַנען זענט איר?

— פון דרום. איך גיי אין די דערפער אומווער און אָס. מען רופט מיך פאַרעליוס, איך בין אַ סטודענט. אגב, קאָן איך צייכענען און איך מאָל מיט פאַרבן, אפשר וועט איר דאַרפן.

— זענט איר אַ געבילדעטער מענטש, ווי ס'שיינט.

— יאָ, איך בין נישט קיין שנאָרער. איך דאַרף מיך דאָ באַגעגענען מיט אַ חבר. מיר האָבן זיך צוזאַמען געלערנט, און ביידע זענען מיר יעגער. מיר ווילן אביסל וואַנדערן זאַלבענאַנד.

— זעצט זיך צו! — האָט דעמאָלט האַרטוויגסען געזאָגט און צוגערוקט מיר אַ שטול.

צווישן אַנדערע חפצים איז אין צימער געשטאַנען אַ קליינינקע פאָרטעפּיאַנע, אָבער איך האָב מיך איינגעהאַלטן און בין נישט גלייך צוגעגאַנגען אויספּרובירן זי. דערפאַר האָב איך געגויי געענטפערט אויף אַלץ, וואָס האַרטוויגסען האָט מיך געפרעגט. און ער האָט מיר געגעבן צו זאַט עסן און טרינקען. ער איז געווען זייער פריינטלעך צו מיר און האָט פאַרלאַנגט איבערצולאָזן מיך ביי זיך, אַנשטאָט אָפּשיקן אין דעם סירילונדער הויז פאַר דער דינערשאַפט.

— איר קאָנט זיך אָפּשטעלן ביי מיר און ביהילפיק זיין מיר אַמאָל, — האָט ער געזאָגט — איר זענט אַ חתונה-געהאַטער? — האָט ער געפרעגט און אַ שמייכל געטון.

— ניין, איך בין אַלט סך-הכל צוויי און צוואַנציק יאָר. איך האַלט נאָך אין וואַקסן.

— זענט איר נאָך אודאי אין קיינעם נישט פארליבט אויך?

— ניין.

ענדלעך האָט הארטוויגסען געזאָגט:

— ווײַבאלד איר האָט אויסגעשטודירט אַזויפיל חכמות, וועט איר דאָך זיכער קאָנען אַראָפּנעמען מיט פארבן מיין הויז און מיין שפײַכלער, מיט איין וואָרט—אַלע מיינע בנינים, און מאכן פאר מיר עטלעכע בילדער?

איך האָב אַ שמייכל געטון און האָב מיך אביסל פארוווּנדערט אויף זיינע מאָדנע רייד: איך האָב דאָך אים נאָר וואָס געמאָלדן, אז איך קאָן צייכענען און מאָלן מיט פארבן.

— איך האָב פיל און פארשידן גוטס אין שטוב, און ארום שטוב פליען אַרום מיינע טויבן. און דאָס בין איך דאָך דער באלעבאָס פון אָט די אַלע זאכן, וואָס איר זעט. אָבער קיין בילדער האָב איך נישט, — האָט ער געזאָגט, — קיין איין בילד נישט.

איך האָב דערויף געענטפערט, אז איך וועל אָנווענדן אַלע מיינע כוחות און וועל פאר אים אויסמאָלן אַלץ, וואָס ער וועט נאָר פארלאַנגען.

ווען הארטוויגסען איז אַוועק אין האפן און מיך איבערגעלאָזן אַליין, האָט מיך גענומען ציען צו איינזאמקייט. אַלע טירן זענען פאר מיר געווען אָפן. איך בין געגאנגען, וווהין איך האָב געוואָלט. איך האָב ביי אַ שעה פארבראכט אין שפײַכלער פאר שיפלעך, פול מיט דאנקבארקייט צו גאָט, דערפאר וואָס איך בין ארייגעפאלן אין אזעלכע מרחקים און האָב אומעטום באגעגנט גוטע לייט.

תיכף נאָך די חגאות האָב איך מיך גענומען אויסמאָלן הארטוויגסענס הויז און שפײַכלער און באַפארבן די צייכענונגען מיט פארבן. ווען איך בין ארייגעקומען אין קלייט קויפן עפעס, טאקע צו דער דאָזיקער ארבעט, האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם סוחר מאַק, דעם פאָרנעמען פריץ. ער איז שוין געווען אַ באַיאָרנטער מענטש, נאָר אַ לעבעדיקער, אַן אנטשלאָסענער און דערצו זייער אַ פיינער און אַ געהויבענער אין פארקער מיט מענטשן. אויף דער ברוסט האָט ביי אים אין דער אויבער-העמד

געגלאנצט א טייערע דימענטענע שפּילקע, און אויפן קיטל פונם זייגער זענען געהאָנגען פיל גאָלדענע ברעלאָקן. דערהערט, אז איך בין נישט קיין שנאָרער, נאָר אפילו א סטודענט, וועלכן ס'האָט זיך פארגלוסט אביסל צו וואנדערן, האָט ער ארויסגעוויזן צו מיר גאנץ היפּש אכטונג.

וואָס ווייטער איך האָב געמאָלט, אלץ מער איז הארטהייג־סען צופרידן געווען מיט מיין ארבעט און האָט מיך געלויבט דערפאר, . וואָס די בנינים זענען ביי מיר אויסגעמאָלט אזוי לע־בעדיק. איך האָב דורך א בריוו אָנגעזאָגט מיין חבר מונקען ווענדט, אז איך האָב מיך פארהאלטן ביי גוטע לייט.

— שרייבט אָקאָרשט אָן, אז פריער פאר הערבסט וועט איר זיך צו אים נישט דערשלאָגן, — האָט מיר הארטוויגסען געזאָגט — זומערצייט וועט איר מיר נויטיק זיין צו פיל זאכן. ווען עס וועלן זיך די שיפן אומקערן פון די לאָפּאָדענס, וויל איך, איר זאָלט מיר די שיפן אויך אומבאדינגט אָפּמאָלן, און דער עיקר די שבונע „פונטוס", אויף וועלכער איך בין אמאָל געשווומען קיין בערגען.

ס'איז גאָר קיין וווּנדער נישט, וואָס איך האָב מיך אויף אזוי לאנג פארזעצט רוען אין דעם דאָזיקן גרויסן ישוב אהער פלעגן בסדר קומען צופאָרן דאָ דער, דאָ יענער, און זעלטן ווער עס פלעגט אזוי לייכט צוריק אוועק. אין א וואָכן צוויי ארום נאָך מיר איז קיין סירילונד ארויפגעקומען א העקל־מאכער. ער האָט אָנגעמאכט העקלעך פאר אלעמען, פון קליין ביז גרויס; איז אָבער נאָך דעם נישט אוועק, ער איז נאָך ווייטער פארבליבן. ער האָט קיין אנדער מלאכה נישט געקענט — מער נישט ווי אויסבויגן קליי־נע העקלעך. נאָר דערביי האָט ער געקאָנט נאָכמאכן קולות פון חיות און עופות. ער פלעגט באהאלטן אין מויל א קליין מא. שינדל און האָט דערמיט אזוי געזונגען, גלייך ווי ארום וואָלט גע־ווען א וואלד מיט זינגפייגל, דערביי האָט ער נישט געלאָזט באַ־מערקן, אז ער זינגט עס. דאָס איז געווען פשוט ווונדערלעך. אפילו מאק זעלבסט פלעגט זיך אָפּשטעלן און הערן, ווען דער העקל־מאכער פלעגט דורכגיין איבערן הויף. סוף כל סוף האָט מאק פאר אים אָפּגעזוכט עפּעס א שטעלע אויף דער מיל, כדי מען

זאָל אים שטענדיק האָבן גרייט, אַלס איינע פון די סירילונדער מערקווירדיקייטן.

## II

אָפּגעזוינט אַ לענגערע צייט בײַ הארטוויגסענען, האָב איך איינמאָל אויפן וועג אין קלייט אַריין באַגעגנט מאַקן, באַגלייט פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטער דאַמע. זי האָט געטראָגן אַ בלוי-פּיקסן פוטערל — פונאַנדערגעשפּילעט, ווײַל ס'איז געווען פרילינגצייט. איך האָב מיך שוין אָפּגעוווינט פון דאַמען-געזעלשאַפט, און דעריבער האָב איך מיך, גריסנדיק זיך, איינגעקוקט אין איר גוטן פּנים און אַ טראַכט געטון: „זאָל איר גאָט העלפן!" זי איז שיין, אפשר, אַלט געווען ווײַט אַריבער צוואַנציק. זי איז געווען אַ הויכע, האָר האָט זי געהאַט גאַנץ העלע, און אַ מויל אַ רויטס. זי האָט אויף מיר אַ קוק געטון גאָר ווי אַן אמתע שוועסטער—אַזוי אומשולדיק.

היות ווי איך האָב מיך בסדר דערמאָנט אָן איר, האָב איך ענדלעך וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש דערציילט הארטוויגסענען, און ער האָט תיכּף געזאָגט:

— דאָס איז ראָזע. זי איז געווען שיין?

— יאָ.

— איז דאָס ראָזע. הייסט עס, זי איז ווידער געקומען צו פאָרן.

איך האָב נישט געוואָלט אַרויסווײַזן מײַן נײַגיריקייט און געזאָגט נאָר:

— יאָ, זי איז געווען שיין. ס'שײַנט, אַז זי איז נישט קיין היגע.

הארטוויגסען האָט געענטפערט:

— ניין, זי איז נישט קיין היגע. איבעריקנס, זי איז נאָר פון דער שכנישער פּאַראַפיע. זי איז בײַ מאַקן צו גאַסט.

שפּעטער האָט מיר די אַלטע אַרבעטאָרין בײַ הארטוויגסענען דערציילט אַביסל מער וועגן ראָזען: זי איז די טאָכטער פון

דעם פּאַסטאַר אין שבנישן דאָרף. אַ קורצע צייט האָט זי געהאַט אַ מאַן, איצט איז זי אַליין: דער מאַן איז אַוועקגעפּאָרן אויף דרום. אַמאָל איז ראָזע געווען כמעט האַרטוויגסענס אַ כּלה. ס׳איז שוין אַלץ גרייט געווען צו דער חתונה. פּלוצלינג האָט זי חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן. דאָס איז פאַר אַלעמען געווען אַ גרויסער חידוש.

איך האָב באַמערקט, אַז האַרטוויגסען האָט פאַר די לעצטע טעג גענומען אָנטון זיך פיינער און האַלטן זיך פּריצישער.

— מען זאָגט, ראָזע איז געקומען צו פאָרן? — האָט ער געזאָגט, פאַרביגייענדיק צו דער דינסט.

מיר זענען אַוועק קיין סירילונד צוזאַמען. אין דער אמתן האָבן מיר ביידע גאָרנישט געדאַרפט אין סירילונד. האַרטוויגסען האָט געזאָגט:

— אפשר דאַרפט איר עפּעס אין קלייט?

— ניין, איבעריקנס, אפשר יאָ. קליינע טשוועקעלעך, שטיפטלעך.

די, צוליב וועלכע מיר זענען געקומען אין קלייט, איז דאָ נישט געווען. אַז מען האָט אונז געגעבן טשוועקלעך, האָט האַרטוויגסען ווידער געפרעגט:

— די שטיפטלעך וועט איר דאַרפן פאַר די בילדער?

— יאָ, צו די אונטער־רעמלעך.

— אפשר וועט איר נאָך עפּעס דאַרפן האָבן צו די אונטער־רעמלעך. איר איילט זיך נאָר נישט, דערמאָנט זיך.

און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער זאָגט עס, ווייל ער וויל אויסשפּילן צייט.

איך האָב אויסגעטראַכט נאָך עפּעס קלייניקייטן, און האַרטוויגסען האָט געוואַרט, וואַרפנדיק בליקן צו דער טיר. לסוף האָט ער מיך איבערגעלאָזן און איז אַריין אין קאַנטאָר. היות ווי ער איז אין אַלץ געווען מאַקס שותּף און דערצו נאָך — אַ גביר, איז ער אַריין אין קאַנטאָר, אפילו נישט אָנקלאַפּנדיק אין טיר, און חוץ אים האָט עס, פאַרשטייט זיך, קיינער נישט געטון.

פאַר דער צייט, וואָס איך בין דאָ געשטאַנען לעבן וואַר.

שטאָט, איז אַריין די, וואָס מיר האָבן זי געוואָלט זען. זי האָט מסתמא, באַמערקט, אַז ס'איז געקומען הארטוויגסען און האָט זיך געוואָלט מיט אים באַגעגענען. גייענדיק פאַרביי מיך האָט זי מיר אַ קוק געטון גלייך אין פּנים אַריין, און מיינע באַקן האָבן זיך דערפון אָנגעצונדן. זי איז אַריין הינטערן וואַרשטאַט און גענומען פאָרען זיך אויף די פּאָליצעס. זי איז געווען אַזאַ הויכע און אַ שלאַנקע און האָט גענומען די סחורות מיט אַזעלכע פאָרזיכטיקע הענט. איך האָב לאַנג נאָכגעשפּירט נאָך איר. עפּעס מוטערלעכס איז געווען אין דעם גאַנצן יונגן וועזן אירן.

„הלוואי וואָלט נאָר הארטוויגסען אַרויס פון דער קאַנטאָר!" — האָב איך אַ טראַכט געטון. ער איז טאַקע פּונקט אַרויס. ער האָט זיך פאַרנויגט פאַר ראָזען... „גוט מאָרגן!" — האָט זי אויך געענטפערט. ס'איז נישט געווען צו באַמערקן אפילו קיין שאָטן פון אָנגעצויגנקייט צווישן זיי, הגם זיי זענען אַמאָל געווען פאַרקנסט. אַך! ער האָט איר אַזוי רויק דערלאַנגט די האַנט, און זי איז נישט רויט געוואָרן און נישט צעטומלט געוואָרן פון דער באַגעגעניש מיט אים.

— ווידער אין אונזערע מקומות? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ. — האָט זי געענטפערט.

זי האָט זיך ווידער אומגעקערט צו די פּאָליצעס און עפּעס געזוכט דאָרט. ס'איז געוואָרן שטיל. נאָכדעם האָט זי געזאָגט נישט אויסדרייענדיק זיך צו אים:

— נישט צוליב זיך נישטער איך אין אייערע סחורות,—דאָס איז פאַר דער היים.

— איז וואָס?

— אַזוי. איך באַלעבאַטעווע דאָ ווידער. פּונקט ווי אַמאָל, הינטערן וואַרשטאַט. אָבער איך וועל גאָרנישט נישט גנבענען.

— איר לאַכט. — האָט ער געזאָגט, טיף באַליידיקט.

איך האָב אַ טראַכט געטון: „אויף הארטוויגסענס אָרט, וואָלט איך דאָ מער נישט געבליבן שטיין." נאָר ער איז אַלץ געשטאַנען. הייסט עס, אַז עפּעס אַזוינס באַוועגט זיך נאָך אין דער טיפעניש פון זיין נשמה, וויבאַלד אַז ער האָט זיך נישט אַ לאָז גע-

טון פונם אָרט און איז נישט אוועק. פאַרוואָס גייט ער אַליין נישט אַריין הינטערן וואַרשטאַט און לייגט איר נישט פאַר געפינען פאַר איר וואָס זי דאַרף? ער איז דאָך דאָ באַלעבאָס? און ער שטייט זיך גאָר נעבן איר ביים וואַרשטאַט, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ קונה, בשעת די קלייט-משרתים סטען און מאַרטין האָבן אין זיין אַנוועזנהייט אַנדערש נישט געוואַגט צו רעדן סיידן נאָר האַלבשעפּטשענדיק — אַזוי אומגעהויער רייך איז ער געווען און דערצו נאָך זייער באַלעבאָס.

— מיט מיר איז דאָ אַ סטודענט, אַן אָנגעפּאָרענער, — האָט האַרטוויגסען געזאָגט צו ראָזען — אים ווילט זיך זייער, איר זאָלט אַמאָל אַריין צו אונז און שפּילן אַביסל אויף יענער מוזיק. זי שטייט דאָך איצט ביי מיר, די דאָזיקע מוזיק.

— איך קאָן נישט שפּילן פאַר פרעמדע. — האָט זי געזאָגט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

האַרטוויגסען האָט לאַנג געטראַכט, נאָכדעם האָט ער גע-זאָגט:

— יאָ, יאָ, איך האָב עס דאָך נאָר גלאַט אַזוי זיך געפרעגט.

נו, ווי? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר. — איר זענט שוין אפשר פאַרטיק?

— פאַרטיק.

— באמת, איך קאָן נישט אַזוי שפּילן, - האָט פלוצלינג ראָזע געזאָגט — נאָר ווען איר ווילט... ביטע, אפשר וועט איר אַריין אין די צימערן?...

און מיר זענען זאַלבעדריט אַוועק אין מאַקס צימערן אַריין, דאָ איז געשטאַנען אַ נייע, אַ טייערע פּיאַנינע, און ראָזע האָט אויף דעם געשפּילט. זי האָט זיך זייער געפלייסט. איר האָט זיך, אפנים, געוואָלט פאַרגלעטן איר עקשנות.

געענדיקט, האָט זי געזאָגט:

— מער קאָן איך גאָרנישט.

האַרטוויגסען איז לאַנג געזעסן און האָט זיך נישט געקליבן אַוועק-צוגיין. מאַק איז געקומען. ער איז געוואָרן פאַרוואונדערט, ווען ער האָט דעריזען די געסט, און האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פריינטלעכקייט.

מען האָט אונז מכבד געווען. ער האָט מיך אויסגעפירט איבער אַלע צימערן און באַוויזן מיר געמעלן, זעלטענע חפצים און בילדער. האַרטוויגסען און ראָזע זענען דערווייל געבליבן אַליין און זיי האָבן געשמועסט. זיי האָבן גערעדט וועגן אַזוינס, וואָס איך האָב נאָך נישט געוווּסט: וועגן עפּעס אַ מיידעלע, וואָס מען האָט גערופן מאַרטע, די טאָכטער פון סטען דעם משרת. האַרטוויגסען האָט אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג צו נעמען דאָס מיידעלע צו זיך, אויב ראָזע וועט דערצו מסכים זיין.

— ניין, איך בין נישט מסכים. — האָט ראָזע געזאָגט.

— באַטראַכט זיך גוט. — האָט זיך מאַק פלוצלינג אַריינגעמישט.

דאָ האָט זיך ראָזע פונאַנדערגעוויינט און געזאָגט:

— וואָס ווילט איר פון מיר האָבן!

האַרטוויגסען איז דערפון צערודערט געוואָרן. ער האָט זי געגומען באַרויקן.

— איר האָט דאָס מיידעלע אויסגעלערנט מאַכן אַ רעווערענס. מער איז ביי מיר אין די רעיונות גאָרנישט נישט געווען, איך האָב זי געוואָלט נעמען צו זיך, ווייל איר האָט איר אויסגעלערנט אַזוינע פיינע מאַניערן, צוליב דעם איז נישט כדאי צו וויינען.

— נו, זאָל אייך גאָט העלפן, נעמט דאָס מיידעלע, אָבער איך קאָן צו אייך נישט אַריבערפאָרן. — האָט זיך ביי ראָזען פלוצלינג אַרויסגעריסן.

האַרטוויגסען האָט לאַנג געטראַכט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט.

— אָן אייך קאָן איך דאָס קינד נישט נעמען.

— פאַרשטייט זיך, אַז נישט. — האָט מאַק אויך געזאָגט.

דעמאָלט האָט ראָזע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און איז אַרויס פון צימער.

# III

די פישער האָבן אָנגעהויבן אומקערן זיך אהיים פון די לאָפאָדענס. ס'זענען אָנגעקומען גרויסע שיפן און שיפלעך. פון דער בוכטע האָבן זיך דערטראָגן לידער און געשרייען. די זון האָט געשיינט. פרילינג איז געקומען. די ערשטע טעג איז האַרטװיגסען אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער, נאָר װען די שיפן זענען אָנגעקומען, איז געװאָרן פיל אַרבעט אַרום די פיש, און די שטימונג איז בײַ אים געװאָרן אַ בעסערע. ראָזען האָט זיך מיר נישט געמאַכט מער צו זען.

איך האָב געמאַכט אַ אינטערעסאַנטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם אויפזעער פונם לײַכט־טורעם. מען האָט אים גערופן שענינג. פריער איז ער געװען אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף. איך האָב אים איינמאָל באַגעגנט, װען איך בין אַרומגעקראָכן איבער די פעלזן און געקוקט אויף די פייגל בײַם אויסגוס. ער איז געזעסן אויף אַ שטיין און האָט גאָרנישט נישט געטון. כּל זמן איך בין געגאַנגען האָט ער מיך אויפמערקזאַם באַטראַכט, װי אַן אויסלענדער. און איך האָב אויף אים אויך געקוקט.

— װאָס טוט איר דאָ? — האָט ער געפרעגט.

— איך גײ און קוק מיר אויף די פייגל, — האָב איך געענטפערט — ס'איז אפשר נישט דערלויבט?

ער האָט גאָרנישט נישט געענטפערט, און איך בין אַװעק פאַרבײַ.

אַז איך האָב מיך אומגעקערט מיט דעם זעלביקן װעג, איז ער נאָך אַלץ געזעסן אויף זײַן שטיין.

— װען די פייגל זיצן אויף אייער, טאָר מען זײ נישט באַאומרויקן, — האָט ער געזאָגט — װאָס גײט איר דאָ אַרום?

איך פון מײַן זײַט האָב געפרעגט:

— און װאָס זיצט איר דאָ?

— ע, יונגערמאַן! — האָט ער געזאָגט, אויפהויבנדיק די

האָנט מיט דער דלאָניע אַרויף־צו. — וואָס זיך איך דאָ? — איך זיך, ווייל איך גיי טריט ביי טריט מיט מיין גורל. באמת מאָקע!

איך האָב, אפנים, אַ שמייכל געטון, ווייל ער האָט אויך געענטפערט מיט אַן אָפּגעבלאַקירטן נעבעכדיקן שמייכל און האָט ווייטער גערעדט:

— היינט האָב איך מיר געזאָגט: לאָמיך זשע זען, ווי וועל איך אָנהויבן שפּילן אַ ראָלע אין דער קאָמעדיע פון מיין אייגע־נעם לעבן. רעכט, האָב איך זיך געענטפערט. האָב איך מיך אָט אַהערקגעזעצט אויף דעם דאָזיקן אָרט.

גאָר אַ מאָדנער מענטש! איך האָב דעם אויפזעער פונם ליכט־טורעם נישט געקענט און געמיינט, אַז ער שפּאַסט מיט מיר.

— דאָס ווינט איר ביי הארטוויגסענען? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ.

— איר זאָלט אים אָקאָרשט פון מיר קיין גרוס נישט אי־בערגעבן.

— איר האָט דען עפּעס קעגן אים?

— יאָ, אָט די אַלע אומגעהויערע רייכטימער, וואָס ליגן ביי אונז אונטער די פיס, האָבן אַמאָל געהערט צו אים. איר שטייט דאָ אויף זילבער, וואָס איז דאָ פאַראַן פאַר אַ גאַנצן מיליאָן. דאָס האָט געהערט צו אים. און ער האָט עס אַלץ פאַרקויפט און איז געבליבן אַ גאָרנישט.

— הארטוויגסען איז דען נישט רייך?

— ניין. אַז ער זאָל זיך איינקויפן אַנשטענדיקע קליידער, וועט ביי אים בלייבן געלט אפשר אויף קאַשע.

— צי נישט איר האָט אַנטדעקט די דאָזיקע אוצרות און אַליין נישט געוואָלט אָפּקויפן עס בחינם? — האָב איך גע־פרעגט.

— אויף וואָס דאַרף איך דען די אוצרות? — האָט דער אויפזעער געענטפערט. — ביידע טעכטער מיינע זענען גוט איינגע־אָרדנט — חתונה געהאַט. מיין זון איינאַר וועט איינגיכן שטאַרבן. און וואָס נוגע מיר און דעם ווייב, קאָנען מיר נישט אויפעסן מער

חי דאָס, וואָס מיר עסן. אייך דאַכט זיך, אפנים, אז איך בין אוי־סערגעוויינלעך נאַריש?

— ניין, איר זענט, אפנים, קלוג מער איידער איך בין בכוח צו פאַרשטיין.

— ריכטיק! — האָט דער אויפזעער געענטפערט. — חוץ דעם דאַרף מען אויפן לעבן קוקן ווי אויף אַ פּרוּו. מען דאַרף דען נישט גיין אַרום דעם און לאָזן זיך דורך דעם פאַרדרייען דעם קאָפּ? לאָז זיך און לאָז זיך, און די אוצרות זאָלן זיך ליגן, ווו זיי זענען געלעגן.

אין דער בוכטע האָט זיך באַוויזן דער פּאָסט־דאַמפּער, און איך האָב באַמערקט, אַז אין האַפן האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל מענטשן. אין סירילונד און אויף דער ים־ברעג גאַס האָבן געפלאַ־טערט פענער. אויף דער אויבער־דעק האָט געשפּילט אַן אָרקע־סטער פון דייטשע מוזיקאַנטן. די מעשענע טרומייטן האָבן געבליש־טשעט אויף דער זון. אין האַפן האָב איך דערזען מאַקן, זיין ווירטשאַפטערין, האַרטוויגסענען און ראָזען, נאָר זיי האָבן צו קיי־נעם נישט געפאָכעט מיט קיין טיכעלעך, און קיינער האָט צו זיי נישט געפאָכעט פונם דאַמפּער.

— לכבוד וועמען זענען עס די פענער? — האָב איך גע־פרעגט ביי דעם אויפזעער.

— לכבוד אייך, לכבוד מיר, פונוואַנען זאָל איך וויסן? — האָט ער געענטפערט גלייכגילטיק, נאָר איך האָב באַמערקט, אַז זיינע אויגן זענען לעבעדיקער געוואָרן, און די נאָזלעכער האָבן זיך אָנגעבלאָזן ביי דעם גלאַנץ פון די טרומייטן און ביי די קלאַנגען פון דער מוזיק.

איך בין אַוועק, און ער איז געבליבן זיצן אויפן אָרט פאַרזונקען אין זיינע מחשבות. אפנים, אַז אים האָבן דערעסן מיי־נע פראַגעס און איך אַליין אויך. און, גאָט מיינער, ווי שטאַרק ער האָט זיך געלאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ פונם לעבן! ער איז געזעסן פולקאָם אומבאַוועגלעך, איינגעהויקערט אין זיין גרויער מאַ־רינאַרקע, אין דעם צעקנייטשן הוט, מיט די ברעגן, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען אויף אַלע זייטן.

איך האָב מיך אראָפּגעלאָזן צום האפן און דערוווּסט, אז מיטן דאמפער דארף קומען מאקס טאָכטער עדווארדע. זי איז געווען חתונה געהאט פאר א פינישן באראָן און ווינטער־צייט איז זי געבליבן אַן אלמנה. זי האָט געהאט צוויי קינדער.

פלוצלינג האָט ראָזע אָנגעהויבן פאָכען מיט איר נאָזטיכל, און פונם דאמפער האָט איר אויך אויף דעם זעלביקן שטייגער געענטפערט עפּעס א דאמע. מאקס האָט נישט געפאָכעט. דערפאר האָט ער זאָרגעוודיק א געשריי געטון צו די מענטשן אין דעם פּאָסט־שיפל: „זעט־זשע! פאָרזיכטיק ברענגט צו שווימען די באראָנעסע מיט די קינדער!”

שטייענדיק אין האפן, האָב איך מיך נישט ווילנדיק געוווּנדערט, פארוואָס האָט ראָזע, זייענדיק שוין הארטוויגסענס א כלה, גענומען און חתונה געהאט מיט אַן אנדערן. הארטוויגסען האָט געהאט א הויכע פעסטע פיגור און א קלוג גוטמוטיק פּנים. דערצו איז ער געווען רייך און האָט ליטן געהאָלפן אין א נויט, אזוי אז מען האָט קיין שלעכטס וועגן אים נישט געקאָנט זאָגן. וואָס זשע האָט ראָזע געקאָנט האָבן קעגן אים? ארום די אויערן, אמת, באוויזן זיך שוין ביי אים גרויע האָר, דערפאר האָט ער אָבער זייער געדיכטע פּאטלעס. ווען ער שמייכלט, אנטפּלעקן זיך ביי אים גרויסע געלבלעכע ציין; זיי פעלן ביי אים לחלוטין ערגעץ נישט. בכן איז ראָזע געווען קעגן אים מחמת עפּעס אינערלעכע, פון ליטן פארבאָרגענע טעמים.

די באראָנעסע האָט ארויסגעשטייגט מיט אירע צוויי מיידעלעך. זי איז א הויכע און א בייגעוודיקע. דאָס פּנים פארדעקט מיט א געדיכטן שלייער. גריסנדיק זיך מיטן פאָטער, האָט זי דעם שלייער נישט אויפגעהויבן, ווען זי האָט זיך מיט אים צעקושט. אויף קיינעם פון זיי איז נישט געווען צו באמערקן די קלענסטע פרייד. נאָר ווען זי האָט גענומען רעדן מיט ראָזען, איז זי לעבעדיקער געוואָרן, און אין איר שטים האָבן אָנגעהויבן קלינגען פיינע סאמעטענע טענער.

אין שיפל איז געקומען צו שווימען נאָך איינער א זייטיקער הער פונם דאמפער. ווען ער איז ארויס אויף דער יבשה, אין

קענטיק געוואָרן, אַז ער איז היפּש שיכּור און, דאַכט זיך, אַז זיינע אויגן אונטערשיידן שלעכט געגנשטאַנדן. סיי מאַק, סיי האַרטוויגסען האָבן זיך מיט אים געגריסט. און ער האָט קוים געקאָנט אַ שאָקל טון צו זיי מיטן קאָפּ, נישט אָראָפּנעמענדיק זיין היטעלע. איך האָב מיך דערוווסט, אַז ער איז אַן ענגלענדער, סער גיו טרעוועליאַן. ער פלעגט אַהער קומען צו פאָרן אַלע יאָר כאַפּן לאַקסן אין דעם גרויסן טייך פון דער שכנישער פּאַראַפיע. דאָס איז געווען דער זעלביקער הער, וואָס האָט ביי האַרטוויגסענען אָפּגעקויפט פאַר אַ ממון געלט די זילבער בערג. ער האָט גענומען אַ טרעגער און איז אַוועק פון האַפן.

איך האָב מיך בּכּיון געהאַלטן אין אַ זייט פון אַלעמען, מחמת איך בין דאָך פאַר זיי אַלעמען געווען אַ פרעמדער מענטש און איך האָב נישט געוואָלט זיין צו לאַסט. אָבער שפּעטער, ווען מאַק מיט זיין קאָמפּאַניע זענען אַוועק צום הויף, האָב איך באַשלאָסן נאָכגיין הינטער זיי אויף אַ מרחק. אַז האַרטוויגסען האָט שוין געדאַרפט אַראָפּ אויפן וועג, וואָס פירט צו זיין הויז, האָט זיך די באַראָנעסע אָפּגעשטעלט און מיט אים גערעדט עטלעכע מינוט. דערביי האָט זי אַראָפּגענומען די הענטשקע און מיר אויך דערלאַנגט די האַנט, אַ לאַנגע בויגעוודיקע האַנט, וואָס איר דרוק איז געווען אומגעוויינלעך צאַרט.

שפּעטער אַביסל, אינאָוונט האָב איך אויפן זאַמדיקן ברעג פון דער בוכטע דערזען ביידע אירע מיידעלעך. זיי זענען געשטאַנען, האַלטנדיק זיך מיט די הענטלעך פאַר די קניעלעך, און זענען זייער פאַרטון געווען אין באַטראַכטן עפּעס אויפן זאַמד. זיי זענען געווען קלוגינקע, געזונטינקע קינדער, אָבער אַזעלכע קורצזיכטיקע, אַז זיי האָבן גאָרנישט נישט געקאָנט זען, אויב זיי האָבן זיך נישט אָנגעבויגן סאַמע צו דער ערד. זיי האָבן געקוקט אויף אַ זאַמד-שטערן, און איך האָב זיי אַביסל דערציילט וועגן דער דאָזיקער זעלטענער באַשעפעניש, וואָס זיי האָבן פריער קיינמאָל נישט געזען, איך בין מיט זיי אַוועק ווייטער פאַזע די פעלזן, אָנגערופן די נעמען פון די פאַרשידענע פייגל, און באַוויזן זיי ים-קרויט און ים-געוויקסן אויף דעם ברעג-זאַמד. אַלץ איז פאַר זיי געווען ניי.

# IV

איך האָב שוין, אייגנטלעך, געענדיקט מיין ארבעט, נאָר הארטוויגסען וויל מיך נישט אָפּלאָזן. אַז איך בין דאָ איז אים פרייליכער, זאָגט ער. און מיין בילד איז אים אויך געפעלן געוואָרן, אַי דאָס הויז, אַי דער שפּייכלער, אַי דער טויבנשלאַק—אַלץ איז דאָ, זאָגט ער. אָבער הארטוויגסענען ווילט זיך, איך זאָל מאַכן אַ גרינעם טאָן אין דער טיף, ווען ס'וועט איינשטיין דער זומער: דעם קהלשן וואַלד, וואָס פאַרשווינדט אין אַ פיאָלעטן נעפּל דאָרט אין דער וויים, ביי די בערג. וועט מיר, הייסט עס, מחמת דעם אויסקומען צו ענדערן די קאַלטע לופט-טענער, אפילו די פאַרבן פון דעם הויז גופא. — איבעריקנס, דערווייל דאַרף מען זיך בעסער פאַר אַלץ פאַרנעמען מיטן „פונטוס". — זאָגט הארטוויגסען.

איך לאָז מיך אוועק צו דער זעגל-שיף. דער טאָג איז אַ העלער. אַלע שיפן שטייען אויף די אַנקערס. מען וואַשט די שטאָק-פיש. דער ענגלישער אורח, סער גיו טרעוועליאַן שטייט אויפן ברעג און קוקט אָנגעלענט אויף זיין הענטקע, ווי מען וואַשט. מען דערציילט מיר, אַז אַזוי איז ער אויך פאַראַיאָרן אָפּגעשטאַנען צוויי טעג. ער טוט אויף קיינעם קיין בליק נישט אין דער ענגשאַפט פון מענטש. ער קוקט נאָר דערויף, ווי מען וואַשט די פיש. פון צייט צו צייט נעמט ער ארויס פון זיין סאַקוואָיאַזשל אַ פלאַש און פאַר אַלעמען אין די אויגן זופט ער פון איר אָפּ עטלעכע גרויסע זופּן. נאָכדעם נעמט ער ווידער גלאָצן די אויגן ווי מען וואַשט.

איך זיץ אין מיין שיפל און צייכן מיט בלייפעדער אין דער האַנט די זעגל-שיף מיט די גרויסע באַרקאַסן, וואָס שטייען אויף די אַנקערס און מען לאָדט זיי אויס. דאָס איז אַן אָנגענעמע ארבעט, און אַז זי גיט זיך מיר איין, דערפיל איך זיך גליקלעך. אינאָווענט בין איך אריין אין קלייט און האָב פון דאָרט אַוועקגעטראָגן אַ טיפן, אַ באַזונדערן. אַן אינטימען איינדרוק, פון וועלכן

עס איז ביי מיר אויף לאנג געבליבן אן אנגענומער געפיל. ראזע האט, פארשטייט זיך, וועגן דעם גלייך פארגעסן, אבער איך גע-דענק: איך האב אפגעעפנט די טיר און צוגעהאלטן זי ביז זי איז דורכגעגאנגען. זי האט זיך אויף מיר ארומגעקוקט און באדאנקט. דאס איז גאר.

דאס איז גאר. און שיר נישט א האלב לעבן איז פארביי זינט דעמאלט.

דער ים-אויסגוס שפרייט זיך א טיפער און א בלישטשענדי-קער. ער איז לגמרי אומבאוועגלעך. נאר יעדעס מאל, וואס מעןווארפט אראפ פון דער זעגל-שיף די געזאלצענע שטאק-פיש, זעצן זיך די בארקאסן אפ אביסעלע טיפער, און דעריבער לאזן זיך פון זיי אוועק לייכטע כוואליעס. מיר האט זיך געוואלט אויסמאלן אט די לייכטע כוואליעס, אי די שיינע שאטנס פון די דורכלויפנ-דיקע ים-פיש אויפן וואסער. דאס זענען געווען פונקט ווי די שאטנס פון אן אטעם, פון א בלאז אויפן סאמעט. א טוק-ענטל האט זיך אויפגעהויבן טיף אין דעם ים-אויסגוס און אוועקגעלאזן זיך פליען סאמע איבערן וואסער-שפיגל פארביי אלע אינזעלעך צום אפענעם ים צו. זי האט הינטער זיך איבערגעלאזן א צי-טערנדיקע ליניע, וואס דערמאנט א שורה אותיות „R." איר לאנ-גער גלייכער האלז האט געמאכט דעם איינדרוק פון אן אייזערנעם, אן איינדרוק פון א שמאלענעם ביקס-רער. דארט, ווו דער פויגל איז פארשוואונדען, האט אין וואסער אנגעהויבן שפילן א דעלפין, פונקט ווי א שווארצער ראב האט ער זיך גענומען קוליען אויפן ווייכן טעפיך. דאס איז אלץ פיין!

דער באראנעסעס קינדער זענען געווען אויפן זאמד און האבן מיך גענומען רופן, איך בין צוגעשוומען צום ברעג, און אריינגענומען זיי צו זיך אין שיפל. זיי האבן מיך נישט געזען, נאר עמעצער האט זיי געזאגט, אז איך שטיי דא אין שיפל, האבן זיי אנגעהויבן אויסשרייען מיין נאמען, ווייל איך האב זיי פריער געזאגט, ווי מען רופט מיך. זיי האבן אריינגעשמעקט די נעזלעך אין מיין געמעל, און די עלטערע האט מיר געמאלדן, אז זי קען אויך מאלן שטעט. די יינגערע, וועלכע איז אלט געווען פינף יאר,

איז אַנטדרימלט געוואָרן, דערפֿון וואָס דאָס שפּיל האָט זיך כּסדר געוויגט. איך האָב אויף דעם הינטערשטן דעק אויסגעבעט מײַן מאַרינאַרקע, אַוועקגעלייגט זי און גענומען שטיל זינגען איבער איר, ביז זי איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן. איך האָב אויך געהאַט אַמאָל אַ שוועסטערל.

נאָכדעם האָבן מיר גענומען פּלוידערן מיט דער עלטערער. זי האָט אָפּטמאָל אַרײַנגעשטעלט שוועדישע ווערטלעך און האָט גאָר פֿײַן געקענט רעדן שוועדיש, ווען זי האָט געוואָלט, אָבער זי האָט מער גערעדט אויף דער שפּראַך פֿון איר מוטער. זי האָט דערציילט, אַז פּאַסכע אינדערפֿרי לאָזט איר די מאַמע שטענדיק קוקן דורך אַ געלן טוך אויף דער זון — ווי זי טאַנצט פֿון פֿרייד, וואָס קריסטוס איז אויפֿגעשטאַנען תּחית המתים. און דאָ, אין די היגע קאַנטן — טאַנצט אויך די זון?

די ייִנגערע איז געשלאָפֿן.

אין אַ גוטער שעה אַרום האָב איך צוריק געבראַכט די קינדער צום ברעג. אין וועג האָט די ייִנגערע גענומען וועקן די שלאָפֿעדיקע: „שטיי אויף, טאָננא, טאָננא!" טאָננא האָט זיך סוף כּל סוף אויפֿגעכאַפּט און איז געבליבן ליגן, נישט וויסנדיק, ווי זי איז אויף דער וועלט. נאָכדעם האָט זי זיך אַביסל אָנגעבלאָזן און באַליידיקט אויף דער שוועסטער דערפֿאַר, וואָס יענע האָט פֿון איר געלאַכט. נאָר פּלוצלינג האָט זי זיך געטון אַ שטעל, ווי ג״ויס זי איז, אַזוי אַז איך האָב זי געדאַרפֿט אַראָפּזעצן. איך האָב גענומען מײַן מאַרינאַרקע. אויפֿן זאַמד איז געשטאַנען די באָראָנעסע און האָט צו אונדז עפּעס געשריגן. טאָננא און אַלינא האָבן זיך גלײַך אַ לאָז געטון דערציילן איר וועגן אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אויפֿן שיפֿל. נאָר טאָננא האָט אפילו הערן נישט געוואָלט וועגן דעם, אַז זי איז כּלומרשט געשלאָפֿן.

ראָזע איז אויך געשטאַנען אויפֿן זאַמד, און אַ ווײַלע אַרום איז האַרטוויגסען אויך געקומען. ער האָט זיך געקליבן גיין אויף די טריקן-פּלעצער. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך צונויפֿגעקליבן אויף דעם קליינינקן קאָפּ אַ גאַנצע חבֿרה. די באָראָנעסע האָט מיך באַדאַנקט דערפֿאַר, וואָס איך האָב דערציילט אירע קינדער וועגן

דעם ים־שטערן און די פייגל. נאָכדעם האָט זי זיך געווענדט צו הארטוויגסענען און די גאַנצע צייט מיט אים גערעדט. ראָזע איז געשטאַנען און שווייגנדיק געהערט. נאָכדעם האָט זי פון העפלעכ־קייט וועגן אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג צו זען מיינע צייכענונגען, אָבער קוקנדיק אין זיי, האָט זי, ווי איך האָב באַמערקט, נישט אויפגעהערט צוצוהערן זיך.

— ביי אייך זענען דאָ אַזוי פיל ענדערונגען! — האָט די באַראָנעסע געזאָגט. און דערנאָך: — איך בין דאָך געווען אַמאָל אין אייך פאַרליבט, הארטוויגסען. — האָט זי געזאָגט. און נאָך: — ס'הייסט, איך, די אלמנה, וואָס איז שוין אַריבער דרייסיק, מיט אַ גאַנצע כאָפּטע טעכטער...

זי האָט געטראָגן אַ ווייס קלייד, זי זעט אין אים אויס נאָך העכער און דינער, און דרייט זיך מיט דער גאַנצער פיגור, קוקנ־דיק אַמאָל אויף רעכטס, אַמאָל אויף לינקס, נישט ענדערנדיק די לאַגע פון די פיס. דאָס געזיכט איז ביי איר נישט געווען קיין שיינס: אַ קליינס און אַ טונקלס. אויף דער אויבערשטער ליפּ איז געלעגן ווי עפּעס אַ שאָטן. דערפאַר איז די פאָרם פון איר קאָפּ געווען גרויסאַרטיק. זי האָט אַראָפּגענומען דעם הוט.

— אַ כאָפּטע טעכטער! — האָט הארטוויגסען געלאַכט. — פונדעסטוועגן זענען זיי נישט מער ווי צוויי.

— איין פּאָר איבעריקע. — האָט זי געזאָגט.

הארטוויגסען איז אַביסל טעמפּלעך און גוטמוטיק. — ער רעדט ווייטער:

— בכן איז נישט מער ווי צוויי... לעת עתה. הא־הא! אי־בעריקנס, מירן נאָך זען, וואָס ווייטער וועט זיין.

די באַראָנעסע לאַכט:

— איר לייגט אויף מיר נישט קיין שלעכטע האָפנונגען, — הער איך.

ביי ראָזען לייגט זיך אויס צווישן די ברעמען אַ קנייטשל, און איך פרעג ביי איר, כדי עפּעס צו זאָגן:

— מיר ווילט זיך מיין צייכנונג נישט פאַרדעקן מיט פאַרבן,

איך בין נישט אזוי שטארק אין קלאָרים. אפשר איז בעסער אי-בערצולאָזן די צייכנונג, ווי זי איז?

— געוויס, מיר דאכט אויך אזוי. — ענטפערט זי צעשטרייט און הערט זיך איין, וואָס די באראָנעסע רעדט.

איך האָב שוין געבראכט א ביישפּיל דערפון, וואָס די באַ-ראָנעסע האָט געפּלוידערט. אָ, זי האָט, אגב, נאָך פיל זאכן אזעל-כע געזאָגט — פארשידענע לעבערלעבע קליינקייטן. איך רעד אפשר אויף איר רכילות, אַרויסרייסנדיק נאָר עטלעכע ווערטער אירע פון דעם גאנצן שמועס. זי האָט אויסגעוויזן אזא הילפלאָזע און האָט אזוי פארלוירן געשמייכלט, ווען זי האָט פון היציקייט ארויסגעפלוידערט עפּעס א נארישקייט. זי האָט זיך, אפנים, אזוי געשעמט. דאָס אלץ איז געווען נישט גוט, און זי אליין איז אפשר אויך געווען נישט קיין גוטער מענטש, אָבער זי איז געווען אומ-גליקלעך. אלע אירע איברים זענען געווען אזעלכע בויגעוודיקע. זי האָט צונויפגעלייגט די הענט און נאָכדעם אויפגעהויבן זיי אי-בערן קאָפּ. דעמאָלט זענען אירע הענט געווען איבער איר ווי א געוועלב, פון וועלכן זי האָט רעדנדיק מיט עמעצן זיך ארויסגע-זען. דאָס איז געווען זייער שיין.

## V

הארטוויגסען האָט באקומען אן איינלאדונג קיין סירילונד אויף דער פייערונג לכבוד דער באראָנעסעס קומען, און אין דער איינלאדונג איז געווען דערמאָנט, אז ער זאָל מיך אויך מיט זיך ברענגען. איך האָב גוט פארשטאַנען, אז איך האָב נישט קיין זאכן, וואָס זאָלן פּאסן פאר אזא יום טוב, און געוואָלט בלייבן אינדער-היים. הארטוויגסען האָט מיך פארזיכערט, אז מיינע קליידער זע-נען גענוג אָנשטענדיקע, אָבער אין דער פראגע בין איך געווען קאָמפּעטענטער פאר אים. מען האָט מיך אלץ אויסגעלערנט אין מיין ליבער משפּחה.

הארטוויגסען האָט געוואָלט וואָס שענער אָנטון זיך לכבוד

דער באַראַנעסע. ער האָט זיך אַמאָל אין בערגען געקויפט צו דער חתונה אַ פראַק-אַנצוג, איצט האָט ער עס דאָס ערשטע מאָל אָנגעטון. אָבער דער דאָזיקער מין בגד האָט אים נישט געקליידט. אפשר האָט ער גאָר דעם דאָזיקן בגד גראָד איצט נישט געדאַרפט אָנטון, אויב נאָר ראָזע האָט פון אים געוווּסט. אָבער אים איז דאָס, אפנים, אפילו אויפן זינען נישט געקומען.

ער האָט מיר אויך פאָרגעלייגט זיינע בעסטע קאָסטיומען, אָבער זיי זענען אַלע פאַר מיר געווען צו גרויס. ווייל איך בין געווען אַ סך מאָגערער. דעמאָלט האָט האַרטוויגסען אויסגעטראַכט, איך זאָל אָנטון זיין מאַרינאַרקע אויף מיין אייגענער. — „אַזוי וועט איר אפילו באַקומען אַ פיל חשובערן אויסזען". — האָט ער געזאָגט. איך האָב מיך שפּעטער דערוווּסט, אַז לויט די אָרטיקע מנהגים טוט מען אין די היגע מקומות אָן צוליב שיק צוויי מאַרינאַרקעס פאַר אַמאָל, איינע אויף דער אַנדערער. אפילו אין וואַרעמע זומערדיקע טעג פלעגן לייטן גיין אָנגעטון אין צוויי מאַרינאַרקעס.

אַז האַרטוויגסען איז אַוועק, בין איך אַביסל אַרומגעקראָכן איבערן זאַמד, נאָכדעם האָב איך מיך אומגעקערט אַהיים כּדי צו זיין איינער אַליין. אַזוי איז אַריבער אַביסל צייט. איך האָב אַ ווײַלע געלייענט, אַרומגעקוקט מיין ביקס, ערשט פלוצלינג האָט מען אָנגעקלאַפט אין טיר, און ראָזע איז אַריין.

זי איז דאָ קיינמאָל נישט געווען, זינט איך בין געקומען צופאָרן, אַזוי אַז איך בין אויפגעשטאַנען אַביסל אַ פאַרוווּנדערטער פון איר קומען. ווייזט זיך אַרויס, אַז מען האָט אויף איר אַרויפגעלייגט די מיסיע אַראָפּצוברענגען מיך קיין סיריקונד. וויבאַלד זי האָט אויף זיך גענומען אַזאַ טרחה, האָט מיר שוין נישט געפאַסט אָפּצוזאָגן זיך. איך האָב מיך אַנטשולדיקט פאַר מיין קאָסטיום, כ'בין אָבער גלייך אַרויס, אַביסל צו ברענגען זיך אין אָרדנונג. איך האָב באַמערקט, אַז ווי נאָר ראָזע איז אַריין, האָט זי גלייך גענומען אַרומקוקן זיך, אויספאָרשנדיק די כּלי בית ביי האַרטוויגסענען אין שטוב, און בכּלל זען, ווי האָט ער זיך איינגעאָרדנט. ווען איך האָב מיך צוריקגעקערט, האָב איך זי געכאַפּט

אויף דעם, ווי זי האָט עפּעס צוגעקליבן אין בופעט.

— אַנטשולדיקט, — האָט זי געזאָגט שטאַרק מטושטש — איך האָב נאָר געוואָלט... דאָס איז סתּם אַזוי זיך...

און מיר האָבן זיך אָוועקגעלאָזן קיין סירילונד.

אויף דעם דאָזיקן מיטאָג, געדענק איך, זענען געווען עטלעכע סוחרים פון די שכנישע דערפער; זיי האָבן געטראָגן צוויי מאַרינאַרקעס, די ווייבער האָבן אויך געהאַט אויף זיך עפּעס פיל אָנגעטון. דאָ איז אויך געווען דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם מיט זיין ווייב, און ראָזעס עלטערן, די פּאַסטאָר-פּאָר פון דער שכנישער פּאַראַפיע. זייער פאַמיליע איז געווען באַרפוד. דער פּאַסטאָר איז געווען אַ שטאַרקער שיינער מאַנספּיל — אַ יעגער און אַ חיות-פאַנגער. מיר האָבן זיך פונאַנדערגערעדט וועגן די קאַפּן און וועגן די פעלין. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך: אַמאָל ווען עס איז, ווען ראָזע וועט גיין אַהיים דורך דעם קהלשן וואַלד, זאָל איך גיין מיט איר צוזאַמען.

מאַק האָט געהאַלטן אַ קליינינקע רעדע לכבוד זיין טאָכטער, וועלכע איז געקומען צופאָרן אַהיים. פיל מענטשן קענען רעדן מיט שטאַרקע אויסדרוקן, און פונדעסטוועגן, ווירקט זייער רעדע אויף קיינעם נישט. מאַקס רעדע איז געווען נישט רייך אין ווערטער, אָבער זי האָט געמאַכט אַ רושם. ער איז געווען זייער דערצוויגן. ער האָט גערעדט און געטון דאָס, וואָס עס איז געווען נויטיק, נישט מער און נישט ווייניקער. די טאָכטער איז געזעסן, אויסגעשטעלט די אויגן ערגעץ פאַרביי אונז אַלעמען. דער דאָזיקער בליק האָט דערמאָנט אַ קאַלוזשקעלע אין וואַלד, וועלכע ליגט זיך און „קוקט". ס'האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט אין גאָרנישט נישט געפונען קיין וואַרעמקייט. מאַניערן זענען ביי איר געווען סאַמע אומגלויבלעכע. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זי איז אויסגעוואַקסן און האָט געגעסן נישט אַנדערש ווי אויפן קיך, און פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון די געוווינהייטן, וואָס זי האָט דאָרט באַקומען. אָ, זי האָט דאָס אַלץ געטון, מסתּמא, מחמת גרינגשעצונג צו אונז. מיר אַלע זענען פאַר איר געווען אַזוי גלייכגילטיק! איך וועל פאַרשרייבן עטלעכע

מערקווירדיקע זאכן, וועלכע זי האט אפגעטון. באמת, זי האט גע־האט א גאנצע סיסטעם ארויסצוווייזן איר אומדערצויגנקייט, און זי איז דאך געווען א בארא̈נעסע! זי האט גלייך געפונען עפעס אזוינס, מיט וואס זי האט גענומען רייניקן די נעגל. איר שכן, דער פא־סטאר בארפוד, האט עס דערזען און גלייך אפגעקערט די אויגן אן א זייט. נעמענדיק עפעס אין מויל אריין, האט זי ארויפגעלייגט די עלנבויגנס אויפן טיש. אז זי האט עפעס געטרונקען, האב איך אפילו אריבער דעם טיש געהערט, ווי דער וויין האט געבולקעט ביי איר אין האלז. זי האט דאס גאנצע פלייש אנגעשניטן אויפן טעלער, איידער זי האט עס אנגעהויבן עסן. ווען מען האט דער־לאנגט קעז, האב איך באמערקט, ווי זי האט יעדעס מאל אנגע־שמירט פוטער גראד אויף דעם ארט, פון וועלכן זי האט ערשט אפגעביסן! ניין, איך האב אינדערהיים קיינמאל אזעלכע מיאוסע זאכן נישט געזען. און נאכן עסן איז זי געזעסן, לייכט גרעפצנדיק און אנגעבלאזן די באקן, פונקט ווי דאס עסן איז איר געקראכן צוריק.

נאך מיטאג האט זי געשמועסט מיט הארטוויגסענען, און איך האב געהערט, ווי זי האט אים דערציילט, אז זי האט געשוויצט ביים טיש, און דערביי איז זי נישט רויט געווארן! לכתחילה האב איך א טראכט געטון: דער מאנגל אין געבילדעטער געזעלשאפט האט פון איר זייט ארויסגערופן אזא גוזמאדיקע צעלאזנקייט. הארט־וויגסען, וואס האט פון קיין בעסערס נישט געוווסט, האט זיך אויך געקאנט פיל ערלויבן, אויף קיין האר נישט באליידיקנדיק זי. אין יעדן פון די פיר ווינקלען פון די צימערן איז געשטאנען איין גרויסער זילבערנער כרוב מיט א קאנדעלאבר אין האנט. הארט־וויגסען האט פילבאדייטיק געזאגט:

— איך זע, אז די מלאכימלעך האבן זיך צוריק אראפגע־לאזט אויף דער ערד.

— יא, — האט די בארא̈נעסע געענטפערט לאכנדיק — דער אלטער טאטענקע מיינער האט מיט עטלעכע יאר צוריק באפוצט מיט זיי זיין בעט. נאר די ווייסינקע מלאכימלעך, האט זיך ארויס־געוויזן, זענען דארט נישט אויפן פאסיקן ארט.

מיט וואָס פאַרא לייכטקייט זי האָט אויסגעדריקט זאַכן שוין צופיל דייטלעכע! און איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, צוליב וואָס שטרייכט זי מיט איר גראָבקייט אונטער איר גרינגשעצונג צו אונז.

איך האָב פאַרבראַכט מיט די קינדער. זיי זענען געווען מיין שוץ און מיין טרייסט. זיי האָבן מיר באַוויזן זייערע צייכנונגען און זייערע ביכער, מיר האָבן געשפּילט אין גענזעלע אויף דעם שאָך-טאָוול. פון צייט צו צייט האָב איך מיך צוגעהערט, ווי די סוחרים האָבן גערעדט מיט מאַקן, באַמיענדיק זיך מיט אַלע מיטלען שטעלן אים צופרידן. צו קאַווע האָט מען אויף דער גרויסער וועראַנדע דערלאַנגט ליקער; ס'האָט, אגב, קיין זאַך נישט געפעלט. מאַק האָט אַרויסגעוויזן די גרעסטע פריינטלעכקייט צו אַלעמען, פאַר די מאַנסביל האָט מען דערלאַנגט לאַנגע ליולקעס, און די ווייבער זענען געזעסן שטילינקע, צוהערנדיק זיך, וואָס עס רעדן זייערע מענער. אַמאָל נאָר פלעגן זיי זיך אַ שעפּטשע טון צווישן זיך.

האַרטוויגסען האָט זיך אויך גענומען אַ ליולקע און אַ גלאָז. דער וויין, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען צו מיטאָג, האָט אים צוגעגעבן מוט, און איצט האָט אים דער ליקער גאָר אינגאַנצן פריי אויפגעעפנט דאָס מויל. אים האָט זיך, אפנים, געוואָלט באַווייזן פאַר דעם גאַנצן עולם פון די אַרומיקע דערפער, אַז ער שטערט זיך לגמרי נישט ביי מאַקן און אַז ער נעמט זיך וועלכע ליולקע ער וויל, און פאַרנעמט וואָסער אָרט ער וויל, אַזוי ווי ער וואָלט אויסגעוואַקסן פונקט אין אַזאַ סביבה. דאָס איז געווען אַ קינד. נאָר ער איינער איז געווען אין אַ פראַק, אָבער ער איז אין אים אַרומגעגאַנגען, ווי ס'וואָלט אים גאָרנישט געאַרט, און פון צייט צו צייט אָפּגעטרייסלט די לאַצן. כאָטש ער איז געווען מאַקס שותף און דערצו זייער רייך, פונדעסטוועגן האָבן די קליינע סוחרים געהאַט מער דרך-ארץ נישט פאַר אים, נאָר פאַר מאַקן.

— וואָס נוגע צו פרייזן אויף מעל און אויף תבואה, באַקומען מיר דאָך ס'דאָזיקע גוטס פראַנקאָ. דער רום פאַרקויפט תיכּף,

אַבי נאָר באַקומען מזומן, און מיר פירן אַרויס סחורה אַ קיילעכיק יאָר, צו יעדער צייט.

דער סוחר קוקט אויף מאַקן, נאָכדעם אויף הארטוויגסענען אין פרעגט איידל:

— אָבער דער פּרייז בײַט זיך דאָך פונדעסטוועגן. ווען זשע מאַכט עס אויס ביליקער אויפן זאַק?

מאַק האָט באַמערקט, אַז דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם זיצט נאָך אַלץ אין עס-צימער, און איז גלייך אַוועק ברענגען אים אויף דער ווערענדע צו דער קאַווע.

געבליבן אַליין, האָט הארטוויגסען דער סוחר אַלץ דער־קלערט אויף זיין שטייגער:

— אין אַזאַ גרויסן לאַנד איז פאַראַן פיל סיבות, צוליב וועלכע די פּרייזן אויף תבואה וואַקלען זיך. אין אַ רעגנדיקן יאָר — געוויסערן, די וועגן ווערן אָפּגעשווענקט, דער פּויער קאָן נישט צופירן קיין תבואה אין שטאָט אַריין. דעמאָלט שטייגן אין ארכאַנ־געלסק די פּרייזן.

— ווונדערלעך! — האָט דער סוחר געזאָגט.

— אַזוי איז די מעשה מיט ווייץ, — זאָגט הארטוויגסען, דער־פילנדיק אַ טעם אין דעם שמועס — און פונקט די זעלביקע סיבות ווירקן אויף די פּרייזן פון קאָרן.

און ווען צום טיש איז צוגעקומען די באַראָנעסע און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, איז הארטוויגסען געוואָרן נאָך רעדעווי־דיקער.

— נו, מיר באַקומען דאָך טעלעגראַמעס. ווי נאָר ווייץ און קאָרן וכדומה סחורות הויבן אָן צו שטייגן אין פּרייז, דאַרף מען תיכּף ומיד אָפּאַרבעטן דעם עסק און קויפן.

הארטוויגסען איז געווען נישט קיין געלערנטער מענטש, אָבער אין אים איז געווען אַזויפיל גוטמוטיקייט און פּשטות, אַז מיט אים איז אַ שמועס שטענדיק געגאַנגען גלאַט. ווען אין דער נאָענט איז נישט געווען קיינער, פאַר וועמען ער זאָל זיך שטערן, איז ער געוואָרן אַלץ זיכערער אין זיך, האָט פאַרגעסן צו היטן זיך, ווי ער רעדט, און גענומען רעדן ווי זיינע דאָרפסלייט. דער

הויפּט־צוהערער זיינער, דער סוחר פון די ווייטע שכערן, וואָס האָט מיט אים אַזוי איידל גערעדט, האָט ווידער געזאָגט:

— יאָ, יאָ! אַז איר קעניגט דאָך דאָ איבער אונז אַלעמען מיט דעם סצעפּטער אין דער האַנט.

אָבער איצט איז דאָ געווען די באַראָנעסע, און דעריבער איז האַרטוויגסענס בליק אויף זאַכן געוואָרן אַ ברייטערער.

— יאָ, ווער עס איז אַרומגעפאָרן און האָט זיך אָנגעזען דאָס און יענץ, האָט געזען בערגען און ענלעכס דערצו, יענער ווייסט וואָס פאַר אַן אָרט ער פאַרנעמט.

— אָ! — האָט אַ צווייטער סוחר אויסגעשריגן און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ פאַר אַ סימן, אַז האַרטוויגסען האָט געזאָגט אַ פיינעם וויץ.

די באַראָנעסע האָט אויך אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און האָט געזאָגט אויסדרייענדיק זיך צו אים מיטן פּנים:

— ניין, האַרטוויגסען. נישטאָ קיין שום ספק, אַז דווקא איר קעניגט מיטן סצעפּטער.

— אָ, איר טראַכט גאָר אַזוי! — האָט ער געענטפערט מיט דאַנקבאַרקייט. אָבער כּדי כאָטש אַביסל נאָכצוגעבן איר, האָט ער נאָך געזאָגט: — פונדעסטוועגן, קאָן איך אייך דערייסט זאָגן, אַז אין בערגען זענען פאַראַן גאַנצע טויזנטער אַזעלכע ווי איך

— אָ! — האָט דער סוחר ווידער אויסגעשריגן. ער האָט געזען, אַז האַרטוויגסענס שאַרפזיניקייט האָט קיין שיעור נישט.

ראָזע שטייט אין זאַל. איך גיי צו איר צו און מאַך זי אויפמערקזאַם אויף דעם גלעזל וויין, וואָס זי האָט איבערגעלאָזן אויפן טיש. דאָס צימער איז אַזוי ליער, אין דער טיף פונם צימער שטייט נאָר ס'איינציקע גלעזל: אַזאַ טונקל־רויטס און איינזאַמס, פונקט ווי אַ פלאַמענדיקס.

— יאָ.—האָט ראָזע מער נישט געענטפערט, און אירע געדאַנקען זענען ערגעץ ווייט. זי איז געווען אַפּנים, אייפערזיכטיק צו איר פריינדין, דער באַראָנעסע, און האָט געטראַכט ערנסט וועגן איבערקלייבן זיך און באַלעבאַטעווען ביי האַרטוויגסענען אין הויז. זי האָט זיך געדרייט אַרום דעם קאַווע־טיש אויף דער וועראַנדע און איז ווי־

דער אַוועק, נישט געפינענדיק זיך קיין אָרט.

הארטוויגסען האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט גאָר זיין גוט־מוטיקייט:

— זעצט זשע זיך צו, ראָזע, כ׳בעט אייך, פּאַרוואָס זאָלן מיר צוזאַמען נישט פאַרברענגען ביי אַ גלעזל משקה?

זי האָט געטון אַ שמייכל, און ס׳איז געווען קענטיק, אַז ס׳איז מיט איר געשען עפּעס וווּנדער: זי האָט זיך פאַרליבט אין הארטוויגסענען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט.

און איך האָב גענומען גיין איבער דער וועראַנדע. נאָכדעם בין איך אַרויס אויף דער פרייער לופט. ס׳איז דאָ געווען אויף וואָס אַ קוק צו טון. אין אַ שעה אַרום האָב איך מיך צוריקגעקערט. אויפן טיש איז שוין געשטאַנען טאָדי. מאַק האָט כמעט נישט געטרונקען. הארטוויגסען האָט געטרונקען אפשר נישט מער פון אים, נאָר ביי־דע האָבן פלייסיק געקלאַפּט די גלעזלעך מיט די געסט. די שטי־מונג האָט זיך אומגעביטן. איינער פון די סוחרים האָט געפרעגט ביי דעם צווייטן, וויפל דער זייגער. היות ווי יענער, ביי וועלכן מען האָט געפרעגט, האָט זיך באַמיט אַריבערצוגיין אויף עפּעס אַנדערש, האָט מאַק מיט גרויס טאַקט געזאָגט: — „גאָר אינגאַנצן דריי נאָך מיטאָג!" אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער סוחר ווידער געפרעגט ביי זיין חבר: — „וויפל איז אויף דיין זייגער?" יענער איז געזעסן, ווי אויף שפּילקעס. ער איז געווען שוין אַ באַיאָרנטער מענטש און איז רויט געוואָרן, ווי אַ בורעק. אָט סאַראַ קינדער עס זענען געווען די דאָזיקע צפון־לייט! דער דאָזיקער סוחר האָט געפּראַנטעוועט אין אַ גרויסאַרטיקער האָר־קייטל מיט אַ גאָלדן שלעסעלע, נאָר קיין זייגער האָט ער נישט געהאַט! אוי דער חבר זיינער האָט אים דערפאַר געוואָלט פאַרשעמען.

דעמאָלט איז פאַרביי דער וועראַנדע דורכגעגאַנגען דער העקלמאַכער, און מיר האָבן דערהערט אַ פישטשעריי פון פייגל. מאַק האָט צו אים אַ ווונק געטון, ער זאָל צוגיין, און פאָרגעלייגט אים אַ שטול און אַ גלעזל טאָדי. יענער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט אונז, פאַרשטעלנדיק אַ וואַלד, אַ פולן מיט זינג־פייגל. נאָר דערביי איז ער געזעסן, ווי נישט אים מיינט מען, מיט גאָר אַ

תמימותדיקן אויסזען, באַטראַכטנדיק די קאָלירטע שויבן פון דער וועראַנדע.

נאָכדעם האָט ראָזע געשפּילט אויף דער פּיאַנינע. זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַרויקן. זי האָט זיך יעדע רגע אַרומגעקוקט אויף דער גזועלשאַפט, וואָס איז געבליבן אויף דער וועראַנדע.

— ניין, אויב איר ווילט נישט הערן, וועל איך אויפהערן שפּילן! — האָט זי געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען.

און בלויז דערפאַר, וואָס די באַראָנעסע מיט האַרטוויגסענען זענען געזעסן נאָענט איינע פון די אַנדערע און האָבן, קאָן געמאָלט זיין, אַביסעלע זיך געסודעט!

דעמאָלט בין איך ווידער אַרויס אין סאָד. איך האָב מיט זיך גענומען די לאַנגע שפּאַקטיווע, אָנגעשטעלט זי און אָנגעהויבן נאָכשפּירן די אַרבעט אויף די טריקן-פּלעצער.

# VI

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך דערזען ראָזען, וועלכע איז געגאַנגען צום האַפן. זי איז געגאַנגען, אַפּנים, נישט געשעפּט-לעך, נישט געאײַלט זיך, אַזוי ווי אויף אַ שפּאַציר. „זי גייט בפירוש אַהין מיט דער האָפענונג צו באַגעגענען זיך מיט האַרטוויגסענען",— טראַכט איך מיר. איך האָב גראָד געקאָנט זיין רויק, אַז אַ געוויסע צייט וועט מיר אינדערהיים קיינער נישט שטערן די רו, און דעריבער האָב איך מיך גענומען פאַר אַן ענין, וועגן וועלכן איך האָב קיינעם נישט געוואָלט דערציילן, מחמת איינגליבע און גאווה; אָ, ניין, ביז אַ צייט — קיינעם נישט. איך וועל נאָכדעם דערציילן, וואָס דאָס איז אַזוינס געווען.

נאָר איך בין אַליין אויך געווען נישט רויק, מיך האָט צעדודערט ראָזעס שפּאַציר צו דעם האַפן. כדי צו באַרויקן זיך,

האָב איך באַשלאָסן דורכצופאָרן זיך אויף אַ שיפל צו די טריקן־פלעצער. אָבער דאָס שיפל איז דאָך אויך געווען אין האַפן. אַך, אפשר דערפאַר האָט זיך עס מיר געוואָלט דורכפאָרן זיך אויף אַ שיפל, ווייל זי איז געווען ביים האַפן?

— אָט איז ער אויך! — האָט געזאָגט הארטוויגסען, ווען איך בין צוגעגאַנגען צום האַפן. — לאָמיר אים פרעגן!

— ניין!... — האָט ראָזע אויסגעשריגן מיט געבעט און איז צוליב עפּעס רויט געוואָרן.

איך בין געשטאַנען ביי אַ רגע, אויסוואַרטנדיק, נאָר ווייבאַלד זיי האָבן מער גאָרנישט נישט גערעדט, האָט מיר נישט געפּאַסט לענגער צו פאַרבלייבן. איך האָב אָפּגעבונדן דאָס שיפל און בין אַוועקגעפאָרן.

נאָך מיטאָג האָט הארטוויגסען געגומען צושטיין צו מיר, איך זאָל ביי אים פאַרבלייבן דעם גאַנצן זומער. ער האָט געהאַט פיל אַרבעט פאַר מיר, און ער וויל מיך בעטן אויסלערנען אים פיל זאַכן, אַזוי אַז איך זאָל פאַר אים ווערן ווי אַ מין לערער אין פיל הינזיכטן. ער האָט מיר אַפילו דערקלערט, אַז ראָזע וועט אפשר צו אים אַריבערפאָרן און פאַרנעמען זיך מיט זייןווירטשאַפט, אויב מיר וועלן זיין זאַלבענאַנד, און ער וועט נישט זיין דער איינציקער מאַנסביל, מיט וועלכן זי וועט דאַרפן האָבן עסקים. איך האָב מסכים געווען אויף אַלע זיינע פאָרשלאַגן און בין פון זיי געווען זייער צופרידן.

אין אָוונט איז הארטוויגסען אַוועק קיין סירילונד, און נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען, איז ער עטלעכע שעה געווען זייער פאַרטראַכט. נאָכדעם האָט ער אָנגעטון דעם הוט און האָט זיך ווידער אַוועקגעלאָזן קיין סירילונד

ער האָט זיך געהאַלטן אַזוי מאָדנע. זיכער, אַז ער האָט אויפן וועג באַגעגנט די באַראָנעסע און ס'קאָן זיין, אַז איינציקע ווערטער אירע האָבן אויף אים אַזוי געווירקט. איך האָב זיי געזען אויפן זאַמד האַלב צוויי ביינאַכט. און פון דאָרטן זענען זיי אַוועק פאַזע דעם ברעג צו דעם קהלשן וואַלד. „וואָס וואָלט ראָזע דערויף געזאָגט?" — האָב איך אַ טראַכט געטון. און וואָס האָט

אין זינען געהאַט מאַקס טאָכטער? זי איז דאָ געווען אַ פּערזאָן אַן אָנגעזעענע מער פאַר אַלעמען: אַ בּאַראָנעסע אין אַזאַ פאַרוואָרפן ווינקל. זי האָט געהאַט אַ קליין אָריגינעל קעפּל אויף אַ בייגעוודיקן קערפּער און דערצו האָט זי נאָך, ווייזט אויס, געהאַט אַנדערע פאַרבאָרגענע מעלות.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז פאַרביי, און ראָזע האָט זיך נישט באַוויזן. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז האַרטוויגסען איז געווען דערצו גלייכגילטיק.

— ווען זשע וועט ראָזע קומען צו פאָרן? — האָב איך געפרעגט, און אַליין געהערט, ווי מיין האַרץ קלאַפּט.

— איך ווייס נישט. — האָט האַרטוויגסען געענטפערט פאַרטראַכטערהייט.

איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבן לערנען מיט אים אָרטאָגראַפיע. אין חשבון איז ער געווען שטאַרק און פעסט, אַזוי אַז ער האָט געוווּסט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט נויטיק. ער פלעגט זיך אין אַלץ אַריינטראַכטן און האָט געהאַט אַ גוטע השגה. היות ווי מיר האָבן נישט געהאַט קיין ביכער, איז מיר אויסגעקומען מינדלעך דערציילן אים ביסלעכווייז וועגן נאַפּאָלעאָנס לעבן און וועגן דער געשיכטע פון דער מלחמה פאַר דער באַפרייונג פון גריכנלאַנד. נאָר מער פאַר אַלץ איז אים און מיר געפעלן געוואָרן, וואָס איך קען שפּראַכן, מחמת איך האָב געקענט איבערלייענען די אויפשריפטן אויף פאַרשידענע אויסלענדישע סחורות, וואָס מען האָט אים געבראַכט אין קלייט, למשל, אויף שפּולקעס פאָדים, אָדער אויף באַוולנע סחורות פון ענגלאַנד. דאָס האָט ער זיך אַליין אויך שנעל אויסגעלערנט, ווייל זיין קאָפּ איז פריער מיט גאָרנישט געווען פאַרשטאָפּט און איז געווען אַ קרקע-בתולה.

— ווי וואָלט געווען, ווען איך וואָלט געהאַט אַ ביבל אויף דער אַלט העברעישער שפּראַך — וואָלט איר זי געקענט לייענען? — האָט ער געפרעגט.

און ער האָט באַשלאָסן קויפן זיך אין בערגען אַן אַלט-העברעישע ביבל.

איך האָב באַגעגנט אויפן וועג ראָזען. זי, וואָס האָט זיך

פריער אויסגעצייכנט מיט אזא מערקווירדיקער איינגעהאלטנקייט אין באגיין זיך מיט מענטשן, האט אליין מיך אפגעשטעלט און געפרעגט מיט א געצוווּנגענעם שמייכל:

— נו, ווי לעבט זיך אייך דארט זאלבענאנד אין שטוב? איך בין געווען אזוי פארוווּנדערט! כ'האב געענטפערט:

— נישקשה, אדאנק אייך. נאר מיר ווארטן אויף אייך.

— אויף מיר! אָ, ניין, איך וועל אפשר גאר אוועקפארן אהיים אין דער פאראפיע, אפשר נאך אפילו די נאָענטע טעג.

— איר וועט דען נישט אריבערקלייבן זיך צו אונז?

— ס'ווייזט אויס, אז נישט. — האט זי געענטפערט.

איר מויל איז געווען גרויס און העל רויט. עס האט לייכט א ציטער געגעבן, ווען זי האט געטון א שמייכל, און איז אוועק. איך האב איר געוואלט דערמאנען, אז איר פאטער האט מיר געזאָגט, ווען ער האט מיך איינגעלאדן, איך זאל זי באגלייטן אהיים; אָבער איך האב מיך, דאנקען גאָט, איינגעהאלטן און נישט געזאָגט.

אינגיכן איז קלאר געווארן, ווי גוט איך האב געטון, וואס כ'האב דאס פארשוויגן: אין אוונט איז ראזע געקומען צו בענאָנים הויז, און איך האב געזען, ווי זי האט געליטן דערפון, וואס זי האט ארויסגעוויזן אזוי ווייניק שטאלץ. זי איז דאך געקומען פשוט טאקע געשעפטלעך: זי האט געוואלט אומקערן האַרטוויגסענען דעם גאָלדענעם צלם, וואס ער האט איר געשענקט, ווען זי איז געווען זיינע א כלה. דעם רינג — אויך זיין מתנה — האט זי, צום באַדויערן, פארלוירן. זי בעט אנטשולדיקן איר דערפאר!

— דאס איז גאָרנישט! — האט האַרטוויגסען געענטפערט פארוווּנדערט און גענעדיק.

— אָ, ניין, דאס איז זייער נישט גוט, — האט ראזע געזאָגט — חוץ דעם האב איך נאך געפונען א בריוו. דאס איז פון אייך. דאס איז נאך פון די לאפאדענס.

דאס אלץ איז געטון און געזאָגט געווארן, איידער איך האב נאך באוויזן אפצוטרעטן אן א זייט. ראזע איז געווען אזוי צערודערט, און זי האט זיך געשטיקט מיט די ווערטער. און האַרט־

וויגסען האָט עס אַלץ אָנגענומען מיט וווּנדערלעכער רויקייט. איך האָב נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוזאָגן הינטער דער טיר, האָב איך שוין דערהערט, ווי ער האָט געזאָגט:

— אָך, דאָס איז דער אַלטער בריוו? ער איז אוודאי שרעקלעך סיי אין דער הינזיכט פון אָרטאָגראַפיע, סיי אין...

ראָזע איז געבליבן אין הויז נישט לאַנג. איך האָב געזען, ווי זי איז אַרויס, אינגאַנצן איינגעהויקערט, גאָרנישט זעענדיק, גאָרנישט הערנדיק. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, וויפל האָט עס איר געקאָסט—לאָזן זיך אויף אַזעלכע דערנידערונגען!

אויפן צווייטן טאָג איז זי ווייטער געקומען! מיר איז געווען אַ שרעקלעכער פּאַרדרוס פאַר איר, און שווער צוצוקוקן ווי זי איז צורודערט, אונטער די אויגן איז בײַ איר געוואָרן טונקל, זי האָט, אַפּנים, די נאַכט נישט געשלאָפן. אירע ליפּן האָבן קרענקלעך געגלאַנצט.

— ניין, איר דאַרפט נישט אַוועקגיין, — האָט זי צו מיר געזאָגט. זי האָט זיך געווענדט צו האַרטוויגסענען און געפרעגט:

— איר האָט עמעצן געפונען פאַר דער ווירטשאַפט?

— ניין. — האָט ער געענטפערט נישט געאײַלט און גלײַכגילטיק.

— וואָלט איך אפשר געקאָנט. — האָט זי ווייטער געפרעגט. ער האָט ווידער געענטפערט נישט געאײַלט און גלײַכגילטיק.

— יאָ, יאָ, אָבער איך ווייס נישט...

— יאָ, האָט איר זיך אפשר איבערגעלייגט, אַז נישט?...

ער האָט, אַפּנים, דערפילט, אַז ער האָט באַקומען די אויבערהאַנט איבער איר. ער האָט פּלוצלינג געזאָגט אָן רחמנות און ברוטאַל:

— ניין, דאָס האָסטו אַמאָל זיך איבערגעלייגט אויף נישט! אויב דו געדענקסט נאָר!

זי האָט פאַרשוויגן, אַלץ נידעריקער און נידעריקער אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, און שטילינקערהייט געזאָגט:

— יאָ, יאָ! — און איז אַרויס.

זי האָט זיך אפילו נישט צוגעזעצט אויף אַ שטול און נישט אראָפּגענומען די הענט פון דער קליאַמקע פון טיר.

איך בין ארויס גלייך נאָך איר, האָב מיך פארשטעקט אין דעם ווייטסטן ווינקל פונם שפייכלער, געשטעלט זיך אויף די קני און גאָט געבעטן פאר דער אומגליקלעכער. דערנאָך האָט מיך די אומרויקייט פארטריבן קיין סירילונד, אין קלייט, אויף דער מיל, דערנאָך ווידער אין קלייט. הארטוויגסען האָט געזאָגט, ווען איך האָב מיך צוריקגעקערט אהיים, אונטצייט שוין

— איך קלייב מיך ביידערנאַכט אויף אַ ווײַלע כאַפּן פיש. היט דאָ דערווייל צו די שטוב.

ער האָט געשפּאַסט און איז געווען אין אַ באַזונדער מין דערוואַרטונגס-שטימונג, — האָט אָפּט געקוקט אויפן וועג.

דעמאָלט בין איך ווידער אוועק קיין סירילונד, כדי נישט צו זיין דערביי, ווען הארטוויגסען וועט אוועק פאנגען פיש... ער וועט דאָך זיכער זיין נישט איינער אליין, איך האָב ארומגע-בלאָנדזשעט ווי אין חלום.

די נאַכט איז פארביי.

אויף מאָרגן זיצן מיר מיט הארטוויגסענען פארן שטוב און פלוידערן מכּוח דאָס און יענץ. האַלבער טאָג. איך געדענק, אז עס האָט נענומען שפריצן אַ רעגן. פלוצלינג קומט ווידער ראָזע צו גיין, שוין אַ דריטן מאָל. נאָר אינצווישן האָט הארטוויגסען דערווייל אַ גאנצע נאַכט פארבראכט מיט דער באראָנעסע. מיר האָט ער געזאָגט, אז ער גייט כאַפּן פיש, און אינדעראמתן האָט ער אין דער ווארעמער נאַכט שפּאַצירט אין וואלד.

ראָזע איז צוגעגאנגען מיט נישט קיין זיכערע טריט. איך האָב לכתחילה מורא געהאַט, אז זי האָט אויסגעטרונקען עפּעס אַ שטאַרקע משקה. מיר האָט זיך געוואָלט אריין אין דער ערד.

איך בין אויפגעשפּרונגען שוין ביי אירע ערשטע ווערטער:

— איך האָב מיך איינגענאַדעט צו אייך... יאָ, איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן?... דאָרט אין וואלד, יאָ!... יאָ אויף דעם שפּיץ-באַרג פון די ציטער-ביימער!

— נו, איז וואָס? — האָט הארטוויגסען פלוצלינג אַ פרעג

געטון, — מיר פאַרבריינגען דאָרט די צייט צוליב פאַרגניגן הענגן.

ראָזע האָט קרום אַ שמייכל געטון.

— זי זאָגט, אַז איר איז איבער דרייסיק. יאָ, איר איז ווירקלעך „איבער דרייסיק".

— איז וואָס? — פרעגט האַרטוויגסען. — וואָס גייט עס דיך אָן?

ראָזע קוקט אויף אים און פאַרטראַכט זיך. איך קוק מיך אַרום און זע, ווי זי פאַרטראַכט זיך. איך הער ווי זי זאָגט:

— זי איז דאָך פיל עלטער פאַר מיר!

און פלוצלינג פאַלט זי דאָ גופא אויף דער ערד און וויינט זיך פונאַנדער.

## VII

צוויי מעת-לעת האָט דער רעגן געגאָסן טאָג ווי נאַכט. און די שטאַקפּיש זענען געלעגן קופּעסווייז, צוגעדעקט מיט בעראָזענע קאָרע. די אַרבעט אויף די טרוקן-פּלעצער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דאָס וועטער איז געווען פינסטער אומאָנגענעם, דערפאַר זענען די פעלדער און די לאָנקעס פאַרוואַקסן געוואָרן געדיכטער און האָבן זיך געבוואַליעט פונם ווינט.

מאַק האָט פאַרגעלייגט איינשליסן האַרטוויגסענס נאָמען אין דער פירמע. מען האָט דערפאַר נאָר געדאַרפט באַצאָלן אַ געוויסע סומע. האַרטוויגסען האָט ביי מיר געפרעגט אַן עצה מכוח דעם, הגם ער האָט שוין זיכער וועגן דעם געהאַט פאַר זיך אָנגענומען אַ באַשלוס. איך האָב גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען אין די גרויסע געשעפטן פון קויף און פאַרקויף אויף דער וועלט און האָב אים קיין שום עצה נישט געקאָנט געבן. מאַקס נאָמען איז געווען אַן אַלטער באַרימטער נאָמען, און דאָס האָט זיין ווערט געהאַט. פון דער צווייטער זייט האָט האַרטוויגסען אַריינגעלייגט אין געשעפט זיין פּריוואַטע עשירות און זיין סאָלידקייט. איבעריקנס, אין דער ווירקליכקייט זענען זיי סיי ווי געווען שותּפים.

ער האָט עפּעס אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּירל, מיר באַוויזן און געזאָגט:

— אָט ווי דאָס דאַרף אויסזען. זאָל עס זיין ווי פּלומרשט אַן אַנדער, אַן אויסלענדישער נאָמען.

אויפן פּאַפּירל איז געשטאַנען: מאַק & האַרטוויטש.

איך האָב גלייך חושד געווען, אַז דער דאָזיקער טויש פונם נאָמען איז פאַרגעקומען נישט אָן דער באַראָנעסעס אָנטייל. האַרטוויגסען האָט פרעגנדיק אויף מיר געקוקט, כל זמן איך האָב געטראַכט און געלייענט די אויפשריפט. איך האָב דעם דאָזיקן מענטשן אויסגעלערנט אַ ביסל לייענען און שרייבן, אָבער צו-ווייניק, אָ, לגמרי צו-ווייניק. — נאָר לפנים וועגן, געגליכן צו יענעם קיימעלע אָן דעם זייגער. האַרטוויטש?... אָבער ראָזע האָט אים פונדעסטוועגן ליב געהאַט, וויבאַלד אַז זי איז געקומען צו אים און האָט זיך דערנידעריקט און געוויינט.

דריי מאָל איז זי געקומען. ווען זי איז געקומען דעם דריטן מאָל און איז געפאַלן צו דער ערד, איז האַרטוויגסען, אפנים, גערירט געווען. עפּעס אַזוינס פון די פריערדיקע געפילן האָט אין אים אַ שטראָם געטון פון דאָס ניי. חוץ דעם איז אים מסתמא געפעלן געוואָרן, וואָס ער האָט זיך געפילט ווי עפּעס אַ הערשער, וואָס שיר מען פאַרגעטערט אים נישט. ער איז ווייכער געוואָרן, געבעטן זי אויפשטיין און אַריינגיין מיט אים אין שטוב. דאָ זענען זיי געקומען צו אַ הסכם אין פיל זאַכן, יאָ, זיי זענען זיך אין פיל, פיל זאַכן דורכגעקומען. איך האָב מיך אומגעקערט אַ גוטע שעה נאָכדעם און האָב געפונען צווישן זיי אַ פולקאָמענעם שלום. איך האָב געקוקט אויף ראָזען מיט דער גרעסטער פאַרוואונדערונג. אויף איר געזיכט איז נישט געבליבן קיין שפור פון ליידן,—כּוויטער צופרידנקייט און רויקייט.

— וועסטו, הייסט עס, קומען די טעג? — האָט האַרטוויגסען זי געפרעגט, ווען זי האָט גענומען אַרויסגיין.

נאָר מיר האָט ער גאָרנישט נישט געזאָגט.

ראָזע איז געקומען. זי האָט פאַר אַ האַנט געפירט מאַרטען, דאָס קליין מיידעלע פון סטען דעם קלייט-משרת.

— אָט זענען מיר דאָ! — האָט זי געזאָגט שמייכלענדיק.

מארטע האָט געמאַכט אַ רעווערענס, ווי מען האָט זי אויסגעלערנט, נאָכדעם איז זי צוגעגאַנגען צו אונז, געגעבן די האַנט און ווידער געמאַכט אַ רעווערענס. הארטוויגסען האָט צו זיי ביידן געזאָגט:

— ברוכים הבאים!

אין דער דאָזיקער רגע זענען מיר, עמעצער שטייט אין הויף און קוקט אַריין צו אונז אין פענסטער. דאָס איז דער לאָפּאַר. דערזען אים, האָט ראָזע פארשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און אויסגעשריגן:

— אוי!..

— דאָס איז דאָך גילבערט! — האָט הארטוויגסען געזאָגט בארויקנדיק און אַ שמייכל געטון. — שטענדיק דרייט ער זיך דאָ אַרום, דאָ — דאָ, דאָ — דאָרט

ראָזע האָט געענטפערט:

— ער ברענגט מיר יעדעס מאָל אומגליק.

הארטוויגסען איז אַרויס. איך בין פארבליבן און האָב גע-פלוידערט מיט דעם מיידעלע. איך האָב גערעדט עטלעכע ווער-טער מיט ראָזען אויך, איך האָב גאָרנישט געפרעגט, נאָר זי האָט אַליין גענומען רעדן וועגן דעם לאָפּאַר גילבערטן.

— דאָס איז אַזוי מאָדנע. יעדעס מאָל, ווען איך קלויב זיך אַריבער, באַווייזט ער זיך פּלוצלינג. און יעדעס מאָל, ווען אין מיין לעבן קומט פאָר אַן ענדערונג, איז ער שוין אַנדערש נישט ווי דאָ.

היות ווי זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איבערקלייבן זיך און די ענדערונגען האָבן איר געבראַכט אומגליק, האָב איך שוין גאָרנישט געוואָלט פרעגן. איך האָב זי געבעטן שפּילן אַביסל אויף דער פאָרטעפּיאַן. מארטע, וואָס האָט קיינמאָל אַזאַ מוזיק נישט געהערט, איז צו איר אונטערגעגאַנגען, און געשטאַנען, קוקנדיק אויף איר מיט ברייט-געעפנטע אויגן. צייטנווייז האָט זי זיך אַרומ-געקוקט אויף מיר, ווי זי וואָלט געפרעגט, צי האָב איך ווען עס איז אַזוינס געהערט.

דאָ האָט זיך הארטוויגסען צוריקגעקערט. ער האָט זיך שטילינקערהייט אוועקגעזעצט און גענומען הערן. ער האָט, אפנים, דערפילט, אז א גוטער מלאך איז אריין צו אים אין שטוב, ווייל ער האָט קענען זיין געוווינהייט אראָפּגענומען דעם הוט און גע-האלטן אים אויף די קני. ער האָט אויך פון צייט צו צייט גע-קוקט אויף מיר און פילבאדייטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, און פון גאווה און וווּנדער הויך פארצויגן די ברעמען. ער האָט דוכט זיך מער געשעצט די מוזיק אויף זיין אייגענעם אינסטרומענט, איי-דער אויף מאקס אינסטרומענט.

איצט זענען מיר געוואָרן א גאנצע משפחה — פיר מענטשן, נישט רעכענענדיק די דינסט, וועלכע האָט ווי פריער געדארפט קומען טון די שווארצע ארבעט. ראָזע האָט פון דער היים באקו-מען אירע זאכן און האָט זיך איינגאנצן באזעצט ביי אונז. די קליינע מארטע איז מיט איר געשלאָפן ביי איר אין צימער. טעג זענען אוועק נאָך טעג.

די ערשטע צייט איז גאָרנישט געשען אזוינס, וואָס זאָל כדאי זיין צו באשרייבן. ס'איז געשען נאָר דאָס, וואָס ביי מיר האָבן זיך באוויזן מיינע קליינינקע פריידן און ליידן, דערהויפּט פריידן. ווען ראָזע האָט אָרויסגעטראָגן די טאָץ, האָב איך פאר איר געעפנט די טיר. אינדערפרי, ווען זי איז אראָפּ פון אויבן, פלעג איך איינגאַנצן אויסטון דעם הוט און נייגן זיך. קיין גרעסע-רע פריידן האָב איך נישט דערוואַרט, אגב, האָב איך זיי נישט פארדינט, — איך בין דאָך געווען א פרעמדער. איבעריקנס, אין אָוונט פלעגן מיר אָפט זיצן אין זאל און שמועסן, און ווען הארט-וויגסען פלעגט אנטשוויגן ווערן, פלעגט ראָזע אָדער איך אָנהויבן רעדן. יאָ, אָבער הארטוויגסען פלעגט אָפט גאַנצענע אָוונטן נישט אנטשוויגן ווערן, כדי נישט לאָזן מיר אָדער ראָזען צו רעדן. דאָס איז געווען א קינד. דעמאָלט האָט מען גאָרנישט נישט געקאָנט מאכן, סיידן זעצן זיך און שפילן אויף דער פאָרטעפּיאַן. זי האָט געשפּילט אפילו וווּנדערלעכע זאכן.

דאָס טעגלעכע באגעגענען זיך מיט ראָזען האָט פונדעסט-וועגן אויף דעם דאָזיקן מענטשן געווירקט נאָר אין דער

הינזיכט, וואָס ער איז געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער פאַר־זיכטיק אין זיין באַגיין זיך מיט ראָזען, און אַלץ מער אומגעשיקט. דאָס איז געווען אומאָנגענעם.

– און וואָס ועסטו זאָגן, אויב איך וועל צוריק אָנטון דאָס רינגעלע אויף דער רעכטער האַנט? – האָט ער ביי איר געפרעגט אין מיין אָנוועזנהייט און דערביי געלאַכט.

ער איז די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען מיט דעם גלאַטן גאָלדענעם רינג אויף דעם פינגער פון דער לינקער האַנט. דאָס איז געווען יענער אַמאָליקער קדושין־רינג. איצט האָט ער אים אי־בערגעטון אויף דער רעכטער האַנט, נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף אַן ענטפער. בלויזשט ס'איז אַליין פון זיך געווען פאַר־שטענדלעך, אַז זי איז דערויף מסכים. ער האָט ווייטער געזאָגט:

–און דיר וועל איך אומבאַדינגט קויפן אַ נייעם רינג אָנשטאָט דעם, וואָס דו האָסט פאַרלוירן.

זי האָט געענטפערט שטיל:

– איך קאָן דאָך קיין שום רינג נישט אָננעמען.

דעמאָלט האָט האַרטוויגסאָן געמאָלדן, אַז דער קעניג האָט מבטל געמאַכט די חתונה מיט עפּעס אַ ניקאָלאַיען פון דעם שמש־הויף.

– איך און מאַק האָבן מיר דאָס געשעפט אָפּגעמאַכט. נו, ס'פאַרשטייט זיך אַליין פון זיך אַז „איך און בענאָני" האָבן מיר אים געגעבן אָפּטרעטגעלט!

איך האָב באַמערקט, אַז ראָזע איז געוואָרן שטאַרק מבולבל, ווי פון אַ דונער, און האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול. איך בין אַרויס פונם צימער.

שפּעטער האָט מיר האַרטוויגסאָן געמאָלדן, אַז ער האָט אונטערגעקויפט ראָזעס מאַן, ער זאָל מסכים זיין צו געבן איר גט. דאָס האָט אים געקאָסט עטלעכע טויזנט דאָלאַר. אָבער ווי נאָר ניקאָלאַי פון דעם שמש־הויף האָט באַקומען דאָס געלט, האָט ער גלייך גענומען שיכורן אויף טויט. איצט איז ער שוין געשטאָרבן. „צי איז ער טאַקע באמת געשטאָרבן?" – האָב איך אַ טראַכט געטון.

אַזעלכע פֿאַלן האָבן מיר נישט פֿאַרשאַפֿט קיין שום פֿאַר-געניגן, און איך האָב אַפֿילו נישט איינמאָל געטראַכט פֿאַר זיך, אַז ראָזע וואָלט נישט געדאַרפֿט אַריבערקלויבן זיך אין דעם הויז. זי האָט זיך אַריבערגעקליבן מער נישט אויס קנאה צו דער באַ-ראָנעסע. די אייפֿערזוכט האָט זי מנצח געווען. אָבער פֿאַרוואָס האָט דיזעלביקע באַראָנעסע אַזוי לייכט האַרטוויגסענען אַרויסגע-לאָזן פֿון די הענט? פֿאַרוואָס האָט זי נישט פֿאָרטגעזעצט איר שפּיל מיט אים? זי האָט זיכער מיט אַ באַשטימטער כּוונה אויסגעקליבן די צייט. פֿאַרשטייט זיך, דאָ איז געווען פֿאַרבאָרגן עפּעס אַזוינס, וואָס מיינע אויגן האָבן נישט געקאָנט זען. ס'קאָן זיין, אַז פֿאַר דעם אַלטן מאַקן איז עס געווען קלאָר, ער איז אַזאַ קלוגער, אין אים לעבט אַ גייסט פֿון אַ פֿעלדהער. צו וואָס האָט האַרט-וויגסען געדאַרפֿט באַצאָלן, אַז זיין נאָמען זאָל צוגעגעבן ווערן צו דער פֿירמע? אָ, דאָס איז אַלץ געווען גוט צוגעטראַכט דורך מאַק דעם פֿעלדהער.

ווען ראָזע איז ביי אונז אָפּגעווען אַ צוויי דריי וואָכן, איז האַרטוויגסען צו איר געוווינט געוואָרן און האָט שוין נישט אַלע מאָל געהיט זיך מיט זיינע רייד און מיט זיינע מעשים. איך האָב גע-טראַכט קוקנדיק אויף אים: ער האָט אַזעלכער נישט געקאָנט זיין, בעת ער איז דאָס ערשטע מאָל געווען פֿאַרקנסט מיט איר! אָבער פֿאַר דער צייט איז ער דאָך געוואָרן שרעקלעך רייך. דער דאָ-זיקער מענטש האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די עשירות, זי איז געווען נישט לויט זיינע קרעפֿטן.

— נו, וואָס ווייסטו דערויף זאָגן, מיין ראָזעלע? — פֿלעגט ער אָפּטמאָל פֿרעגן, קלאַפּנדיק איר איבערן רוקן. ער האָט זיך נישט געשטערט צו מאַכן קיין אָנדייטונגען אויף דער באַראָנעסע, דערויף, אַז זי איז מיט אים געווען אויף דעם שפּיק-באַרג פֿון די ציטערבוימער און האָט זיך פֿאַר אים מודה געווען, אַז זי איז כּלומרשט אין אים געווען מיידלוויז פֿאַרליבט. ווען מען האָט פֿאַר דער קליינינקער מאַרטען געדאַרפֿט אויפֿנייען קליידלעך, האָט ער גלייך מספּים געווען און געזאָגט צו ראָזען:

— דו דאַרפֿסט נאָר פֿאַרשרייבן: „ב. האַרטוויגסען מאַנופֿאַקטור

אויף אזא און אזא סומע! — געזאָגט עס אַרומגעקוקט זיך און זעלבסטצופרידן אַ שמייכל געטון צו מיר. דאָס איז געווען אַ קינד.

אָדער נאָך: ער האָט מקנא געווען מאַקן, וואָס דער העקלמאַכער, דער דאָזיקער אביון מיט די פייגל־שטימע, איז אַוועק צו מאַקן, און נישט צו אים, צו הארטוויגסענען, מיט דער האָפנונג דאָרט בעסער איינצואָרדענען זיך. דער העקל־מאַכער האָט אויסגעזעהן אין הארטוויגסענס אויגן ווי דער אמתער בריה: מען האָט אים געפונען אינם היי־שפייכלער צוזאַמען מיט בראַמאַפּוטרען. איר מאַן אָלע דער פּויערל האָט זיי געכאַפּט. אָ, דאָס איז געווען אַ קלאָרע זאַך! איז וואָס זשע האָט געטון דער העקלמאַכער? אָט אַ יונג מיט ביינער, — ער האָט גענומען און האָט אָפּגעלייקנט שטיין און ביין. אַוועקגעלייגט דעם רעכטן פינ־גער אויפן אויג און פייערלעך געגרופן דעם טייוול פאַר אַן עדות!

הארטוויגסען האָט עס אונז אַלץ דערציילט נישט פאַרשוויי־גן, דיק די געשיכטע מיט בראַמאַפּוטרען אין ראָזעס אָנוועזנהייט. און וועגן דעם העקלמאַכער האָט ער צוגעגעבן: — „איך וואָלט זיינער וועלן אַריבערציען אים צו זיך. איך וואָלט פאַר אים געהאַט אַר־בעט איבערן האלז”.

## VIII

איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזן איבערן וועג צו דער מיל און האָב מיך אומגעקערט צוריק, ערשט די באַראָנעסע האָט מיך איבערגעיאָגט. איר קלייד איז געווען אין ווייסע פלעקן, זי איז, אפנים, געווען ביי דעם מילנער. ווען איך האָב מיך פאַרנייגט, האָט זי מיר געשענקט עטלעכע ווערטער. זי איז שוין געווען אינ־גאַנצן אַוועק פאַרביי, נאָר פּלוצלינג האָט זי גענומען שטעלן קלע־נערע טריט און איז אַוועק צוזאַמען מיט מיר. איך האָב געבעטן ערלויבניש אַראָפּצושטויבן דאָס מעל פון איר קלייד, און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און באַדאַנקט. דערנאָך זענען מיר אַוועק ווייטער־

צוזאמען, אָבער נישט דערפאַר, וואָס איך האָב מיך געמיט וועגן דעם, זי האָט דערציילט פאַרשידענע זכרונות פון דער קינדהייט: אָט דאָ איז זי אַרומגעגאַנגען אַלס „קליינינקע עדוואַרדע", געפאָרן שטייענדיק אויף אַ וואָגן מיט מעל, געגאַנגען אויפן שפּיצבאַרג פון די ציטערבוימער און איז דאָרט געזעסן איינינקע אַליין.

זי איז געווען אַן אומעטיקע און אין קעל האָבן זיך גע־הערט די פיינסטע סאַמעטענע טענער. זי האָט געזאָגט:

— אָט־אַזוי־אָ שפּילט מען עס דורך אַלע שפּילן פונם לעבן, און מער בלייבט דיר דערפון גאָרנישט!

זי האָט דאָס מאָל געמאַכט אויף מיר זייער אַ גוטן איינ־דרוק. אפילו די לאַנגע דינע פינגער אירע האָבן ביי מיר אַרויס־גערופן אַ וווּנדערלעכע סימפּאַטיע. הגם פריער האָב איך אין זייער אויסדרוק געפונען עפּעס אַ מין אויסגעלאַסנקייט. איך האָב מיך דערמאָנט, וואָס איך האָב די טעג געהערט וועגן איר. דאָ איז געווען אַ מענטש, וועלכן מען האָט גערופן יענס דער פאָטערל. אין דער צייט פון עדוואַרדעס יוגנט האָט ער זיין ברויט פאַרדינט ביי מאַקן, נאָר נאָכדעם האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אין די הייטע שכערן, האָט חתונה געהאַט, פאַרלוירן דאָס געזונט און איז געוואָרן אַן אביון. דאָס ווייב איז פון אים אַוועקגעפאָרן אויף די לאָפּאָדענס און איז צוריק נישט נעקומען. קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט, כאָטש ער איז זיך געווען „יענס דער פאָטערל." מיט עטלעכע טעג צוריק איז ער געקומען צו עדוואַרדען און האָט גענומען קוקן אויף איר, און כאָטש ער האָט איר קיין פיל ווערטער נישט געזאָגט, איז ער אָבער געשטאַנען און געקוקט אויף איר, ווי אַ גרויסער הונט. און עדוואַרדע האָט פאַר אים גלייך געקראָגן אַרבעט: זאָל ער האַנדלען מיט ביינער אין סירילונד אין דער סביבה. זאָל ער אַרומגיין איבער דעם ביסל הייזער, ווו מען עסט פלייש, צונויפקלויבן די ביינער, ברענגען זיי אין קלייט און פאַרקויפן וואָס טייערער. דערנאָך וועט מען זיי פאַרקויפן אויף דרום און צעמאָלן אויף ביין־מעל. אַזוי אַרום וועלן אַלע ביינער אין סירילונד ווערן זיין אייגנטום. מאַק האָט געשמייכלט דערפון, וואָס ער וועט דאַרפן זיינע אייגענע ביינער קויפן „וואָס

טייערער", פונדעסטוועגן האָט ער געזאָגט: „יאָ, יאָ!" און, פאַר· שטייט זיך, ער איז נישט געווען אַזאַ מענטש, וואָס זאָל דערפון מאַכן אַ וועזן. אויף דעם זעלבן אופן האָבן אויך דיביינער פון הארטוויגסענס קיך געדאַרפט אַריבערגיין צו יענס דעם פּאָטערל. דאָס איז געווען צום לאַכן, אָבער יענס האָט עס אָנגענומען ערנסט, און האָט אפילו הערן נישט געוואָלט וועגן אָפּזאָגן זיך דערפון. ער האָט פאַרדינט פיין געלט. פון גאָר דעם ערשטן מאָל פאַרקויפן די ביינער האָט ער שוין געהאַט די מעגלעכקייט איינ· צושאַפן זיך אַ ביסל קליידער, און עדוואַרדע אַליין האָט מיט אים געפירט דעם האַנדל אין קלייט און געמאַכט די חשבונות. נאָכדעם האָט זי פאַר אים אויסגעפועלט אַ ווינקל אין סירילונד, לכתחילה ביי דעם אַלטן פרעדעריק מענזאַ, וואָס איז פון בעט נישט אויפגעשטאַנען, אין אַ קעמערל אין דעם הויז פאַר דער דינערשאַפט, און נאָכדעם האָט מען אים אָפּגעגעבן אפילו אַ בע· סער צימערל אויף די בוידעם-שטיבלעך.

אזוי האָב איך מיך דערמאָנט דעם דאָזיקן שטריך, און ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן די דערפינדערישקייט און די ענער· גיע פון דער באַראָנעסע. אָבער איצט איז זי, אפנים, געווען פון עפּעס פאַראומערט. איך האָב אָנגעהויבן רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן, ווי דאָס גליק צו פאַרשאַפן פרייד פאַר לייטן, שאַפן פרייד פאַר קינדער, פרייד פאַר אַלע מענטשן ארום זיך.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— גליק? ווי דען! — האָט זי געזאָגט פינסטער.

זי האָט פאַרכמורעט די ברעמען און אַ ביסל פאַרטראַכט זיך וועגן דעם, דערנאָך איז זי אַוועק ווייטער. באַלד נאָך דעם איז זי מיט עטלעכע שנעלע טריט אָפּגעטראָטן פונם וועג און האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן גראָז. איך בין אַוועק נאָך איר און האָב מיך אָפּגעשטעלט לעבן איר. זי האָט ווייטער גערעדט:

— גליק? ווי דען! ווען עס וואָלט געקומען דאָס גליק, וואָלט איך אויף דעם לאַנג געקוקט און קיין אויג נישט אַראָפּגע· נומען — אזוי אומבאַקאַנט איז עס מיר. ניין! הגם עס טרעפן טאַ·

קע, אמת, רגעס, וועלכע זענען אביסל בעסער פאר אנדערע. פאר-שטייט זיך.

— ס'קאָן זיין, אז ס'איז ריכטיק אזוי. — האָב איך דעמאָלט געזאָגט.

און איך האָב באמערקט, אז ביי איר אויפן שטערן זענען געוואָרן קנייטשן, אויסגעגראָבענע פון צרות און פון יאָרן. אין דער רגע האָט זי בשום אופן נישט געמאכט קיין אָנשטעל, זי האָט זיך אפילו אזוי פארגעסן, אז די אונטערשטע ליפּ איז ביי איר אראָפּגעהאנגען. די גאנצע יוגנט אירע איז געבליבן הינטער איר.

— דאָ איז אמאָל געווען א יעגער אין די וועלדער, — האָט זי ווידער אָנגעהויבן און באוויזן ערגעץ אינדערווייט — מען האָט אים גערופן גלאן. איר האָט געהערט?

— יאָ.

— יאָ, האָט ער דאָ געוווינט. ס'איז געווען א יונגערמאן, טאָמאס גלאן — אָט ווי מען האָט אים גערופן. אמאָל פלעג איך הערן א שאָס, און מיר האָט זיך געוואָלט ענטפערן אים מיט א שאָס. אָן אנדערש מאָל בין איך אים געגאנגען אנטקעגן. נאָר איבעריקנס... גלאן? פארשטייט זיך, אין אנדערע קורצע מאָמענטן איז מיט אים געווען בעסער ווי מיט אלעמען אין מיין לעבן... אָבער נישט מער... און איך בין דאָך געווען אזוי פארליבט אין אים! אָ, די גאנצע וועלט פלעגט פארשווינדן אין א תהום, ווען ער פלעגט צו מיר צוגיין. יאָ. איך גערענק טאָקע א מענטשן, וועלכער האָט געוווסט, ווי מען דארף צו גיין! ער איז געווען באַ-וואקסן מיט א באָרד, ער איז געווען פונקט ווי א חיה. ער פלעגט זיך אָפּטמאָל אָפּשטעלן, אביסל אויפהויבן איין פוס און הערן. נאָכדעם איז ער געגאנגען ווייטער. און אָנגעטון האָט ער זיך אויך אין פעל פון חיות.

— דאָס איז אלץ דער זעלבער?

— יאָ.

— מיר איז אזוי אינטערעסאנט אייך צו הערן!

— דאָס איז געווען מיט פיל יאָרן צוריק. צי דען האָבן עס מענטשן אלץ נאָך נישט פארגעסן? איך אליין האָב כמעט אלץ פארגעסן, האָב מיך נאָר ערשט דערמאנט, ווען איך בין

געקומען אַהיים און גיי דאָ אַרום פון איין אָרט אויפן צווייטן. היינט דערמאַנט זיך מיר עפּעס אַלץ, אָבער ער איז געווען אַ ווילדע חיה. איך האָב אים אַזוי אָן אַ שיעור געליבט! ער איז געווען אַזאַ גרויסער און אַ גוטער. ער האָט זיך, אַגב, זיבער דערנערט מיט הירשן־מאָך, מחמת פון זיין אָטעם האָט זיך גע־הערט הירש. אין זיין אָטעם איז געווען דער טעם פון ווילד־פּרעט, איך דערמאָן מיך איצט, אַז ער איז אין מיר אויך געווען פאַרליבט. איינמאָל איז ער געקומען אין אַ פונאַנדערגעשפּילטער העמד, און זיין ברוסט איז געווען געדיכט באַוואַקסן אַזוי ווי מיט פוך... „פּונקט ווי אַ לאָנקע, אויף וועלכער עס גלוסט זיך אַזוי צוצוליייגן!" — האָב איך מיר אַ טראַכט געטון, מחמת איך בין געווען אַזאַ יונגע... עטלעכע מאָל האָב איך אים געקושט. און וואָס איז שייך דערצו, ווייס איך שוין אויף געוויס, אַז איך האָב קיינמאָל עפּעס ענלעכס דערצו נישט איבערגעלעבט, און איינמאָל איז ער צו מיר צוגעגאַנגען אויפן וועג. איך האָב גע־קוקט, ווי שטיל ער גנבעט זיך צו מיך, און ער האָט די גאַנצע צייט, נישט אָפּרייסנדיק קיין אויג, געקוקט אויף מיר. זיינע אויגן זענען אַריינגעדרונגען גלייך צו מיר אינעווייניק אַריין. עפּעס אַזוינס זיס האָט זיך גענומען באַוועגן אין מיר, און אַז ער איז שוין געווען גאָר נאָענט, האָב איך מיך אַ וואָרף געטון צו אים, צוגעפאַלן און אַזוי געבליבן. אָ!... איך האָב חתונה געהאַט און אַלץ, אָבער מער געדענק איך שוין אַזוינס נישט. ער איז גע־ווען פשוט גרויסאַרטיק. אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער זיך אויס־פּוצן, ער האָט זיין האַלזטוך פאַרבונדן ווי אַ קינד, און אָפט־מאָל פלעגט ער אים גאָר פאַרגעסן, איבערלאָזן אינדערהיים... פונדעסטוועגן, איז ער אַלעמאָל געווען גרויסאַרטיק און האָט פון קיין שום גרענעץ נישט געוווּסט. דאָ האָט דעמאָלט געוווינט איי־נער אַ דאָקטאָר. ער איז געווען אַ הינקעדיקער. האָט זיך גלאָן דורכגעשאָסן אַ פוס, כדי נישט צו זיין בעסער פאַרן דאָקטאָר. ער האָט געהאַט אַ הונט, וואָס מען האָט גערופן עזאָפּ. גלאָן האָט אים דערשאָסן און אַוועקגעשיקט דעם קערפּער צו איינער... צו איינער, וועלכער ער האָט ליב געהאַט. פאַר אים איז נישט

געווען קיין גרענעץ, קיינע גרענעצן. נו, דערפאר איז ער טאקע נישט געווען קיין גאטהייט, דערפאר איז ער טאקע געווען א חיה. גלאן? — יא, ער איז, קאן זיין, געווען אן אומפארגלייכלעכע חיה.

— נאר איר האט אים אוודאי איצט נאך אויך ליב? אזוי ווייזט מיר אויס.

— ניין... איך האב אים ליב? איך ווייס באמת נישט, וואס צו זאגן דערויף. איך דערמאן אים נישט אפט. מען קאן נישט זאגן, איך זאל שטענדיק ארומגיין און טראכטן וועגן אים. איבעריקנס, איז ער חוץ אלעמען, זאגט מען, שוין געשטארבן, אזוי איז שוין צוליב דעם אליין... ניין, נאר מיר ווייזט נישט אויס איצט, אז ס'איז דעמאלט געווען גוט. אפטמאל פלעגט טרעפן, אז איך פלעג ארומגיין פונקט ווי נישט איבער דער ערד, און קיינמאל איז אין מיר אזא פלאטערניש נישט געווען. סוף כל סוף זענען מיר באמת ביידע געווארן פונקט ווי משוגע, אזוי פראכטפול איז ער געווען. איך בין איינמאל געשטאנען און געבאקט קיכלעך, ווען ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער און אריינגעקוקט צו מיר. איך האב שוין געהאט אויסגעקנאטן דאס ווייבע טייג, אויסגעוועלגערט אין דער לענג, צעשניטן מיט א מעסער אויף קליינע שטיקלעך. האב איך געזאגט, באווייזנדיק אים דאס מעסער: — „הא? וואלט נישט בעסער געווען, אז מיר זאלן ביידע שטארבן?"— געחוים, — האט ער געענטפערט: — „קום מיט מיר צו מיר אין ביידל, וועלן מיר עס טון". איך האב מיך איינגעוואשן און בין מיט אים אוועק אין ביידל. ער האט גלייך גענומען צוקלויבן דאס און יענץ, אנגעהויבן איינוואשן און פוצן זיך. א, אבער איך בין שוין געקומען צו-זיך און האב אים געזאגט, אז איך קאן נישט שטארבן, דעמאלט האט ער א שאקל געטון מיטן קאפ פאר א סימן, אז ס'איז אזוי אויך רעכט. אבער איך האב קלאר געזען, אז ער איז געווען גרייליך אנטוישט: ער איז געווען זיכער אין מיר. שפעטער האט ער מיר דאס דערקלערט דערמיט, וואס ער איז א פשוטער תם און פארשטייט נישט קיין חכמות. און אפט איז אין אים געווען עפעס אומגעוויינלעך

אידיאָטישעס, וואָס האָט אויף מיר געווירקט, איך האָב אַליין פאַר זיך געטראַכט: מען קאָן אים אריינשלעפּן אין וואָס מען וויל, און ער וועט וועגן דעם שווייגן. מען קאָן פון אים מאַכן אַ גרויסן זינדיקן, און ער וועט שווייגן. נאָר פּלוצלינג פלעגט ער ווערן אַ זעעוודיקער, אַ וויט-זעענדיקער, האָט אַלץ געזען אויף דורך און דורך. אָ, דעמאָלט איז ער לגמרי נישט געווען קיין תּם. ער פלעגט ווערן אַזוי שאַרף און דורכדרינגעוודיק! איך געדענק, למשל: אין וואַלד איז געשטאַנען אַן אומגעהיינלעך הויכער שלאַנקער ראַבינע-בוים. גלאַן האָט אויף אים אָפט געקוקט און מיר באַוויזן ווי הויך און שיין ער איז. מיר דאַכט זיך, דער בוים איז אים זייער טייער געווען. האָט זיך מיר איינמאָל פאַרוואָלט טון אים עפּעס אויף צולהכעיס, פאַרשאַפן אים עגמת-נפש, און איך האָב געהייסן איינעם אַ מענטשן אונטערהאַקן דעם בוים פון אַלע זייטן אונטערן וואָרצל. ער האָט זיך קוים געהאַלטן. אויף מאָרגן איז גלאַן געקומען און האָט געזאָגט: — „קום אין וואַלד!“ איך בין אַוועק. ער האָט מיר באַוויזן די ראַבינע און געזאָגט: „נו, איז עס דען נישט קיין רשעות?“ — „אויב אַ רשעות, האָט עס זיכער געטון אַ פרויענצימער,“ — האָב איך געזאָגט. איך האָב גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז זיין חשד זאָל פאַלן אויף מיר. אָ, איך האָב עס אפילו געוואָלט! — „ניין, דאָס האָט געטון אַ שטאַרקע, נאָר אַ נאַרישע לינקע האַנט,“ — האָט ער געענטפערט. ער האָט עס באַמערקט לויט די פּגימות. דעמאָלט האָב איך מיך אַביסל דערשראָקן, מחמת ער האָט געזאָגט ריכטיק. — „הייסט עס, אַז דאָס האָט געטון אַ געלינקטער.“ — האָב איך געזאָגט. אָבער גלאַן האָט געענטפערט: — „ניין, דאָס איז צו מיאוס געטון. דאָס האָט געטון אַ מענטש, וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר אַ געלינקטן, אָדער אַ מענטש, ביי וועלכן די רעכטע האַנט איז איצט פאַרבונדן!“ דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נישט גוט וועט אָפּשניידן דער מענטש, וועלכן איך האָב עס געלאָזט טון, מחמת ער איז דעמאָלט, ווירקלעך, אַרומגעגאַנגען פאַרבונדן די רעכטע האַנט. איך האָב אים טאַקע דערפאַר גופא אויסגעקליבן פאַר אַן אָנטיילנעמער אין דער זאַך, כּדי גלאַנען אָפּצו-

פירן פונם וועג. אָ, גלאַן האָט זיך אָבער נישט געלאָזט אראָפּ-
פירן פונם וועג. ער האָט סוף כּל סוף געפונען דעם מענטשן און
האָט אים אָנגעבראָכן די ביינער. אָ, נאָך ווי! און גלאַן האָט נאָך
דערביי באַנוצט נאָר איין האַנט, מחמת ער האָט נישט געקאָנט
גיין מיט צווי געזונטע הענט אויף אַ מענטשן, וואָס האָט נאָר איינע.
אין צוויי טעג אַרום, אַז איך האָב וועגן דעם דערהערט, בין איך
אַוועק צו גלאַנען און האָב אים נאָך מער פאַרשאַפט ווייטיק.
כ'האָב געזאָגט: — „אגב, דאָס האָב איך קאַליע געמאַכט אייער
ראַבינע-בוים!" געזאָגט עס, און אַוועק איבערן וועג... באַטראַכט
זיך נאָר, ווי גוט איך געדענק עס עד היום. איך דערמאָן מיך
אַלץ אַזוי איינס נאָכן אַנדערן! און ווי דורכדרינגעוודיק איז ער
אַפּטמאָל געווען, ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס אויפדעקן. און
יענער מענטש, מיין שותּף, לעבט נאָך איצט אויך. ער איז צו
מיר געקומען מיט עטלעכע טעג צוריק. מען רופט אים יענס-
דער-פּאָטערל.

— אַזוי גאָר?

די באַראָנעסע האָט אויף מיר אַ הויב געטון די אויגן, ווען
איך האָב געזאָגט ס'דאָזיקע אָפּגעריסענע ווערטל. איך בין געשטאַ-
נען און האָב געטראַכט: - „אָט פאַרוואָס זי האָט געהאָלפן יענעם
געפינען אַ פּרנסה, — ווייל ער האָט דאָך איר אַמאָל געהאָלפן
פייניקן גלאַנען. זי ליבט, אפנים, דעם געשטאָרבענעם מענטשן ביז
שנאה, ביז אכזריות און אפילו איצט וויל זי אים פאַרשאַפן ווײַ-
טיק? אָדער גלאַן לעבט נאָך און זי וויל אים פייניקן ווי אַמאָל?"
איך האָב געפרעגט:

— אפשר איז גלאַן נישט געשטאָרבן?

— איך ווייס נישט, — האָט זי געענטפערט — געשטאָרבן אוודאי,
ער איז געווען אַזאַ, וואָס פלעגט זיך אַזוי ענדערן. דאָס וועטער
האָט אויף אים געווירקט, די זון, די לבנה און דאָס גראָז האָבן
איבער אים געהאַט אַ מאַכט, און דער ווינט האָט מיט אים גערעדט.
די הודזשעניש אויף די שפּיצן פעלזן האָט אים דורכגעשטאָכן,
ניין, געוויס, ער איז שוין איצט טויט. דאָס איז דאָך געווען שוין

אַזוי לאַנג, זינט ער איז דאָ געווען. אַזוי שרעקלעך־פֿיל יאָרן זע־נען שוין זינט דעמאָלט פֿאַרבײַ.

די באַראָנעסע האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז צוריק אַוועק צו דער מיל. ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף איר. זי האָט גערעדט גאָר מיט אַן אַנדערן טאָן, זי האָט נישט געשמייכלט, נישט געמאַכט קיין אָנשטעלן, — נאָר דערציילט אַזוי אומעטיק. איך בין געווען צופֿרידן, וואָס איך האָב זיך נישט גענומען די דרייסטקייט אויך צוצוזעצן זיך אויף דער ערד, און בין די גאַנ־צע צײַט געשטאַנען און געהערט.

# IX

ניין, נישט צו גוטן איז האַרטוויגסען אַלץ העכער גע־שטיגן, און איז לסוף פֿאַרן לעצטן יאָר געוואָרן אַ „פֿאַרנעם". ער האָט באַקומען אַלץ מער און מער באַדײַטונג אין זײַנע אייגענע אויגן. ער איז דאָ, פֿאַרשטייט איר מיך, איינער, און קיינער חוץ אים איז אין שטעטל נישטאָ. ער און נאָר ער איז קעניג און גאָט אין דער גאַנצער סבֿיבֿה.

אין דער הינזיכט איז ער געווען נאַריש און קלאָגעדיק. פֿונדעסטוועגן איז נאָך זײַן גוטמוטיקייט אַלץ געווען גרויס. ער האָט אָפּגעגעבן סטען דעם קלייט־משרת אַזאַ פֿאַראָרדנונג: „אויב דער אויפֿזעער פֿונם לייכט־טורעם שעניג וועט עפּעס דאַרפֿן אין קלייט, דאַרפֿסטו בלומרשט על־פּי־טעות פֿאַרשרײַבן אויף מיר, ב. האַרטוויטשן". מיר האָט ער אָפֿנהאַרציק דערקלערט, אַז ווען נישט דער אויפֿזעער וואָלט זיך אַרײַנגעמישט, וואָלט ער נישט אַזוי רײַך געוואָרן פֿונם פֿאַרקויפֿן די זילבער־בערג, און דעריבער וויל ער אים איצט אַרויסווײַזן זײַן דאַנקבאַרקייט. אויף דעם זעל־ביקן אופֿן האָט ער געעפֿנט אַן אומבאַגרענעצטן קרעדיט אַראָנען פֿון די בערג, דעם מענטשן, וואָס האָט אים די בערג פֿאַרקויפֿט בחינם.

יאָ, אָבער דער אויפֿזעער שעניג האָט גאָרנישט געדאַרפֿט

אין קלייט אויף באַרג. אַז ער פלעגט קומען אין קלייט, האָט ער שטענדיק געהאַלטן אין האַנט זיינע שילינגס.

איינמאָל האָט הארטוויגסען צו אים געזאָגט:

— ווען איר וועט דארפן האָבן סחורה, דארפט איר קיין געלט נישט האָבן.

דער אויפזעער איז געשטאַנען אַזאַ פארבלאָזער און האָט אונז אַלעמען אויסגעוויזן אַזאַ קליינינקער.

דערביי האָט הארטוויגסען צוגעגעבן:

— איר דארפט נאָר זאָגן, מען זאָל פארשרייבן אויף מיין חשבון!

ענדלעך האָט דער אויפזעער געענטפערט:

— מאָ וואָס זשע איז דאָס פאר א קויפן? און איך אַליין קאָן, אפנים, נישט צאָלן פאר מיין קניה?

אָבער אַזאַ ענטפער האָט הארטוויגסענען גאָרנישט אויסגעלערנט קיין שכל. ער איז געוואָרן פונקט ווי נאָך קינדישער און נארישער און האָט געזאָגט.

— נו, יאָ, אָבער איך האָב אייך געוואָלט טון א חסד!

נאָר אַזוי ווי דער אויפזעער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און געשאָקלט מיט זיין גרויען קאָפּ און דערצו ווייט א שפיי געטון, — האָט אים הארטוויגסען אין גרימצאָרן אָנגערופן אידיאָט און איז מיט א געוויש ארויס פון קלייט.

און ער האָט נישט פארגעסן דעם באַליידיקנדיקן אָפּזאָג פון דעם אויפזעער. די דאָזיקע באַליידיקונג האָט אים געגנאָגט, הגם ער האָט פארזיכערט, אַז ער שפייט אויף דעם.

— ס'קאָן זיין, אַז דו וועסט נאָך אַמאָל ווערן אַזאַ בעל-גאווה, אַז דו וועסט מיך אפילו נישט וועלן קענען, — פלעגט ער אַמאָל זאָגן צו ראָזען.

און אַז זי האָט אָנשטאָט אַן ענטפער געשאָקלט מיטן קאָפּ, נישט וועלנדיק אריינלאָזן זיך טיף אין דער פראגע, פלעגט ער זאָגן מיט עגמת-נפש:

— נו, פארשטייט זיך, טו ווי דו פארשטייסט!

אין אָווענט האָט ער ליב געהאַט דערציילן אונז, וואָס פאר א

געשעפטן ער האָט אויפגעטון פאַרן טאָג, הגם אַן אַנדערש מאָל
איז אפילו נישט געווען וואָס צו דערציילן, ער איז אַרומגעגאַנגען
אומעטום, האָט זיך אַריינגעמישט אין יעדער קלייניקייט, אָפּרייסנ־
דיק מענטשן פון דער אַרבעט, כּדי נאָר צו באַווייזן זיך פאַר
דעם באַלעבאָס. באַגעגענענדיק אויפן וועג דעם עלטערן מילנער,
פלעגט ער זאָגן: „און איך האָב גראָד געוואָלט גיין צו דיר: דו
דאַרפסט אונז היינט צושטעלן גאָר דאָס מעל, וויפל קאָנסט נאָר!“
אָבער דער עלטערער מילנער האָט דאָך נאָר דאָס טאַקע געטון
טאָג־טעגלעך: געמאָלן מעל וויפל ער האָט געקאָנט. — „ס'וועט
זיין אַזוי, רעבע!“ — ענטפערט ער מיט הכנעה, — „מחמת איך גיי,
פאַרשטייסטו מיך גלייך פונם האַפן: מיר האָבן אויפן לאַגער נישט
מער ווי צוואַנציק זעק! — גיט האַרטוויגסען צו.

מיר פלעגט ער זאָגן —„לאָמיר גיין אויפן טריקן־פלאַץ.“ אַוועק־
געגאַנגען. האַרטוויגסען נעמט זיך איבערקלייבן די פיש, האַלט זיך
מעשה־באַלעבאָס און שטעלט פראַגן אַרן דעם טריקענער: — דו
האָסט אַ טראַכט געטון וועגן דעם, אַז מאָרגן קאָן אַרויספאַלן אַ
רעגן, און עס וועט ווידער פאַרנעצן די פיש? אויב דו האָסט ווי־
ניק מענטשן, טאָ זאָג מיר“. נאָר אַרן־דער־טריקענער פלעגט ענט־
פערן, אַז ער האָט מענטשן גענוג, נאָר זון—ווייניק, און אַז איך
טריקענען וועט נאָך קומען די צייט. האַרטוויגסען פלעגט זאָגן: —
„יאָ, יאָ, איך האָב אַזוי באַשלאָסן, אַז די פיש דאַרף זיין פאַר־
פאַקט ביז די פעריען.“ און הגם אַרן־דער־טריקענער האָט עס
אויסגעצייכנט געוווסט פריער אויך, האָט ער געפלעסקעט מיט די
הענט, געמאַכט זיך כּלומרשט פאַרוואונדערט. דעמאָלט האָט האַרט־
וויגסען געוויינלעך אים דערקלערט, ווי די מעשה איז געווען פרי־
ער: פונקט ווי פאַראַיאָרן האָט מען די פיש איינגעפּרעסט און די
לאָדונג אַוועקגעשיקט נאָך פאַר די פעריען. און פאַראַיאָרן, און
אַלע פריערדיקע יאָרן איז געווען פונקט דאָס זעלביקע, אָ, אַרן־
דער־טריקענער האָט זיך געמוזט אונטערגעבן, ער האָט נישט גע־
האַט קיין שום מעגלעכקייט אַרויסצודרייען זיך. און האַרטוויגסען
איז שוין דערווייל געגאַנגען מיט מיר אין די בערג און האָט גע־
רעדט: — ניין, מאַכן איז גוט צו שטיין זיך אין קאָנטאָר און פאַר־

שרייבן, אָבער וואָס איז שייך צו אַלערליי אַרבעט און אָט די אַלע קאָפּדרייעניש מיט מענטשן — פאַלט עס אַלץ אויף מיר. איך האָב אפילו קיין צייט נישט חתונה צו האָבן".

ראָזע איז געוואָרן שטיל און זייער שיין אין דעם דאָזיקן טעגלעכן לעבן, אין דער רויקייט. זי פלעגט אָפט נעמען פאַר דער האַנט מאַרטען און גיין מיט איר צו דער באַראָנעסעס קינ-דער און לאַנג מיט זיי פאַרבלייבן אויף דער פרייהייט אין די בערג. אין דער צייט פלעג איך בלייבן אין שטוב אינגאַנצן איי-נער אַליין און איך האָב מיך געקאָנט רויק אָפּגעבן מיין געהיימער באַשעפטיקונג, וועגן וועלכער איך האָב שוין איינמאָל דערמאָנט. איך האָב פאַרשפאַרט די טירן און די פענסטער, כדי צו פאַר-טויבן די קלאַנגען, יעדע פערטל שעה פלעג איך אַרויסגיין און צוהערן זיך, צי גייט נישט עמעצער. נאָכדעם צוריק אומקערן זיך צו מיין אַרבעט. אָ. ראָזע דאַרף אומבאַדינגט די ערשטע דערוויסן זיך וועגן דעם; איך וועל נאָך איצט אויך צוואַרטן מיטן שרייבן וועגן דער.

ווי אויפריכטיק און מילד זי איז געווען! באַמערקט, אַז האַרטוויגסען וואָלט זיך געוואָלט פאַרבאָרגן פון איר זיינע שי-לערישע באַשעפטיקונגען מיר, האָט זי גענומען אַוועקגיין פון שטוב איינקויפן פאַרשידענע זאַכן אין קלייט. פונקט אַזוי ליבלעך איז זי געווען אין די אָוונטן, ווען מיר פלעגן פלוידערן וועגן דאָס און יענץ. זי איז געווען אַ ווילדערצויגענע דאַמע, אָבער זי האָט זיך זייער פאַרגעביק באַצויגן צו אונז, ווען מיר האָבן גערעדט נאַרישקייטן. פונקט אַזוי האָט זי געקוקט אויך אויף האַרטוויגסענען, ווען ער האָט אַרויסגעוויזן זיין אומגעהובלטקייט, — האַרטוויגסען האָט אָפטמאָל גערעדט אַזוי משונה! געוואָרן אַ מענטש מיט השפעה. האָט ער זיך נישט אָפּגעהיט פון רעדן וועגן פראַגן, וואָס זענען פאַר אים געווען נישט צוטריטלעך, פאַרקערט ער איז אַרויסגעטראָטן מיט סענטענצן, וואָס איך האָב קיינמאָל אַזעלכע נישט געהערט. אַך, וואָס עס האָט זיך געטון אין זיין קאָפּ! ער האָט גערעדט וועגן דעם ים פון לעבן און האָט אגב אורחא אַריינגעשטעלט אַזאַ מין קוריאָז: — „יאָ, לוטער—

אָט ווער עס איז געווען אַ שיף אויף דעם דאָזיקן ים פון לעבן. ניין, איך ווייס, פאַרשטייט זיך, נישט, נאָר אַזוי, לפּחות, ווייזט מיר אויס אין מיין פּשטות, און זיין תורה איז אויך געווען די סאַמע אמתע תורה, ווי צו ווערן אַן עכטער מענטש״...

און וואָס האָט ראָזע דערויף געענטפערט? — „נו, יאָ, פאַרשטייט זיך. לויטער איז אַזאַ מענטש!״ און זי האָט זיך נישט אַרויסגעגעבן אפילו מיט קיין איין באַוועגונג פונם פּנים.

איינמאָל האָט האַרטוויגסען געמאָלדן, אַז איך וועל, קאָן זיין, איינגיכן דאַרפן אַוועקפאָרן.

דאָס איז געשען אויף מאָרגן נאָך דעם, ווי איך בין אין אָוונט געזעסן אויפן גאַניק, פלוידערנדיק אַמאָל מיט ראָזען, אַמאָל מיטן מיידעלע, און מיטן מיידעלע מער אפילו, איידער מיט ראָזען. דאַן איז האַרטוויגסען געקומען צו גיין.

— זעץ זיך דו אויך מיט אונז, — האָט ראָזע זיך געווענדעט צו אים אין אַ געלעכטער.

אָבער האַרטוויגסען איז געווען הונגעריק און איז אַריין אין שטוב. מיר זאַלבעדריט זענען אַריין נאָך אים. האַרטוויגסען האָט זיך, אַפּנים, אומגעקערט פון סירילונד, און ס׳קאָן זיין, אַז עמעצער האָט אים צערודערט. נאָך אָוונטברויט האָט ער פּלוצלינג געפרעגט ביי ראָזען:

— איז וואָס-זשע איז מיט דיר: דו האָסט אַ טראַכט געטון, אַז עס איז שוין באַלד בּמעט סוף זומער? ווי זשע וועט זיין — מיר האָבן איצט חתונה, צי נישט?

ראָזע האָט אויף מיר אַ וואָרף געטון אַ דערשראָקענעם בליק.

— צו דעם סטודענט האָט עס דאָך קיין שום שייכות נישט. — האָט האַרטוויגסען געזאָגט.

איך האָב שמייכלענדיק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, געזאָגט: „ניין״, און בין אַרויס. איך האָב מיך נישט צוריקגעקערט, ביז האַרטוויגסען אַליין האָט מיך נישט אַריינגערופן. ראָזע איז געזעסן אין צימער. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געוואָלט פאַרגלעטן דאָס, וואָס מיר איז אויסגעקומען אויף אַזאַ אופן אַרויסצוגיין, און

דעריבער האָט זי זיך צו מיר געווענדט מיט עטלעכע ווערטער:

— מיין פאָטער האָט זיך זייער געוואָלט, איר זאָלט צו אים קומען אין געסט. אמת, ס'האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז איר זאָלט מיך באַגלייטן, ווען איך וועל גיין אַהיים דורכן וואַלד, אָבער איצט...

— נו, איז וואָס? — האָט זיך הארטוויגסען אַריינגעמישט. — דו וועסט אפשר טאַקע גיין דורכן וואַלד?

— ניין, — האָט זי געענטפערט — איך בין דאָך דאָ פאַרבליבן.

— יאָ, איך דאַרף עס נאָר וויסן, — האָט הארטוויגסען ווייטער גערעדט אַ צערייצטער — איבעריקנס, צוליב אַ שיפל פאַר אייך וועט קיין אָפּהאַלט נישט זיין. — האָט ער צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו מיר, און האָט אויף מיר גוטמוטיק אַ קוק געטון.

— ניין, איך וועל בעסער גיין צופוס. — האָב איך געענטפערט.

מיר האָבן אַלע גענומען רעדן רויקער, אָבער איך האָב גוט באַמערקט, אַז הארטוויגסען היט זיך פאַר מיר, ער האָט מורא איך זאָל מיך נישט פונאַנדעררעדן, בין איך אַנטשוויגן געוואָרן. אפשר האָט אין אים עמעצער אויפגעוועקט אַ חשד קעגן מיר — וואָס האָב איך געקאָנט וויסן?

די קליינע מארטע איז צוגעגאַנגען צו מיר, האָט אַוועקגעלייגט צו מיר אויף די קני אַ צאַצקע און געזאָגט:

— מיין ברודער האָט צעבראָכן!

איך האָב צונויפגעלייגט די שטיקלעך און צוגעזאָגט מאָרגן צונויפצוקלעפּן. ראָזע איז צוגעגאַנגען, האָט זיך אָנגעבויגן און אויך אַ קוק געטון. דאָס אַלץ האָט געדויערט אינגאַנצן אפשר אַ מינוט, און אפשר האָט ראָזע עפּעס געזאָגט וועגן דער צאַצקע. פּלוצלינג איז הארטוויגסען אויפגעשפּרונגען און איז אַרויס פונם צימער.

דאָס איז געווען אין אָוונט, און אינדערפרי איז הארטוויגסען געקומען און האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך וועל מוזן אַוועקפאָרן.

— יאָ, יאָ, געוויס. — האָב איך געענטפערט.

אָבער איך האָב דאָך נאָר וואָס אָנגעהויבן אַ ניי בילד פון

זיין הויז אויפֿן פּאָן פֿון דעם קהלשן וואַלד, אַלץ אין וואונדערלעכער זומערדיקער ליכט, — ער האָט גאָר אינגאַנצן וועגן דעם פֿאַרגעסן.

— די מעשה איז, וואָס די דינערשאַפֿט מוז איצט אַריבערקלייבן זיך צו אונז, דאַרפֿן מיר האָבן דעם אָרט. — האָט האַרטוויגסען זיך פֿאַרענטפֿערט.

איך האָב עס אָנגענומען זייער לייכט, בפּיוון, כּדי נישט אַרויסצורופֿן ביי אים קיין חשד, אינדערזאַמתן אָבער בין איך דערפֿון געווען שטאַרק צעקלעמט.

— ווי זשע איז מיטן בילד? — האָב איך געפֿרעגט.

— טאָ פֿאַרענדיקט פֿריער דאָס בילד, — האָט האַרטוויגסען געענטפֿערט, אַ באַרויקטער דערפֿון, וואָס איך ווייז נישט אַרויס קיין אַנדער זאָרג — פֿאַרשטייט זיך אַליין, איר דאַרפֿט פֿריערענדיקן דאָס בילד.

דאָס איז נאָך געווען אינדערפֿרי, און פֿאַרן בילד האָב איך באַדאַרפֿט מיטאָגדיקע באַלויכטונג, אַזוי אַז מיר איז נאָך געבליבן עטלעכע פֿרייע שעה. איך בין אַוועק קיין סירילינד.

## X

די באַראָנעסע זאָגט צו מיר:

— איך בין אַזוי צופֿרידן, וואָס איר רעדט מיט מיינע קינדער און איר לערנט זיי פֿאַרשידענע זאַכן.

— איצט וועט עס שוין מער נישט זיין, — ענטפֿער איך — ווייל איך פֿאָר אַוועק.

די באַראָנעסע ציט אַ ביסל אויס דעם האַלדז פֿאָרויס:

— איר פֿאָרט אַוועק? גאָר אַזוי?

— איך דאַרף דאָרט נאָר עפּעס פֿאַרענדיקן אין דעם בילד. נאָכדעם פֿאָר איך.

— וווּהין זשע פֿאָרט איר?

— איך האָב אין אוטוואַ א גוטן פריינט, אין אָסער קרייז, איך וועל צו אים פאָרן.

— א גוטער פריינט? ער איז עלטער פאַר אייך?

— יאָ, מיט צוויי יאָר.

— ער איז א מאָלער?

— ניין, א יעגער. אויך א סטודענט. מיר וועלן ביידע א ביסל ארומוואַנדערן.

אוועקגייענדיק איז די באַראָנעסע געווען זייער פאַרטראַכט. נאָך האַלבן טאָג, ווען איך בין געשטאַנען און געמאָלט דאָס בילד, איז צוגעגאַנגען די באַראָנעסע און אָנגעהויבן מיט מיר צו רעדן. און דאַן האָט זיך איר האַנט אַריינגעטשעפּעט אין סאַמע דער טיפעניש פון מיין גורל: זי האָט מיך געבעטן אריבערקלויבן זיך קיין סירילונד און ווערן ניט מער און ניט ווייניקער ווי דער דערציער און לערער פון אירע מיידעלעך.

איך בין פון אירע ווערטער פשוט פאַרגליווערט שטיין געבליבן מיט דעם פּענזל אין האַנט און מיט א פּלאַטערן אינעווייניק, מחמת איך האָב געהאַט אַ גרויסע סיבה צו פרייען זיך מיט דער מעגלעכקייט צו פאַרבלייבן דאָ נאָך אביסל צייט. איך האָב אפילו פאַרבאָרגענערהייט גאָט געבעטן וועגן דעם. איך האָב געבעטן ביי איר, זי זאָל מיר דערלויבן באַטראַכטן זיך. און זי האָט מסכים געווען, זי האָט געזאָגט:

— איר וועט, איבעריקנס, דערווייל נישט פיל דאַרפן לערנען מיט די מיידלעך: זיי זענען דאָך נאָך אזוי קליין. איר פּלוידערט נאָר מיט זיי, נעמט זיי מיט זיך, שפּאַצירט צוזאַמען. אָך, איך בעט אייך, מאַכט פון זיי בעסערע מענטשן ווי איך. זיי זענען אזעלכע קליינינקע און ווילינקע, און וואָס איז שייך צו אייך, וועט איר, פאַרשטייט זיך, באַקומען א גוטן לוין.

איך וואָלט געוויס, פאַרשטייט זיך, געקאָנט ענטפערן: „יאָ", מחמת אַלץ אין מיר איז געשפּרונגען פאַר פרייד, נאָר אָנשטאָט דאָס האָב איך געזאָגט:

— ס'הענגט אַלץ אָפּ דערפון, וואָס וועט דערויף זאָגן מיין

פריינט, מחמת דעמאָלט ווען שוין פון אונזער וואנדערן גאָר-נישט נישט ארויסקומען.

אַזעקגייענדיק, האָט די באַראָנעסע זיך אומגעקערט און האָט געזאָגט:

— די מיידלעך רעדן שטענדיק וועגן אייך, זיי בעטן אפילו אינאָווגט גאָט פאַר אייך. דאָס האָבן זיי אַליין פאָרגעלייגט צו בעטן פאַר אייך. געוויס, האָב איך זיי געזאָגט, טוט טאַקע אַזוי.

די באַראָנעסע איז צו מיר אויף מאָרגן געקומען ווידער וועגן דעמזעלביקן ענין, און איך האָב מיך אַנטשלאָסן. איך האָב נישט געוואָלט מער מאַכן קיין אָנשטעל און, ווי ס'וואָלט געקאָנט אויסזיין, העכער אויפהויבן מיין ווערט. דעריבער האָב איך אַליין דער ערשטער אָנגעהויבן צו רעדן און האָב גלייך אַכטונגספול מסכים געווען. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב באַטראַכט איר גנעדיקן פאָרשלאָג און כ'נעם אים אָן מיט דאַנקבאַרקייט.

זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, און מיר זענען מושווה געוואָרן

געמאַכט אַ סוף איצט מיטן בילד בין איך אריין אין האַרטשוגינס שפייכלער, אין מיין געוויינלעכן ווינקל, און האָב געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט פאַרנומען מיין תפילה. אין יענעם גאַנצן אָוונט בין איך געווען שטיל און פאַרטראַכט. מיר האָט זיך ווי נישט געוואָלט אויסבאַרימען זיך פאַר האַרטשוויגסענען, מעלדנדיק אים וועגן מיין אַריבערפאָרן קיין סירילונד, אין מונקען ווענדטן האָב איך פאַרקערט תיכף ומיד געמאָלדן, אַז די אומשטענדן האָבן מיך נאָך אויף אַביסל צייט פאַרהאַלטן אין דעם זעלביקן שטעטל.

ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, ווען מיין בילד איז שוין געווען פאַרטיק, איז די דאָזיקע נייס געוואָרן באַוווּסט דורך מאַקן גופא. האַרטשוויגסען איז געקומען פון סירילונד אַהיים און האָט געזאָגט:

— איך האָב געהערט פון מאַקן, אַז איר באַזעצט זיך אין סירילונד.

ראָזע האָט גענומען צוהערן זיך, מאַרטע האָט אויך אָנגע־שטעלט די אויערן.

— יאָ, אַזוי וועט עס, ווייזט אויס, זיין. — האָב איך געענט־פערט.

— נו, מילא!

האַרטוויגסען האָט אָנגעהויבן עסן, און מיר אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן עפּעס אַנדערש. איך האָב אָבער קלאָר געזען, אַז ער איז שטאַרק פאַרזאָרגט, וואָס איך פאָר אַריבער. ראָזע האָט גאָרנישט נישט געזאָגט.

— פונדעסטוועגן, האָט זי עס באַוויזן אַ קונץ! — האָט האַרטוויגסען פלוצלינג געזאָגט, גלייך ווי צו זיך אַליין.

— ווער? — האָט ראָזע געפרעגט.

— די טייערע עדוואַרדע. נו, מילא, איצט איז שוין אַלץ־איינס.

איך האָב אַ טראַכט געטון: „האָט עס, הייסט עס, די באַ־ראָנעסע דעמאָלט אָנגערייצט האַרטוויגסענען אַנטקעגן מיר." איבע־ריקנס, אויב דאָס איז מער נישט צוליב דעם, זי זאָל מיך קאָ־נען באַקומען פאַר אַ לערער און אַ דערציער צו אירע קינדער, איז דאָס נאָך אפשר נישט אַזאַ שלעכטע זאַך. איך ווייס באמת נישט, נאָר האַרטוויגסען האָט געהאַט אַזאַ אויסזען, פּונקט ווי מען וואָלט אים געמאַכט צום נאַר. אים איז, מסתמא, געווען פאַרדראָ־סיק, וואָס איך וועל וווינען ביי מאַקן אין הויז, אָנשטאָט צו פאַר־בלייבן ביי אים, און אפשר האָט אים אויך דאָס פאַרדראָסן, וואָס איך וועל וווינען אַזוי נאָענט לעבן אים. מחמת צוליב דעם וועל איך אַלצאיינס בלייבן נאָענט לעבן ראָזען.

אויף מאָרגן האָב איך געדאַרפט אַריבערקלייבן זיך, נאָר פריער האָב איך געוואָלט דערציילן ראָזען, מיט וואָס אַזוינס האָב איך מיך אַזוי פלייסיק פאַרנומען אין שטוב, בסוד פון אַלעמען. זי איז ערגעץ אַוועק מיט מאַרטען, און קאָן זיין אפילו בכיוון, כּדי נישט צו זיין אינדערהיים, ווען איך וועל מיך אַרויסקלייבן. איך האָב אָפּגעוואַרט ביז זי וועט זיך באַווייזן מיטן קינד אויפן וועג צו דעם הויז, נאָכדעם נישט מאַכנדיק דערפון קיין סוד, האָב איך

מיך גענומען פאַר מיין אַרבעט, נישט פאַרמאַכנדיק די טיר און נישט אַרומקוקנדיק זיך.

ראָזע און מאַרטע זענען אַריין און געבליבן שטיין בײַ דער טיר.

איך זיץ און שפּיל אויף דער פּאָרטעפּיאַנע, און כ'שפּיל די שענסטע זאַך, וואָס איך קאָן נאָר: מאָצאַרטס סאָנאַטע א־דור. ס'איז אַרויסגעקומען זייער גוט, פּונקט ווי אין מיר וואָלט אַריין ס'דאָזיקע גרויסע שמאָלצע האַרץ, כּדי אונטערצושטיצן מיך אין דער רגע. אָ, איצט האָב איך מיך גענוג אָנגעאיבט, אַז איך זאָל נישט דאַרפן מורא האָבן, וואָס ראָזע וועט הערן ווי איך שפּיל, און אַזוי האָב איך די גאַנצע צייט געוואַרט, ביז איך וועל דערפילן, אַז איך בין גענוג שטאַרק. דערפאַר האָב איך שוין דעם פרימאָרגן געדאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס איך בין צוריק געוואָרן פעסט אין מיין קונסט, איך האָב מיך אַמאָל אויסגעלערנט מוזיק בײַ אונז, אין אונזער ליבער היים, אַלץ האָב איך מיך דאָרט געלערנט, אויפגענומען אַלדאָס גוטע, ביז מיין משפּחה איז זיך צעפאַלן, און איך בין געבליבן אָן אַ דאַך. Deo gloria!

איך קוק מיך אַרום. ראָזע האָט אויף מיר אַרויסגעשטעלט די אויגן און געזאָגט:

— ניין, איר... איר זענט נאָך אַ מוזיקאַנט אויך.

איך בין אויפגעשטאַנען און האָב מיך מודה געווען, אַז איך האָב מיך אַביסל געאיבט שטילינקערהייט, אויב זי געפינט, אַז מען קאָן מיך הערן, בין איך זייער דאַנקבאַר! מער האָב איך גאָרנישט נישט געזאָגט. מיין צערודערטקייט וואָלט מיך געקאָנט אַרויסגעבן. נאָר שפּעטער בין איך געווען זייער צופרידן, וואָס איך האָב מיך איינגעהאַלטן און נישט געזאָגט, אַז דאָס שפּיל איך צום געזעגענען זיך, איך בין אַרויס פאַרפּאַקן מיין רייזע־זאַק.

איך האָב מיך דערוואַרט ביז האַרטוויגסען איז געקומען צהיים.

— יאָ, יאָ, איך האָב גאָרנישט געהאַט בדעה אָפּצולאָזן אייך אַזוי גיך, — האָט ער געזאָגט — אַרבעט וואָלט בײַ מיר נאָך אויף לאַנג פאַר אייך געקלעקט. נאָר...

מארטע האט אפגעצויגן זיין אויפמערקזאמקייט מיט דער מעלדונג, אז איך שפיל. — דער סטודענט שפילט!

— א! קאנט איר נאך שפילן אויך?

ראזע האט געענטפערט.

-- יא. אט ע ר קאן שפילן!

פון די דאזיקע ווערטער האב איך אין זיך דערפילט מער־שטאלץ, איידער פון אלע רויזן אין לארבערן, וואס איך האב ווען עס איז באקומען, און איך בין ארויס פון שטוב, פון הארטוויג־סענס שטוב, מיט א הארץ, וואס איז פול געווען מיט דאנקבאר־קייט. א, איך האב מיך איינגאנצן איינגעהויקערט פון דער גרע־סטער אויפרעגונג און בין געגאנגען כמעט נישט זעענדיק פאר זיך דעם וועג, הגם איך האב אויף אים געקוקט, וויפל איך האב געקאנט.

בכן בין איך געקומען קיין סירילונד, און דא בין איך פארבליבן. די דאזיקע איבערוואנדערונג האט נישט ארייננעטראגן קיין ענדערונג אין מיין לעבן. איך בין ארומגעקראכן אהער און אהין מיט די מיידלעך, איך האב פאר זיי געצייכנט און געמאלט פארשידענע זאכן מיט פארבן. און מיין ווירטין די באראנעסע האט נישט גערעדט און נישט געטון מיר גארנישט אזוינס, וואס עס קאן זיך נישט דערלויבן א גוט-דערצויגענע דאמע, ניין, גלויבט מיר, קיין שום נישט-שיינע און קיין שום שלעכטע זאך האט זי נישט געטון. איבעריקנס, ביי איר איז געבליבן די רגילות אמאל אויפ־צוהויבן די הענט איבערן קאפ ווי א געוועלב, אין וועלכער זי איז דאכט זיך געשטאנען, און דאס איז ביי איר ארויסגעקומען זייער שיין. ביים טיש האט זי זיך געהאלטן, סיידן דאס, וואס זי פלעגט אמאל אויעקשטעלן ביידע עלנבויגנס אויפן טיש, טראגנדיק דאס עסן צום מויל, אדער זי האט געטרונקען פונם קריגעלע.

מיר האט זיך געוואלט אויסמאלן דעם אינערלעכן אויסזען פון מאקס פאראדענס צימער. עס האט געזאלט באקומען זיך א פיין בילדל מיט א גרויסן זילבערנעם מלאכל אין ווינקל, און מיט צוויי גראווירן אויף דער וואנט איבער דעם ראיאל. איבעריקנס, אלץ, וואס איז געווען דא אין שטוב, האט מיך נישט אינטערעסירט.

סיידן נאָר דאָס גלעזל מיטן רויטן וויין, וואָס ראָזע האָט איבער־געלאָזן אויפן טיש. דאָס האָט ווידער געדאַרפט דאָ שטיין אויף דער מיטאָגדיקער זון, אַ טונקל־רויטס, אַן איינזאַמס און פונקט ווי אויסלעשנדיק זיך.

און געווען איז גאָר דאָ אין דעם גרויסן הויז פיל מער לעבן און פאַרווילונג, איידער ביי האַרטוויגסענען. דאָ זענען אָפטמאָל געווען אפילו אויסלענדישע קאַפּיטאַנען, ווען דער שטורם פלעגט פאַרטרייבן זייערע שיפן אין האַפן. צווישן זיי האָט זיך איינמאָל געטראָפן אפילו אַ רוס, מיט וועלכן איך האָב גערעדט, וויפל איך האָב געקאָנט, פראַנצויזיש. דאָס וועטער האָט פאַרהאַלטן זיין גרויסע שיף אין אונזער האַפן אויף עטלעכע טעג. איך מיט דער באַקאַנטע זענען געפאָרן צו אים אויפן שיף. ער האָט גע־קויפט עטלעכע פעל פון בערן און פון בלויע פוקסן, וואָס ראָזעס פאָטער האָט פאַרקויפט.

אין סירילונד האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט איינצושאַפן זיך אַנשטענדיקע קליידער, און דעריבער האָב איך געקאָנט אומע־טום זיין נישט שטערנדיק זיך. איך פלעג אַמאָל קומען אין קלייט און קוקן אויפן עולם, וואָס גייט אַריין און אַרויס, אויף די אָר־טיקע איינוווינער און אויף די אָנגעפאָרענע, אויף דורכרייזענדער, וואָס האָבן זיך אָנגעגרייט ברויט אין דער בעקעריי און האָבן געאיילט ווייטער אויף די פישער פון דרום, וואָס האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג געשטופּט אַרום שענק־טיש און זענען נאָכדעם אַוועק איבערן וועג שיכורע מיט אַ טומל און אַ גוואַלט.

כמעט אַלע איינוווינער פון סירילונד גופא האָבן געהאַט צונעמעניש. דא זענען געווען אי סוחן דער וועכטער, אי אַלע דער פויערל, נאָר זיי זענען געווען קאַפּיטאַנען, און דעריבער זע־נען די צינעמענישן צו זיי נישט גאָר צוגעקלעפּט געווען. דערפאַר איז דאָ אויך געווען בראַמאַפּוטרע אַלע דעם פויערלס ווייב. זי איז געווען אַזוי צוגעלאָזן און פריינטלעך צו פרעמדע, אַז דער מאַן האָט איר געמוזט היטן די טריט. איבעריקנס, אַזעלכע איז געווען אויך עלען, וואָס איז אַמאָל געווען אַ שטוב־מיידל אין הויז, נאָר פאַראיאָרן האָט זי חתונה געהאַט פאַר סוחן דעם וועכטער. זי איז געווען פאַרליבט אין דעם איינציקן אויף דער וועלט מענטשן:

אין מאקן גופא! און ס'איז כדאי געווען צו זען, ווי איר פנים האָט זיך געביטן, ווען ער האָט אויף איר געקוקט, אָדער ווען ער איז צוגעגאנגען צו איר אויפן הויף, זאָגנדיק איר עטלעכע ווערטער פארבייגייענדיק. אָ, עולם מיט צונעמענישן איז אין הויף געווען א גאנצע מחנה: יענס דער פּאָטערל, דער העקלמאכער, און לסוף נאָך עפּעס א שנאָרער, וואָס איז ווינטער געקומען און האָט געהאקט האָלץ פאר דעם גאנצן הויף. ער האָט געהאט קורצע פיסלעך און דעריבער האָט מען אים גערופן פשוט „טושע".

מיך האָבן זייער פארווילט די באאָבאכטונגען איבער דעם אויפזעער פונם לייבט-טורעם שעניננ, בשעת ער פלעגט זיך אמאָל שלעפּן אין קלייט ארייַן נאָך עפּעס סחורה. דאָס איז געווען א מענטש מיט א משונהדיקן כאראקטער אָן א שיעור, אָבער אויך מיט א ברייטער געניטקייט אין לעבן. ער איז פיל ארומגעפאָרן און האָט פיל געטראכט, און אין זיינע רייד איז געווען פיל אייגנארטיקס, איבעריקנס, דערפאר איז אים טאקע נישט לייכט געווען ארויסצורופן אויף א שמועס. גרעסטן טייל האָט ער גאווהדיק געשוויגן. איינמאָל איז א פויער צוגעפאָרן צו דער קלייט אויף א וועגל. ער איז אריין אין קלייט, און דאָס פערד איז געבליבן ביים גאנעק מיט א לאנגער טאָרבע, אונטערגעבונדן אונטער דער מאָרדע ביז סאמע די אויגן. דאָס פערד האָט שוין מער נישט געגעסן, די טאָרבע איז געווען א ליידיקע, און ס'איז נאָר געשטאנען אויפגעהויבן דער קאָפּ און געקוקט. דעמאָלט האָט דער אויפזעער פונם לייבט-טורעם געזאָגט וועגן דעם פערד:

— איינגעשלייערט פונקט ווי א מאכמעדאנערין!

ביסלעכווייז מיט פאָרזיכטיקע נאָכפרעגענישן איז מיר געלונגען אביסל צו דערוויסן זיך ביי אים וועגן די' ווייטע לענדער, אין וועלכע ער איז אויסגעווען.

לסוף שוין, צום סוף זומער איז אין קלייט אריינגעקומען פער גיו טרעוועליאַן — געשעפטלעך, און באשטאנען איז דאָס געשעפט אין דעם, וואָס ער האָט געדארפט אויספרווון און אויסקלויבן זיך דעם בעסטן קאָניאק אין מאָקס קעלער און אפּקויפן א טייל צום טרינקען. ער האָט ארייַנגעלייגט עטלעכע פלעשער

אין אַ רייזע-זאַק, גענומען אַ טרעגער און איז אַוועק. ער איז אַוועק ווייט הינטער די בערג, אין די אומענדלעכע מאָראָשקענע זומפּן. דאָ האָט זיך סער גיז אַוועקגעלייגט אויף גאַנצע טעג און האָט געטרונקען קאָניאַק, ביז די אויגן האָבן ביי אים פאַרלוירן יעדן אויסדרוק, און דער קאָפּ איז ביי אים געוואָרן פאַרהאַלצט. זיין טרעגער איז צוויי מאָל געקומען קיין סירילונד נאָך נייעם קאָניאַק. ווען ער איז געקומען דאָס דריטע מאָל, האָט מאַק אויף אים אַ קוק געטון, אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט: „ניין". דער טרעגער האָט געפּרוווט דערנידעריקט בעטן. מאַק האָט נאָכאַמאָל געזאָגט „ניין", און מער האָט ער קיין וואָרט נישט געזאָגט. אָבער מיט סער גיזען איז שלעכט געווען אין די מאָראָשקענע בלאָטעס. ער איז ביידערנאַכט געשלאָפן אונטערן הוילן הימל און האָט גאָר-נישט געגעסן אויסער יאַגאָדעס, וואָס דער טרעגער האָט פאַר אים אָנגעקליבן אין זיין היטל. אויפן פערטן טאָג האָט מאַק גע-שיקט סווען דעם וועכטער און נאָך איינעם פון זיינע מענטשן אין די זומפּן מיט פיל גוטע שפּייז פאַר דעם פאַרחלשטן ענגלענדער.

און ווי מאַק איז געווען צו סער גיז, אַזאַ איז ער אויך גע-ווען צו זיינע מענטשן—אַן אמתער פריץ פאַר אַלעמען. הגם געלט אין געשעפט און אין דער גאַנצער אונטערנעמונג האָט האַרטוויג-סען געהאַט מער, אָבער מער געאַכט איז געווען מאַק. איך האָב מיך דערוווּסט, אַז אין פיל הינזיכטן האָט מאַק אַ שלעכטן נאָמען, אָבער אַזוי ווי ער איז געבוירן געוואָרן אַ פריץ, האָט ער גע-קאָנט באַזייטיקן יעדע צודרינגלעכע אַריינמישונג אין זיינע עסקים. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז, למשל, אַ בייזער טייוול, אַן אמתע שטראָף פון גאָט פאַר מיידלעך, אַזאַ טבע האָט ער גע-האַט. מען האָט אויך געשמועסט וועגן זיינע וואַרעמע וואַנעס: בלומרשט ער נעמט זיי, ליגנדיק אין וואַסער אויף אַ פּערענע, בלומרשט ער נעמט זיי עטלעכע מאָל אַ וואָך, באַזונדערס ווען עס פאַלט שוין אויף אים אָן אַזאַ משוגעת, אַ מין אָנגריף פון אַ פיבער, און דערביי געפינט זיך איינע און אַמאָל גאָר צוויי מייד-לעך. ס'איז אויסגעקומען, אַז ער איז אַן אומבאַצוימטער נואף. איינמאָל, זאָגט מען, האָט זיך בראַמאַפּוטרע אויסגערעדט, אַז גאָר-

נישט אַלעמאָל באָדט זיך מאַק אַליין, נאָר אָפט לאָזט ער די מיידלעך באָדן זיך אין זיין אָנוועזנהייט, און ער נעמט פון זיי קיין אויג נישט אַראָפּ, איצט האָט מאַק צו זיך גענומען פאַר אַ דינסט די יונגינקע פּעטרינע, און ער האָט געוואַרט ביז זי וועט אונטער-וואַקסן און דערגרייכן ביז דעם געזעצלעכן עלטער. יאָ, זי איז פּונקט ווי אַ תבואה-זאַנג געוואַקסן אין זיין גאָרטן, ביז מען וועט זי דאַרפן. איבעריקנס, זי איז שוין, קאָן זיין, לאַנג צייטיק געוואָרן פאַר זיך און פאַר מאַקן: אַזאַ אומפאַרגלייכלעכע פיגור האָט זי געהאַט און אַזאַ זאַפטיקן געלעכטער. דאָס נעזל איז ביי איר גע-ווען קאַפּריזיק פאַרריסן אַרויף. דער אויפזועער פונם לייבט-טורעם האָט איינמאָל געזאָגט, אַז די נאָז שטייט ביי איר פונקט ווי אויף די שפּיצן פינגער.

# XI

ס'איז אָנגעקומען דער אָוונט. די מיידלעך האָבן זיך געלייגט שלאָפן. איך קריך אַרום אויף דער פרייהייט און איך טראַכט וועגן דאָס און יענץ. ס'איז אַ זון, וואַרעם, אויף דער גרינער לאָנ-קע ליגן אַלע סירילונדער קי און זענען מעלה-גרה. פון צייט צו צייט לאָזט זיך הערן גאָר אַ קלונג פון אַ גלעקל, ווען איינע פון זיי גיט אַ קער דעם קאָפּ, אָפּטרייבנדיק אַ מוק, חוץ דעם איז אַלץ שטיל. איך בין צוגעגאַנגען צו איינער און האָב אָנגעהויבן שטיל צו רעדן, און איר איז עס, אפנים, געפעלן געוואָרן, הגם זי האָט אפילו נישט אַ קוק געטון אויף מיר. זי האָט נאָר גע-קרעכצט, ריטמיש געקייט און געגלאָצט די אויגן אינם רוים. אָ, ווי זי האָט זיי געגלאָצט! גאָט, איינמאָל אַ פינטל און ווידער גע-גלאָצט די אויגן אין דער גרענעצלאָזיקייט.

איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזן צו דעם האַפן. דאָ, אין דעם דאָזיקן שיינעם אָוונט, האָט נאָך עמעצער געפּאָרעט זיך אַרום אַן אַרבעט. דער באַנדער חילאַרם פון האַפן און נאָך עמעצער זענען געהאָנגען אין פאַרבער-וויגעלעך און האָבן אויפגעהאָנגען אויף דער

וואַנט פונם האַפן אַ נייע שילד. אויף דער שילד איז געשטאַנען: „מאַק & האַרטוויטש". איך האָב מיך געזעצט אין שיפל און בין אָפּגעשווּמען פונם ברעג, כּדי אַ קוק צו טון אויף דער שילד פונווייטן. אונטער דער נייער שילד איז געבליבן די אַלטע, מיט אַ באַנייטער אויפשריפט: „לאַגער פון זאַלץ און פעפער". און באַזונדער, גאַר אַליין פאַר זיך, איז געשטאַנען אַ שוואַרצע האַנט מיט דעם ווייז-פינגער אַראָפּ. דאָס איז געווען זייער געשמאַקלאָז — די דאָזיקע אָפּגעזונדערטע האַנט, וואָס איז פון דער העלער הויט געקומען אויף דער וואַנט און באַווייזט פלייסיק אַראָפּ-צו.

איך בין ווידער צוגעשווּמען צום ברעג און האָב אויפן האַפן באַגעגנט האַרטוויגסענען.

— האָב איך דען נישט געזאָגט, אַז איך מוז אויף אַלץ אַכטונג געבן, — האָט ער געזאָגט — אָט הענגען זיי אויף די שילד, אָבער צי וועט זי זיין גוט אַזוי, און צי וועט מען זי קאָנען לייענען פונם פּאָסט-דאַמפער?

— דאָרט אויף דער וואַנט שטעקט אַ האַנט. זי דאַרף דאָרט נישט זיין, — האָב איך געזאָגט.

— ניין? איר מיינט אַזוי? דאָס האָט אַלץ אָנגעשמירט דער העקלמאַכער. ער האָט געזאָגט, אַז דאָ מוז אומבאַדינגט זיין אַ האַנט, ווי אין די שטעט. און וואָס זאָגט איר וועגן די אותיות?

— די אותיות זענען גוט.

— נו! באמת? יאָ. — איך האָב דאָך טאַקע איבערגעביטן דעם נאָמען. ריכטיק, ס'איז זייער אינטערעסאַנט צו לייענען עס איצט, ווען ס'איז אָנגעשריבן מיט אותיות. דאָס איז נישט דער פולער נאָמען מיינער. מחמת צו דער ריינער טבילה, ווען מען האָט מיך געקריסטלט, האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן בענאָני. נאָר וויבאַלד אַז איך האָב פון פאָרנט אַוועקגעשטעלט אַ „ב", וועט עס שוין קלעקן פאַרן נאָמען. אַ פיינע מטבע האָט עס מיך אָפּגעקאָסט אַוועקצושטעלן מיין נאָמען אין איין שורה מיט מאַקס נאָמען. אָבער דאָס איז ביי מיר גאָרנישט.

האַרטוויגסען האָט מיך געבעטן אָפּשווימען מיט אים אין

שיפל צום ים-אויסגוס, כדי ער זאָל קאָנען אַ בליק טון אויף זיין שילד. בעת מיר זענען געשטאַנען אין אויסגוס, האָב איך גע-טראַכט וועגן דעם, אַז ס'איז פּאָרט משונה מצד מאַקן, וואָס ער האָט געלאָזט זיין שותּף באַצאָלן זיך באַזונדער פאַר דאָס רעכט אַרויפצושטעלן דעם נאָמען אין איין שורה מיט זיין נאָמען, וויפל געלט האָט עס, אייגנטלעך, געקאָסט קאָסטן? איבעריקנס, פאַר הארט-וויגסענען איז דאָס געווען „גאָרנישט". ער האָט דאָך נישט לענ-גער ווי פּרילינגצייט געהאַט אַן אַנדער גרויסע הוצאה, ס'קאָן זיין אפשר אויף עטלעכע טויזנטער: ער האָט באַצאָלט ראָזעס מאַן פאַר דעם גט. איבעריקנס, וואָס גייט דאָס אַלץ מיך אָן?

הארטוויגסען שרייט צום באַנדעד און צו ווילאַדסן פון האַפן:

— מאָרגן רייבט אַראָפּ די דאָזיקע האַנט!

— אַראָפּרייבן?

— יאָ, מען דאַרף זי דאָרט נישט האָבן!

נאָכדעם רודערן מיר ווייטער צום ברעג, און הארטוויגסען זאָגט צו מיר:

— זעט איר, ווען איך וואָלט נישט געקומען און נישט גע-מאַכט קיין פאַראָרדנונגען, וואָלט די האַנט דאָ געבליבן אויף דער וואַנט. יאָ, איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? עס לעבט זיך אייך גוט אין סירילונד?

— יאָ, אַ דאַנק.

— איר האָט גאָרנישט געדאַרפט אַרויספאָרן פון מיר, איצט איז שוין מאַרטע אונטערגעוואַקסן. איך וואָלט פאַר איר געדאַרפט האָבן אַ לערער.

איך האָב געענטפערט, אַז מאַרטע וואָלט געקאָנט גיין אין דער געזעלשאַפטלעכער שול, ווען די צייט וועט קומען. אָבער הארטוויגסען האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין.

— די מעשה איז, — האָט ער געענטפערט — וואָס דאָס מיידל איז ביי אונז געווינט צו רעוועראַנסן, און אפילו אַנדערע גוטע זאַכן האָבן מיר איר אויסגעלערנט. אַזוי אַז איך מוז אומבאַדינגט נעמען פאַר איר אַ לערער.

איך האָב דעמאָלט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז מאַרטע

וואָלט גיך געקאָנט קומען לערנען זיך צוזאַמען מיט דער באַראָנעסעס קינדער. אָבער דאָס איז פאַר האַרטוויגסענען אויך געווען נישט צום האַרצן.

— איך נויטיק מיך נישט, אַז דאָס מיידעלע זאָל לערנען אומזיסט. — האָט ער געזאָגט.

בעת מיר זענען, צוריקגייענדיק פון האַפן, געגאַנגען פאַרביי זיין הויז, האָט מיך האַרטוויגסען איינגעלאַדן צו זיך. ראָזע איז געזעסן אויפן גאַניקל. מיר האָבן זיך צוגעזעצט צו איר, און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן דאָס און יענץ. זי האָט מיר אַזוי שטיל, אַזוי ליבלעך געענטפערט אויף מיינע פראַגן מכּוח איר געזונט. האַרטוויגסען האָט לסוף גאָר גענומען בעטן מיך צוריק איבערצופאָרן צו אים און ווערן מאַרטעס לערער. היות ווי כ'האָב נישט געקאָנט איינגיין דערויף, איז ער געווען זייער באַליידיקט. פונדעסטוועגן בין איך פריליגנצייט געקומען צו אים דעם ערשטן, האָט ער מיר דערמאָנט. ראָזע האָט געשוויגן.

— יאָ, יאָ, איר וואָלט געדאַרפט אַביסל וויניקער זיין פאַר-טרויט אין דער ליבער עדוואַרדען, — האָט האַרטוויגסען געזאָגט, שאָקלענדיק פילבאַדייטיק מיטן קאָפּ—מחמת, ווייסט איר, ס'איז זי שווער איינצובייסן. מער וועל איך גאָרנישט נישט זאָגן.

פונדעסטוועגן האָט האַרטוויגסען נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף קיין ענטפער, פאַרלוירן יעדע מאָס פון איינגעהאַלטנקייט און איז אַוועק ווייטער.

— איר מאָן האָט זיך דאָך ווינטער דערשאָסן!

ראָזע איז רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן.

— גו-ו. בענאַני!—האָט זי געזאָגט.

— זיי אַזוי גוט, איך ווייס שוין וואָס איך רעד! — האָט האַרטוויגסען ווייטער גערעדט, אָנבלאָזנדיק זיך פון גאווה, וואָס ער ווייסט מער ווי אַנדערע.

פונדעסטוועגן, ווייזט אויס, אַז ראָזע האָט אויך געוווּסט די דאָזיקע נייעס, זי האָט יעדנפאַלס געפרעגט:

— פונוואַנען ווייסטו? דאָס איז דאָך זיכער מער נישט ווי רכילות. דו וואָלסט בעסער געדאַרפט וועגן דעם שווייגן.

הארטוויגסען האָט געענטפערט, אַז ער ווייס עס פון א מענטשן, וועלכער האָט דעם ווינטער געליִיענט אין די צייטונגען, דהיינו, פון דעם לענמאנס שרייבער, אַזוי אַז דאָס איז שוין זיכער. מען האָט עדוואַרדען אַליין אַרויסגערופן מפוח דעם ענין צו דער אויספאָרשונג.

ווי ריין און גוט ראָזע׳איז געווען אין דער דאָזיקער רגע! איך האָב גלייך באַמערקט, אַז די דאָזיקע נייעס איז שוין לאַנג געווען פאַר איר אַן אַלטע און אַ באַקאַנטע, נאָר אפילו אין דער גרעסטער אייפערזוכט האָט זי זיך מיט איר נישט באַנוצט. מיר וואָלט זיך געוואָלט פאַלן איר צו די פיס. דאָרט איז געווען מיין אָרט!

יאָ, דאָרט איז אויך געווען הארטוויגסענס אָרט.

איך האָב נאָך לעת-עתה קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. נאָר ווען ראָזע האָט אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז עדוואַרדעס מאַן האָט זיך געקאָנט נעמען דאָס לעבן בעת אַן אָנגריף פון משוגעת, האָב איך אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אַלס אַ צייכן, אַז איך בין מסכים, און דערמיט האָב איך געענדיקט. דעמאָלט האָט הארטוויגסען, ווענדנדיק זיך צו מיר אַ צערייצטער, זיך פונאַנדערגעלאָזן מיט אַזעלכע ווערטער:

— נו, טאָ זייט אייך מיט איר געזונטערהייט! איר ווייסט נאָר: מיר האָט זי געזאָגט, אַז איר זענט אַן אומבאַדייטנדע פערזענלעכקייט. יאָ, יאָ, איר מעגט עס וויסן!

ראָזע האָט, זיכער, מער נישט געוואַגט איינצוהאַלטן אים. זי איז אויפגעשטאַנען פונם גאַניקל און איז אַריין אין די צימערן.

מיר איז געוואָרן זייער אומאַנגענעם, און איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון פרעגן:

— זי האָט עס געזאָגט?

— „זייער אַ גוט-דערצויגענע, נאָר אַן אומבאַדייטנדיקע פערזענלעכקייט".—דאָס זענען אירע ווערטער.

הארטוויגסען האָט געוואָלט, איך זאָל גוט דערפילן דעם שנאָל אין נאָז: ער איז אויך אויפגעשטאַנען און גענומען וואַרפן די טויבן שפייז, הגם ס׳איז שוין געווען שפעט אינאָוונט.

איך בין אַוועק, האָב אַרום געבלאָנדזשעט אַביסל פאַרביי

דער לאָנקע מיט די קי. ווייט הינטער דער מיל, אין וואַלד׳ צו די פעלזנשפּיצן. מיין אייגגליבע האָט זייער געליטן. הייסט עס, מיין גאַנצע גוט־דערצוויגנקייט איז גאָרנישט ווערט אין די אויגן פון מיין ווירטין, איך האָב מיך געפּרוּווט טרייסטן; יאָ, אַזוי האָט געזאָגט די באַראָנעסע, אָבער צוליב דעם ענדערט זיך דאָך גאָרנישט, דער הימל פאַלט נישט אַראָפּ אויף דער ערד. אָך, פונדעסטוועגן בין איך געווען טיף אומגליקלעך! איך האָב דאָך מער גאָרנישט נישט געהאַט ווי די דאָזיקע גוט־דערצוויגנ־קייט, מער קיין זאַך נישט אויף דער וועלט. איך בין נישט געווען קיין באַצויבערנדיקער יונגערמאַן: די פיגור איז ביי מיר געווען אַ מאָגערע, און דעם אמתזאָגנדיק, דאָס געזיכט איז ביי מיר אויך נישט געווען שיין, ובפרט אַז איך האָב אויפן פּנים געהאַט אַפילע ווערעמלעך. דערפאַר טאַקע האָב איך עס גע־פּאָלגט מיינע עלטערן: באַמיט זיך צו לערנען און באַווייזן אין צייכענען און מאָלן. אָבער איך מוז מיך מודה זיין, אַז אָנגעבנדיק זיך פאַר אַ דרייסטן יעגער, האָב איך מיך גיכער באַרימט, איידער געזאָגט דעם אמת: איך בין נישט געווען אַזאַ יעגער און אַזאַ פוסגייער ווי מונקען ווענדט. איך האָב נאָר געהאַט בדעה אַביסל צו וואַנדערן צוזאַמען מיט אים און אויסלערנען זיך ביי אים די גרויסע תּורה פון באַציען זיך צו אַלץ גלייכ־גילטיק.

איך האָב געטראַכט וועגן דעם אַלעמען, און בין דערווייל אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען פאָרויס, ביז איך האָב אינגאַנצן פאַרלוירן די כּוחות. איך האָב מיך אינסטינקטיוו פאַרקליבן אין סאַמע געדיכטעניש פון וואַלד, כּדי דאָרט צו באַהאַלטן זיך. איך האָב מיך געפונען פאַר אַ געדיכטעניש פון הושענא־ביימער, דורך וועלכע מיר איז אויסגעקומען דורכצוקריכן אויף אַלע פיר פיס, כּדי נאָכדעם צוצוזעצן זיך ענדלעך און אָפּרוען אויף דער פרייהייט. פונקט ווי עפּעס וואָלט מיך געצויגן אַהין, פונקט ווי גאָט אַליין וואָלט מיך גערופן אַהין, איך זאָל אים אין עפּעס קאָנען העלפן ביי גאָר מיין נישטיקייט.

איך קריך מיר איבער דעם שמאָלן שטעגל, וואָס חיות

האָבן, מסתמא, אויסגטראָמן. ווען דאָס שטעגל האָט זיך איבערגע־האקט, האָט זיך פאַר מיינע אויגן באַוויזן גאָר אַ קליין קיילעכיק פליינדל מיט אַ קליינעם סטאַוו אינמיטן. איך האָב מיך שנעל אַוועקגעשטעלט אויף די פיס אַ מטושטשער און איך קוק, — און דער גאַנצער אָרט, דאַכט זיך, קוקט אויך אויף מיר. איך האָב קיינמאָל נישט געזען אַזאַ קליינטשיקס און קיילעכיקס ערטל. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אינם וואַסער האָט דאָ געלעבט עפּעס אַ ווען, וואָס האָט זיך פלוצלינג אויפגעהויבן און איז אַוועקגע־פלויגן, און מיט זיך אַוועקגעטראָגן דעם דאַך.

בעת די ערשטע פאַרוווּנדערונג מיינע איז אַריבער, הויב איך אָן צו געפינען אַ פאַרגעניגן אין דער טויטער שטילקייט פון דעם אָרט. די ליכטיקייט איז אַהער אַריינגעדרונגען נאָר פון אויבן, גלייך ווי אין אַ ברונען, און קיינער האָט מיך דאָ נישט געקאָנט זען, סיידן פון אויבן. — „דאָ איז גוט!" — טראַכט איך. היות ווי דער סטאַוו איז אַזוי פלאַך און קליין, בויג איך מיך אויך אָן נידעריקער, כּדי צו זיין נענטער צו אים און עס זאָל אונזביידן זיין היימלעכער. און אָט זעען מוקן אויך. איך באַמערק, אַז איינ־ציקע מוקן הויבן אָן זייער טאַנץ ערגעץ אָן אַ זייט, און ערשט נאָכדעם הויבן זיי אָן דאָ צו טאַנצן צוזאַמען מיט אַנדערע מוקן. אויף דעם אויבערפלאַך פון דער קאַלווזשע ליגט אַ פלעווקע, אַזוי אַז ווען די מוקן רירן זיך אָן איר אָן, פאַרנעצן זיי נישט די פליגלען. איבער איר לויפן אַרום אויך וואַסערשפּינען און אַנדע־רע פליגעלעך, נישט איבערלאָזנדיק הינטער זיך קיין שפּורן. אַ קליינער אַרבעטנדיקער שפּין האָט זיך באַזעצט רוען אין זיין שפּינוועבס אויף אַ צווייגעלע.

און איך האָב פאַרגעסן, אַז איך בין אַזוי באַליידיקט און פאַרווונדעט אין מיין אייגנליבע. דאָ איז אַזוי גוט! דאָ איז נישטאָ נישט קיין רעכטע, נישט קיין לינקע זייט — בלויז אַ היקף. דאָ שטייען הושענות, דאָ גרינט גראָז. אַלץ איז דאָ אַלט און ענג. דער דאָזיקער אָרט איז קיינעמס נישט און ליגט זיך דאָ דור איין דור אויס, בשעת מענטשן לעבן ערגעץ און שטאַרבן. און קיין זאַך דערמאָנט מיר דאָ נישט וועגן דעם, אַז זיצנדיק דאָ פאַרליר

איך צייט: דאָ איז קיין זייגערס נישטאָ, און אַ מאָס פאַר אַלץ איז דאָ נאָר די קליינע וואַסער־זאַמלונג מיט דער געדיכטעניש פון די הושענות אַרום.

מיר ווילט זיך אויסציען אויפן רוקן און אַנטשלאָפן ווערן, אָבער איך האַלט מיך אָפּ און טו נישט וואָס איך וויל, דער שפּין האָט זיך אַ ריר געטון, מסתמא וועט זיין אַ רעגן. אין דער זעלביקער צייט באַמערק איך, אַז פון דעם סטאַוו זענען נעלם געוואָרן פונקט ווי אַרויסגעקערט, די מוקן, און זיין אויבערפלאַך איז באַדעקט מיט אַ מאָרע. איך קוק מיך ווידער אַרום, און אַ וואונדערלעך סומנע געפיל נעמט מיך דורך: איך אַנטדעק, אַז עמעצער איז אָקאָרשט געווען אויף יענער זייט פון דער קליינער וואַסערזאַמלונג: עטלעכע הושענות זענען אָפּגעהאַקט. גלייך ווי מיט דעם ציל ברייטער צו מאַכן דעם ברעג, און די וואָרצלען זענען נאָך גאָר פריש, — דאָס איז געטון געוואָרן היינט. איך שפּרינג אַריבער איבער דער קאַלוזשקע. דער ברעג הוידעט זיך אַביסל, הגם דער באָדן איז אַ פעסטער. מיין בליק פאַלט אויף די וואָר־צלען, און אַ משונה צעררודערונג כאַפּט מיך אָן: איך זע, אַז דאָס איז געטון געוואָרן מיט דער לינקער האַנט. מסתמא האָט די דערציילונג, וואָס איך האָב מיט אַ קורצער צייט צוריק געהערט, מיך געמאַכט פאַר אַזאַ באַאָבאַכטער. איך האָב גענומען די אָפּ־געהאַקטע הושענא־ביימער אין האַנט, גענומען דרייען זיי אויף אַלע זייטן, און האָב מיך איבערצייגט, אַז איך בין גערעכט. נאָר פאַר־וואָס... פאַרוואָס זענען געפאַלן די דאָזיקע ביימער? און וואָס זע־נען די סודותדיקע איינהאַקונגען? איך קוק מיך איין ווייטער אין דער געדיכטעניש פון די ביימער, און אַ קעלט פליט ביי מיר דורך איבערן רוקן: דאָרט, גלייך אַנטקעגן מיר שטייט אַ שטיי־נערנע פיגור — אַן אַלטער גאָט.

אָ, ער איז אַזאַ קליינינקער, אַן אָרעמענקער, אָן הענט ביז סאַמע די אַקסלען און מער נישט ווי מיט עפּעס נישטיקע פּאַ־סעקלעך אָנשטאָט אויגן, אַ נאָז און אַ מויל. דער אָנהויב פון די פיס איז אויך באַצייכנט געווען מיט אַ שניט אויפן שטיין, און די

פּיס גופא זענען נישטאָ. און כּדי דאָס געטשקע זאָל נישט פאַלן, האָט מען אונטערגעשפּאַרט מיט שטיינער.

לכתּחילה האָב איך אַ טראַכט געטון, אפשר האָט מיך צו־ליב דיר דער ליבער גאָט אַהער פאַרפירט, אַז איך זאָל אַראָפּ־וואַרפן דעם דאָזיקן אָפּגאָט אין וואַסער? נאָר בעת מיין האַנט איז שוין גרייט געווען צו טון דאָס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אים איז נישטאָ קיין שום קראַפט, פאַרקערט, עפּעס אַ וווּנדערלע־כע שוואַכקייט האָט זיך געפילט אין אים. איך האָב אַ קוק געטון אויף דער האַנט, כּדי צו פאַרשטיין, וואָס איז מיט איר געשען? די הויט האָט זיך אויף איר פּונקט ווי צונויפגעקנייטשט. מיט פאַרוווּנדערונג און מיט שרעק פיר איך אַריבער דעם בליק פון דער האַנט אויפן אָפּגאָט און פאַרקערט. אָ, דאָס איז געווען אַ חרפּה פאַר גאָט — דערשרעקן זיך פאַר אַזאַ מיאוסקייט! ס׳האָט אויסגעוויזן באמת, אַז אַמאָל, שוין לאַנג, איז ער געווען גרעסער, נאָר איצט איז ער אַריינגעפאַלן אין קינדהייט, אין נישטיקייט, און איצט איז ער געשטאַנען אַ צעקנייטשטער, אַרומגערינגלט מיט שטיי־נער, וואָס האַלטן אים אונטער. איך הויב אַנטקעגן אים אויף די צווייטע האַנט, אָבער די האַנט לאָזט זיך אַראָפּ, מיט איר קומט פאַר דאָס זעלביקע, וואָס מיט דער ערשטער: די הויט ווערט גרוי און צעקנייטשט אויף מיין לינקער האַנט אויך.

דעמאָלט שפּרינג איך צוריק אַריבער איבער דעם סטאַט
און קריך אַרויס צוריק פון דער געדיכטעניש.
גרויסע טראָפּנס רעגן האָבן גענומען טריפן.

## XII

קיין סירילונד איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ראָזעס עלטערן, פון דער שכנישער פּאַראַפיע. דאָס איז געווען אַן איינלאַדונג אויף אַ חתונה. דאָס צווייטע מאָל האָט דער פּאַסטאָר באַרפוס געדאַרפט חופּה געבן זיין טאָכטער. בכן, איז אַלץ, הייסט עס, גרייט געווען צו דער דאָזיקער פייערלעכקייט. צו מיר זענען

שוין דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אין צוויי שכנישע קירכעס זענען פאָר־געקומען מעלדונגען. פונדעסטוועגן האַלט האַרטוויגסען, לויט דעם פויערשן מנהג, זיין חתונה בסוד. נו, מילא! — אַלץ ווערט געטון מיט גאָטס ווילן.

עס איז געגאַנגען אַ רעגן אָן אויפהער, און די נסיעה אויף דער חתונה האָט געדאַרפט פאָרקומען אין מאַקס וויים שיפל. אָבער היות ווי די קליינינקע מאָננא, איינע פון דער באַראָנעסעס טעכטער, איז שלאַף געוואָרן, האָבן ביידע מיידלעך געמוזט פאַרבלייבן אינדערהיים. אַזוי אַרום האָב איך אויך נישט געקאָנט אויסנוצן די איינלאַדונג. די באַראָנעסע האָט זייער ליבלעך דורכגערעדט זיך מיט מיר און פאָרגעלייגט אַליין צו פאַרבלייבן אינדערהיים, כדי איך זאָל קאָנען פאָרן. אָבער דאָס איז שוין געווען גאָר נישט קיין שכל, און וועגן דעם האָט מען אפילו רעדן נישט געקאָנט, מאַרטע האָט אויך געדאַרפט פאַר־בלייבן מיט מיר און מיט די מיידלעך.

די חתונה איז פאָרגעקומען שטיל, דערפאַר וואָס די כלה האָט ערשט אַזוי נישט לאַנג חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן. יאָ, די חתונה איז פאָרגעקומען אַזוי שטיל, אַז דאָס איז גאָר נישט געפעלן געוואָרן דעם חתן. ער וואָלט גערן צונויפגערופן ביידע פאַראַפיעס און געמאַכט אַ מאָלצייט מיט גאַנצן טשאַק.

צוריקגעקומען אַהיים, האָט ער מיר געזאָגט:

— מיר וואָלט אָנגענעם געווען צו זען אייך אויף מיין חתונה.

איך האָב באַדאַנקט און געענטפערט, אַז צוליב פאַרשי־דענע סיבות האָב איך עס נישט געקאָנט. ערשטנס, בין איך אַ מענטש אויף אַ פאָסטן, און מיין ווירטין איז אַליין געווען איינגעלאַדן. צווייטנס, האָב איך נישט געהאַט קיין פראַק, און די זייער באַגרענעצטע וויל־דערצויגנקייט מיינע האָט מיר גע־זאָגט, אַז קיין אַנדער מין בגד איז נישט פאַסיק אָנצוטון אויף אַזאַ גרויסע פייערלעכקייט.

אָט וואָס איך האָב געענטפערט. אפשר וועט האַרטוויגסען אַנדערע איבערגעבן וועגן דער דאָזיקער לעצטער עיקרשטער

סיבה מיינער; איך האָב גאָרנישט געהאַט קעגן דעם. שפּעטער, איבעריקנס, האָב איך געהערט, האַרטוויגסען אליין האָט אויף דער חתונה זיך אויסגעפּוצט אין שטיוול, באַלייגטע מיט פילץ, בּדי ארויסצורופן פאַרוואונדערונג ביי די סוחרים פון די ווייטע שכערן. און עמעצער האָט אים געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דאָס איז לעכערלעך אום זומער, האָט האַרטוויגסען געענטפערט:

— מיך גייט לגמרי נישט אָן, וואָס מאַך טוט, אָדער וואָס ער טוט נישט. וויבאַלד אַז ביי מיר פרירן די פיס, מוז איך אָן וואַרעמע שטיוול. נישקשה, איך האָב אַלערליי שוכוואַרג.

בכן, האָט ראָזע אַ צווייטן מאָל חתונה געהאַט. פּונקט צוועלף דעם זייגער בין איך אוועק צו איר אַהיים און אָפּגע-געבן איר מזל-טוב. זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און גע-דאַנקט שמייכלענדיק. זי האָט אונז אָנגעגאָסן וויין אין די קע-לישקעס, און איך בין פאַרבליבן אַביסל זיצן. זי האָט גענומען דערציילן, אַז סאַמע ביי דער קירכע איז איר געקומען אַנטקעגן דער לאָפּאַר גילבערט. און אויף איר איז אָנגעפאַלן אַ שרעק, און ווי זי דערציילט אַזוי, קומט אַריין האַרטוויגסען. ער האָט זייער אַ געהיימניספולן אויסזען, ער שמייכלט, ער טרינקט אויס און זעצט זיך מיט אונז.

דערנאָך נעמט ער אַרויס פון קעשענע אַ פּאַקעט מיט פולע שטעמפּלען, ער איז שטאָלץ און צופרידן, ער שמייכלט פאַר-זיך.

— אָט איז עפּעס, וואָס איך האָב נאָר באַקומען מיט דער פּאָסט, פאַרשפּעטיקט אויף אַ טאָג, אָבער פונדעסטוועגן...

דערביי עפנט ער אויף דעם פּאַקעט און נעמט פון אים אַרויס אַ רינג, וועלכן ער טוט תיכּף אָן ראָזען אויפן פינגער.

— אָט איז אַ רינגעלע, — זאָגט ער — וואַרף זשע אים ווי-דעראַמאָל נישט אוועק...

ראָזע ענדערט זיך עטוואָס אין געזיכט.

— ניין. — זאָגט זי קוים וואָס מען הערט.

און נעמענדיק זיין האַנט אין אירער, דאַנקט זי אים. דער רינג איז געווען אַביסל צו גרויס. זי האָט אים אַראָפּגענומען, אַ

בליק געטון אויף דעם נאָמען בענאָני, וואָס פון דער אינעווייניק-סטער זייט, און ווידער אָנגעטון.

אָבער הארטוויגסענען האָט נישט געלאָזן צורו דאָס, וואָס עס איז נאָך פארבליבן אין פּאַקעט אינעווייניק.

— דאַכט זיך, אז דאַרט געפינט זיך נאָך עפּעס! — האָט ער געזאָגט.

— גאָט מיינער, וואָס אַזוינס קאָן דאָרט זיין? — האָט ראָזע געפרעגט.

דעמאָלט האָט הארטוויגסען גענומען דעם פּאַקעט, באַוויזן אים אונז ביידע פון דרויסן און געטון אויף אונז א בליק, אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט גאווה:

— אָט, לייענט אייך אליין איבער. דער רינג קאָסט אינגאַנצן פיר דאָלאַר מיטן נאָמען און מיט אַלץ, און דאָ איז פארצייכנט א ווערט פון הונדערט מיט צען דאָלאַר!

הארטוויגסען וויל אונז גוט אויספייניקן. ווען איך מאַך אַן אָנשטעל, אַז איך וויל בלומרשט אוועקגיין, כדי נישט צו לאָזן זיך מער מוטשען, בעט ער מיך פארבלייבן און נישט אויפשטיין.

— קערט זיך אָפּ! — זאָגט ער.

איך הער, ווי ער קלינגט מיט עפּעס, ער גייט צו צו ראָזען און זאָגט פייערלעך:

— אָט, ראָזע, איך שענק דיר א גאָלדענעם זייגער מיט א גאָלדענער קייט!

ראָזעס אויגן ווערן ברייט פון פארוואונדערונג, זי קאָן נישט רעדן, זי האָט זיך אַזש אַראָפּגעזעצט. אָ, ווי צויבערלעך עס איז געווען איר צעמישטקייט, ווי טיף פון הארצן דאָס איז ביי איר געגאַנגען! זי איז אמאָל רויט געוואָרן, אמאָל בלאַס געוואָרן. בעת זי איז אויפגעשטאַנען און הארטוויגסענען באַדאַנקט פאַר אַלץ, האָט ער געענטפערט, אליין זייער גערירט:

— טראָג געזונטערהייט!

נאָכדעם האָט ער גענומען דעם זייגער צוריק, כדי אָנצו-דרייען און אָנצושטעלן אים. ער איז געווען ווי א קינד, און האָט דע־ביי געהאַט אַזעלכע קינדישע אויגן. אוועקגייענדיק פון דעם

יונגן פּאָרפּאָלק, האָב איך מיר שטילינקערהייט איבערגעחזרט, אַז דאָס איז, קאָן זיין, אַ גוטער אָנהויב, אפשר איז טאַקע באמת גוט, וואָס ראָזע איז אַריינגעפאַלן אין דעם הויז, יאָ, יאָ, נישטאָ מער וואָס צו רעדן אפילו, ראָזע האָט געפונען איר גליק.

טעג זענען געגאַנגען. ווידער איז געווען די זון, און ס'איז געוואָרן וואַרעם. ביינאַכט פלעגן זיין רויטע הימלראַנדן, און די ים־פייגעלעך האָבן שפּאַצירט איבער דעם ברעג־זאַמד מיט זייערע קינדער. פונדעסטוועגן האָב איך מיך פאָרט געפילט זייער איינזאַם. איך האָב דאָך נישט געקאָנט גיין אַלע טאָג צו ראָזען און צו האַרטוויגסענען אין הויז. אגב, איז פאַר מיר גאָרנישט געווען אַזאַ גרויסע שמחה דאָרט צו זיצן. די באַראָנעסע האָט זיך נישט אינטערעסירט נישט מיט מוזיק, נישט מיט מיר, אַזוי אַז איך פלעג שפּילן ווייניק, ביי טאָג, בעת מאַק איז געווען אין דער קאַנטאָר, און די באַראָנעסע איז ערגעץ ווהין אַוועק. איבעריקנס, איך האָב אויך שפּאַצירט מיט די קינדער, ווי די ים־פייגל מיט זייערע עופעלעך.

ציימנווייז איז אָבער זייער פריילעך מיט די מיידלעך, ווען זיי האָבן מיך געפונען ליגנדיק אויפן גרינעם גראָז, און וועלנדיק זיך ראַנגלען מיט מיר, האָבן זיי זיך אויף מיר אַרויפגעזעצט, איך זאָל נישט קאָנען אויפשטיין. איך האָב מיך פּאַמעלעך איבערגעקערט, און דערמיט אַראָפגעטרייסלט זיי פון זיך, אָבער זיי פלעגן תיכף־ומיד אויפכאַפּן זיך פון דער ערד און גיכער מיט אַלע כוחות לאָזן זיך קלעטערן אויף מיר, כדי איינצוהאַלטן מיך. טאָנינאַ פלעגט זיך דערביי אָנבלאָזן און ווערן רויט ווי אַ בוראַק. דעריבער האָט זי זיך געסטאַרעט כאַפּן מיך פאַר דער נאָז, מיינענדיק, אַז אין דעם איז דער גאַנצער קונץ. אָבער פאַר די האָר האָבן זיי מיך קיינמאָל נישט געכאַפּט. אמאָל פלעגן זיי זיך נעמען רייבן מיר דעם פּנים, כדי אַראָפּצורייבן די שוואַרצינקע פינטעלעך. זיי פלעגן מיך דעמאָלט אָנרייבן אי מיט שפּייעכץ, אי מיט ים־וואַסער, אַזוי אַז די הויט איז ביי מיר נאָך רויטער געוואָרן ווי געוויינלעך. דאָס זענען געווען אומגעוויינלעך גוטע קינדער. נאָר לסוף האָבן זיי, ווי די טבע איז ביי קינדער, געקראָגן אַן אַנדערן

פריינט: זיי האָבן גענומען באַגלייטן יענס דעם פאַטערל, ווען ז'ר איז, לויט זיין מלאכה האָט געפאָדערט, געגאַנגען איבער די אַרומיקע הייזער נאָךביינער. זיי האָבן אַלעמאָל אויסגעבעטן ביי זייער מוטער אַ דערלויבעניש אויף אַזעלכע שפּאַצירן.

— אָך, זאָלן זיי זיך גיין, — האָט די באַראָנעסע געזאָגט — ווינטער־צייט וועלן זיי דאָך שוין מוזן ביסלעכווייז לערנען.

זי איז געווען זייער גוט צו די קינדער, און די מיידלעך האָבן זי זייער ליב געהאַט. זיי האָבן גערעדט אַזעלכע ליבע לעבערלעכע זאַכן:

— וואַרט, מאַמינקע, שטיי אַביסעלע. איך וועל צולויפן, וועל איך דיך אַזוי ליב האָבן.

און דעמאָלט פלעגט די דינע, אָבער שטאַרקע באַראָנעסע זיי הויך אויפהויבן אין דער לופטן און האַלטן זיי אין אירע אָרעמס.

אָך, ס'אַרא וווּנדערלעכע און געוויסנלאָזע באַראָנעסע עדוואַרדע! און אפשר איז זי געווען דעמאָראַליזירט און אומגליקלעכער איידער אַלע פרויען, וועלכע איך האָב געקענט. מען קאָן נישט וויסן, איך האָב אַזוי ווייניק פרויען געקענט.

שפּעט אינאָוונט. איך געפין זיך נישט קיין אָרט. איך בין שוין געווען אַביסל ביי ראָזען, און געפונען אַ געהיימע, כמעט שטומע מחלוקת צווישן איר מיטן מאַן. ס'איז געווען אַזוי שווער. האַרטוויגסען האָט כמעט גאָרנישט נישט גערעדט, און ראָזע האָט געענטפערט מיט שטילשווייגן. בעת איך האָב מיך געאיילט אַוועקצוגיין און בין שוין געווען אין טיר, האָט מיך באַגלייט פון הינטן אַ טרויעריקער הילפלאָזער בליק.

איך גיי ווידער אין וואַלד מיט מיינע געדאַנקען. איך הויב מיך אויף אויפן רוקן פון די בערג און איייל מיך צו מיין אַלטן אָרט מיטן סטאַוול און מיט דעם שטיינערנעם מענטשל. איך קלעטער ווידער אויף אַלע פיר איבער דעם שמאָלן שטעגל דורך דער הושענא־געדיכטעניש, און פלוצלינג בלייב איך אָן באַוועגונג אויפן אָרט: עמעצער איז אַהערגעקומען שוין פריער פאַר מיר. זיי זענען זאַלבענאַנד. זיי רעדן נישט. זיי באָדן זיך, אָן אַ שום שמאַט-

קעלע אויפן לייב,ביידע אין סאמע מיטן פון דעם קליינעם סטאָול. אין דער פרוי דערקען איך גלייך די באראָנעסע עד־ווארדע. דעם מאָנסביל דערקען איך נישט תיכף. די האָר זענען ביי אים אינמיטן צעטיילט און הענגען אראָפּ אויף ביידע זייטן, לאַנגע און נאַסע, א בליק געטון אויף זיינע קליידער, וואָס זענען געלעגן אויפן ברעג, פארשטיי איך, אז דאָס איז דער לאָפּאר גילבערט.

זיי באָדן זיך. זיי טוקן זיך אָפּ ביידע גלייכצייטיק. ער נעמט זי אַרום מיט דער האנט. איך ליג פונקט ווי א פארשטיינערטער, נישט אַראָפּנעמענדיק פון זיי קיין אויג. אמאָל שטעלן זיי זיך פלוצלינג אָפּ און קוקן איינע אויף די אַנדערע. נאָר קיין באַוווּסטזיין איז נישטאָ אין זייערע בליקן. זיי אָטעמען אָפּגעריסן, זיי זענען אין עקסטאַז. דערנאָך איז ווי זיי וואָלטן זיך איינע די אַנדערע אַרויסגעטראָגן פונם סטאָול אויפן קליינינקן אָפּגעריייניקטן אָרט. דער לאָפּאר שטייט, ער ווערגט זיך מיטן אָטעם, דאָס וואַסער גיסט, גיסט ביי אים פון די האָר. די באַראָנעסע זיצט זיך, געקרייצט די פיס אונטער זיך, לייגט אַוועק די גאָמבע אויף איין קני און הויבט אויף דעם בלאָנזשענדיקן בליק, זי וואַרט, וואָס וועט ער מיט איר טון. און ער זיצט זיך נעבן איר, ברילט, כאַפּט זי פלוצלינג פאַרן האַלז און טוט זי א וואָרף. אָך, איצט זענען זיי ביידע ווילד געוואָרן, זיי טרייסלען זיך, דרייען זיך, פלעכטן זיך צונויף מיט הענט און פיס, ס'איז נישט מעגלעך צו זאָגן, וואָס זיי טוען. פון מיין ברוסט איז גרייט א געשריי אַרויסצורייסן זיך, נאָר ער בלייבט א טויטער אויף מיינע ליפּן. דער קליינער אָפּגאָט און איך—מיר זענען די עדות, נאָר איך בין פונקט אַזוי שטום, ווי ער.

איך קום צו זיך ביים אַרויסגאַנג פון דער גערדיכטעניש, ווהין איך בין, מסתּמא, אַרויסגעקראָכן אינסטינקטיוו וואָס פאָרזיכטיקער. פון דאָרטן, פונם סטאָול הערט זיך גאָרנישט, אויסער א דינעם שיטערינקן געזאַנג. אין דעם דאָזיקן געזאַנג הערט זיך עפּעס אַן אַלטקייט, א קרענקלעכקייט, פונקט ווי די פּישטשעריי לאָזט פון זיך אַרויס דאָס קליין געצל גופא! די דאָזיקע צוויי מענטשן ליגן דאָרט איצט, מסתּמא פאַר אים מיטן פּנים צו דער ערד, און

קאָנען פאַר אים נישט געפינען קיין בעסער ליד, ווי דאָס דאָזיקע פישטשעריי.

אויף צוריקוועגס אַהיים פיל איך אינם גאַנצן קערפּער אַ קעלט, הגם ס'איז פאַראַן די זון און ס'איז וואַרעם. מסתמא. האָבן מיך בעת דעם דאָזיקן שפּאַציר אין וואַלד געשמיסן די צווייגן, אָבער איך האָב גאָרנישט באַמערקט און גאָרנישט געפילט. און דאָ, בעת איך בין דערגאַנגען איבערן וואַלד ביז דער מיל, באַמערק איך, אַז עס שטייט דער העקלמאַכער מיט זיין פייפל אין מויל, און סווישטשעט און נאַרט אָפּ די פייגל, וועלכע כאַפּן זיך אויף און ענטפערן אים. איך בין געווען דער שולדיקער אין דעם, וואָס האַרטוויגסען האָט געהייסן אָפּרייבן פון דער האַפּן-וואַנט די האַנט מיטן ווייז-פינגער, און דעריבער איז דער העקלמאַכער זיכער אויף מיר אָנגעשטויסן, און ער וואָלט נאָך שטאַרקער געשפּילט, ווען איך וואָלט אַוועק פאַרביי. איך בין גלייך צו אים אונטערגעגאַנגען און געוואָלט פרעגן: „פאַרוואָס לייגסטו זיך נישט שלאָפן? ס'איז שוין נאַכט אין דרויסן”. בעת איך בין צוגעגאַנגען נענטער, האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטל און האָט זיך פאַרנייגט. דעמאָלט האָב איך געענדערט די פאָרם פון מיין פראַגע און געזאָגט:

— אויך ביידערנאַכט שטייסטו דאָ און פישטשעסט?

— יאָ. — האָט ער געענטפערט.

— דו קלויבסט זיך גאָרנישט גיין שלאָפן?

— ניין, איך היט. די מיל גייט.

— יאָ, אָבער דאָרט זענען דאָך פאַראַן צוויי מילנער.

— די זאַך איז טאַקע אַזוי, ריכטיק, אָבער...

איך בין פאַרנומען מיט מיין אַוואַנטורע אין וואַלד און איך טראַכט: — „אפשר שטייט ער דאָ אויף דער וואַך צוליב דער באַראָנעסע?” און סוף-כל-סוף זאָג איך צו אים אליין: —„און מאַלע ווער נאָך עס נויטיקט זיך דאָ אין שומרים!”

דער העקלמאַכער קוקט אויף מיר און באַמערקט, אַז ביי מיר איז אַ פאַרטראַכטער אויסזען, אַז הינטער מיינע ווערטער איז

אודאי עפּעס פאַרבאָרגן. זאָגאר פלוצלינג, אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן:

— איר האָט אוודאי געהערט?

איך האָב נישט געוואָלט זיין קיין שותף מיט דעם דאָזיקן מענטשן אין קיין שום זאַך. אָבער אָפּלייקענען דאָס, וואָס איך וויים, וואָלט געווען אומזיסט. ער האָט באַוויזן מיטן פינגער אויף עפּעס הינטער זיך און געזאָגט:

— אָט ליגט זי.

— וואָס ליגט? אַ פּערענע? וואָס איז דאָס אַזוינס?

איך בין צוגעגאַנגען נענטער. דער העקלמאַכער איז שמייכלענדיק אַוועק נאָך מיר און גענומען דערקלערן. יאָ, דאָס איז דער גאַנצער ענין פון זיין ווארטע. ער קומט אַהער־צו אַ מאָל דריי, פיר אין דער וואָך און טריקנט די פּערענע אויף דעם דאָזיקן ברעזענט. מילא, קיין חרפה איז אין דעם נישטאָ. פריער פלעגט די דאָזיקע שליחות טון סווען דער וועבטער, וועלכער פאַרנעמט איצט אַ צו־הויכן פּאָסטן פאַר אַזאַ זאַך — ער איז אַ קאַפּיטאַן. עמעצער דאַרף עס דאָך אָפּטון. נאָר פונדעסטוועגן, סאַר אַ גזלן און אַ כוואַט מאַק איז! — באָדט זיך דריי־פיר מאָל אַ וואָך! און וואָס איז געווען אין פרילינג! — ווי ביי גאָט אַ טאָג, פּונקט ווי ער וואָלט פון זינען אַראָפּ. איבעריקנס, דער זומער וועט ביי אים קיינמאָל זיך נישט ענדיקן. גאָט וויים, ווען פאַר דעם דאָזיקן מענטשן וועט אָנשטיין דער ווינטער! — אפשר, קיינמאָל נישט.

איך הער די דאָזיקע דערקלערונג און קלויב צונויף די געדאַנקען, כדי צו פרעגן:

— און ווי טריקנסטו די פּערענע אין אַ רעגן?

— דעמאָלט זע איך אויף דער נאַכט אַריינצוטראָגן אין דער ביר־ברויז. ניין, אַמאָליקע צייטן האָט זיך דאָס אַלץ געטון אָפענער, וועדליק איך האָב געהערט. סווען דער וועבטער פלעגט שטיין אינמיטן הויף און טריקענען זיך די פּערענע אויף דער זון, אויף די ביר־ברויז איז פאַר אים טאָג און נאַכט געווען אָפן. אָבער זינט עס איז געקומען צו פאָרן די באַראָנעסע, האָט זיך דער אַלטער טאַקע געמוזט אַביסל אָנהויבן שעמען זיך. האַהאַ!

דעם גוטן העקלמאַכער האָט זיך, ווי ס'שיינט, געוואָלט פאָרשטעלן פאַר מיר זיין באַשעפטיקונג וואָס ווייניקער מיאוס. ער האָט זיך אַלץ געווינצלט איבער איר און געזאָגט:

— דעריבער זאָג איך: עמעצער דאַרף דאָך דאָס טון. און מאַק האָט אַליין מיך אויסגעקליבן. ער האָט מיך אַריינגערופן צו זיך אין קאַנטאָר און פאָרגעלייגט די שטעלע. ער האָט, פאַרשטייט איר, אַ מאָגן-פעלער, — אַזוי האָט ער מיר געזאָגט, — ער מוז נעמען וואַנעס, און מען זאָל אים מסדר מאַכן איינרייבונגען. איז, הייסט עס, וויבאַלד איך באַזיץ אַזאַ טאַלאַנט צו פישטשען ווי פייגל, בכן, הייסט עס, דאַרף איך דאָ אַרומגיין ביידערנאַכט צווישן די פייגל און אַרויסרופן באַוווּנדערונג ביי יעדן, וואָס וועט צו מיר צוגיין. האַהאַ! מען דאַרף מאַקע האָבן אַזאַ אומפאַרגלייכלעכן, קלוגן קאָפּ, כּדי אַלץ אַזוי צוצוטראַכטן. אָט האָט איר אייך וואַנעס! און ווייסט איר, ווער עס רייטן אים איצט—דאָס זענען דאָך עלען, סוועגס וויב, און די יונגינקע פעטרינע!

אומגעקערט זיך קיין סירילונד, בין איך אָנגעקומען אויף אַ מחלוקת צווישן אַלע דעם פויערל מיט דער טעשע צוליב בראַמאַפּוטרען, אַלעס וויב. אַך, ווידעראַטאָל די משוגענע בראַמאַפּוטרע! אומעטום איז זי פול געווען, איבערלויפנדיק ווי אַ שאָטן פון איין וואַנט צו דער צווייטער, און איז אַלע מאָל אַרויס אַ טרוקענע פון וואַסער. — „זיי וואָלטן זיך געמעגט שעמען!" — האָב איך דערהערט די ווערטער, וועלכע זי האָט געזאָגט צוליב מיין אָנקומען. אַלע דער פויערל האָט גאָרנישט נישט געזען און נישט געהערט. ער האָט געשפּייט און איז געלאָפן אמאָל אהין און אמאָל אהער. די טושע איז, פאַרקערט, געשטאַנען אומבאַוועגלעך אָנגעשפּאַרט אָן דער קיך-וואַנט, כּדי צו באַשיצן זיך פון הינטן. ער האָט פונאַנדערגעשטעלט זיינע קורצינקע פיסלעך און איז געשטאַנען ווי אויף קלעצלעך, און דער אויבערקערפּער איז ביי אים געווען אַ שטאַרקער און אַ גרויסער, — אַן אמתער אומגעהויער!

די גאַנצע נאַכט איז פול געווען מיט משוגעת, ווי אַ קאָשמאַר.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז די בראָנעסע געווען אַ מילדע און אַ פריינטלעכע און איז געגאַנגען אַ בלאַסע פון מאַטקייט, אַ

מידע און א שטילע. גלייך ווי זי וואָלט מורא געהאַט אָנצורירן עמעצן פון אונז. און ווידער האָט זי געהאַט דעם זעלביקן הילפ־לאָזן, פאַרלוירענעם אויסדרוק. ווי אַמאָל, בעת זי פלעגט עפּעס זאָגן אין איילעניש, און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ נארישקייט.

# XIII

סיי די באַראָנעסע, סיי מאַק האָבן זיך דערמאָנט אָן מיין געבורטסטאָג און געשענקט מיר פאַרשידענע גוטע זאַכן. מסתמא, האָבן זיי זיך דערוווּסט די דאַטע אין דעם טאָג פון די מיידעלעך, וועלכע האָבן מיך וועגן דעם איינמאָל געפרעגט, און פאַר וועלכע מיר האָט זיך נישט געוואָלט זאָגן קיין ליגן. אָבער מיר איז נישט געווען איבעריק אָנגענעם, וואָס מיין געבורטסטאָג ווערט אַזוי געפייערט. צו מיטאָג האָט מען אפילו דערלאַנגט וויין, און מאַק האָט געזאָגט עטלעכע פאַטערלעכע ווערטער וועגן מיין לעבן אין דער פרעמד. פון די מיידעלעך האָב איך באַקומען פיינע מושלען און שטיינדלעך, וואָס זיי האָבן געפונען אויפן ברעג ים, און אַלינא האָט מיר אויסגעמאָלט עפּעס אַ וווּנדערלעכע שטאָט אויף אַ גרויסן דעקל פון אַ פּושקע. ס׳דאָזיקע בילדל האָב איך אויפגעהאָנגען ביי זיך אויף דער וואַנט און דעם מיידעלע דער־מיט פאַרשאַפט גרויסע פרייד. די קלייניקע טאָננא האָט מיך אין איר באַגריסונג, וועלכע איז געווען אָנגעשריבן אויף פּאַפּיר, אָנגע־רופן עלטערער ברודער, און די באַגריסונג האָט געשריבן פאַר איר די מאַמע.

אַ סוף צום זומער, אינם וואַלד האָבן זיך שוין באַוויזן געלע און רויטע פלעקן. און דער הימל איז געוואָרן העכער און בלאַסער. די פיש האָבן זיך אויסגעטריקנט, די שיפן — אָנגעלאָדן און וואַרטן אויף אַ ווינט.

— ווען איך וואָלט וויסן וועגן אייער געבורטסטאָג, וואָלט איך שוין אָן אייך נישט פאַרגעסן, — זאָגט מיר האַרטוויגסען מיט זיין גוטמוטיקער און גאַוודיקער מאַנער — קומט איצט אַריין

צו אונז, זיצט בײַ אונז אַ שעה, צוויפּיל.

איך בין אַוועק נישט נאָר גערן, נאָר אפילו מיט שמחה, אַ צופרידענער אויך דערמיט, וואָס האַרטוויגסען האָט מער גאָרנישט קעגן מיר. מיר דערוויסן ראָזען אינדערהיים. און האַרטוויגסען האָט פאַרלאַנגט, זי זאָל ברענגען ווײַן און געבעקס.

— איך ווײס, דו וועסט עס טון מיט פאַרגעניגן, אויב נישט נאָך מער, — האָט ער געזאָגט אויף געלעכטער — דער סטודענט איז אַ מענטש אַ געבילדעטער, נישט דאָס וואָס איך.

ראָזע האָט דערויף גאָרנישט נישט געענטפערט, נאָר דער בליק איז בײַ איר געווען אַזאַ מידער.

בײַם ווײַן מיטן געבעקס האָט האַרטוויגסען גאָר זיך פונאַנדערגעפּלוידערט, פרעגנדיק אָפט: — „ווי טראַכסטו וועגן דעם, ראָזע?" „וואָס זאָגסטו דערצו, ראָזע?" — „יאָ, יאָ!" — האָט ראָזע דערויף אָן טעם געענטפערט, אָדער: — „וואָס זאָל איך דערצו זאָגן?" — האָט זי געענטפערט, גלײַך ווי זי וואָלט וועלן מאַכן זיך קלענער, באַווײַזן, אַז איר מײנונג האָט קײן באַדײַטונג נישט. פּלוצלינג זאָגט האַרטוויגסען שטרענג:

— יאָ, יאָ, איך ווײס, פאַרוואָס דו ביסט אַזאַ עקשנטע געוואָרן. אָבער דאָס איז גאָר אומזיסט!..

ראָזע האָט פאַרשוויגן און לײכט אָנגעבויגן דעם קאָפּ.

— איך האָב הײַנט אין סירילונד געזען די קלײנינקע מאַרטען. — שטעל איך אַרײַן אַ באַמערקונג

קײן ענטפער.

— פונדעסטוועגן ווי די טויבן האָבן זיך עס פאַרמערט פאַרן זומער! — זאָג איך ווידער און רוק מיך אַרויס אין פענסטער.

— איך זאָג, דאָס איז אומזיסט. — דונערט האַרטוויגסען און קוקט אויף ראָזען צונויפגערוקט די ברעמען.

זי האָט זיך אויפגעהויבן פונם שטול און איז אַוועק צום אויוון, איז אַביסל געשטאַנען, נאָכדעם האָט זי זיך דאָ גופא געזעצט און גענומען זיך באַטראַכטן דאָס אויוון־טירל, אויספאָרשנדיק די פיגורלעך, וואָס דערויף.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. האַרטוויגסען איז אויפגעשטאַ-

נען און אַרויס. איך הער הינטער דער טיר: — „גוט מאָרגן!" — דער באַראָנעסעס קול.

— אפשר שפּילן אַביסל? — פרעג איך און פיל זיך דערביי אָן א שיעור שלעכט.

— יאָ, א דאַנק.

כ'גיי צו צו דער פּאָרטעפּיאַן, און כ'זע דורכן צווייטן פענ־סטער, ווי די באַראָנעסע און הארטוויגסען גייען אַוועק.

איך שפּיל אַביסל, וואָס עס מאַכט זיך. מיר איז אַזוי טיף טרויעריק אויפן הארצן, אַז איך האָב אָפט טעותן. בעת איך האָב געענדיקט, מאַכט ראָזע:

אפשר וועלן מיר פאָרן כאַפּן פיש אויף א ווענטקע, אויב איר ווילט?

איך האָב אויף איר א קוק געטון. אויב זי איז גרייט צו גיין מיט מיר כאַפּן פיש, איז א סימן, אַז זי איז געוואָרן דריי־סטער איידער פריער. און אפשר איז עפּעס געשען מיט איר אויך, זי צאָלט מיט דעם זעלביקן מינץ.

ראָזע האָט זיך אָנגעטון, מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צום שפּייכלער, געקראָגן א ווענטקע און א האַקן און מיר זענען אַוועק־געפאָרן. און וועג האָב איך געטראַכט: — „וואָס זשע אַזוינס טוט זיך עס דאָ פאַר מיינע אויגן? צי דען האָט מען מיך אַריינגערופן צו ראָזען אין שטוב מער נישט דערפאַר, אַז איך זאָל בלייבן מיט איר, בעת הארטוויגסען וועט אַוועק מיט דער באַראָנעסע?"

דאָס וואַסער האָט זיך נישט באַוועגט, דער אייגגוס איז ווי א שפּיגל. איך פּרוּוו דערציילן וועגן איינעם אַ פריילעכן יונג, וואָס האָט זיך אויסבאַרימט: ער איז געווען א ים־רייזנדער, האָט איבער־געלעבט א שיף־קאַטאַסטראָפע און איז נישט דערטרונקען געוואָרן. יאָ, אַרום אים איז געווען א מאַסע דערטרונקענע פייגל, נאָר ער איז נישט דערטרונקען געוואָרן.

„נו, מאָ לאַך זשע אַביסל!" — האָב איך געטראַכט. אָבער ראָזע איז, אפנים, געווען נישט אין אַזאַ שטימונג, אַז זי זאָל לאַכן. דעמאָלט האָב איך אַליין גענומען אָפּלאַכן אַביסל פון דעם ים־רייזנדן, כדי צו קומען איר צו הילף מיט מיין מונטערקייט!

איך ווענד איר אויפמערקזאַמקייט דערויף, ווי מיין ציטערן פישל גלאַנצט אויף דער זון, און אַז איך לאָז עס פאַרזינקען אונ-טערן וואַסער, ווערט גאָר אינגאַנצן גלייך, ווי אַ שטראַל פון דער זון וואָלט דערטרונקען געוואָרן אין וואַסער

— יאָ. — זאָגט ראָזע און גאָר.

ווי טיף זי איז דערשלאָגן! איך זיץ און באַטראַכט איר קלייד. ווי שיין דאָס איז מיט דעם דאָזיקן קאַפּטל פון פּשוטן שטאַרקן לייוונט! אין דעם זעלביקן קלייד איז זי אויך געגאַנגען אין פרילינג, בעת זי האָט נאָך נישט געווען חתונה געהאַט. אויפן הינטערשטן דעק איז געלעגן איר מאַנטעלע, ס'איז גאָרנישט ניי, אָבער מיט זאָרג אָפּגעהיט. די קנעפּ זענען אויף דער רעכטער זייט, און די לעבער אויף דער לינקער. הייסט עס, דאָס מאַנטע-לע איז איבערגעניצעוועט, טראַכט איך. אָבער אפילו דאָס איז אויך געמאַכט אַזוי אָנגענעם. דאָס איז זי געזעסן און האָט זאָר-געוודיק איבערגעמאַכט. איר בליק איז אַזאַ ברייטער און אַ טיפער, בעת זי הויבט אויף די אויגן אויף מיר, פונקט ווי אַ כוואַליע קומט אָן.

— אייערע עלטערן לעבן?

— יאָ.

— איר האָט שוועסטער?

— יאָ.

— איך האָב נישט קיין ברודער! — נאָך אַ קורצער פּויזע גיט זי צו שוואַך שמייכלענדיק. — דערפאַר האָב איך מיין פאָטער!

— אייער פאָטער איז אַן אומגעוויינלעך שיינער מאַנסביל.

— יאָ, אַ שיינער און אַ גליקלעכער! — און ווידער שוואַך שמייכלענדיק, זאָגט זי אַזוי:—נאָר איך אַליין האָב אים דאָס גאַנ-צע לעבן געערגערט.

דאָס וואַסער הויבט זיך אָן צו קנייטשן מיט דראָבנע קרייז-לעך. די זון וואַרעמט שוין נישט, ראָזע טוט אָן די קאַפּאָטע און זעצט זיך ווידער אַמאָל מיט דער ווענטקע, בעת איך פאַנג מיט די האַקנס. מיר האָבן אָנגעכאַפּט אַ היפּש ביסל פישלעך, ס'וועט אָבער נישט קלעקן אויף אַ גאַנצן געריכט, ווייל זיי זענען אַזוינע

קלייניקע, דעריבער דארפן מיר אָנכאַפּן נאָך אביסל, און ראָזע ויצט זיך אַזוי געדולדיק. מיר ווילט זיך אויספרווון, צי איז עס אפשר נישט דערפאַר, וואָס זי וויל וואָס לענגער דאָ פאַרבלייבן, נישט אומקערן זיך אַהיים. איך זאָג:

— אייער רינג איז געווען אביסל צו גרויס אויף אייך, זעט אָקאָרשט, ער זאָל זיך נישט אַראָפּגליטשן פונם פינגער.

אך, דאָ האָט זי געהאַט אַן אויסגעצייכנטע געלעגנהייט צו ענטפערן גלייכגילטיק. „מילא, זאָל ער". אָבער זי, פאַרקערט, טוט אַ ציטער, און כאַפּט איבערלייגן די ווענטקע פון דער רעכטער האַנט אין דער לינקער.

אין אַ שעה אַרום האָבן מיר אָנגעכאַפּט אויף אַ גאַנצן מאָלצייט און מיר רודערן צום ברעג.

חאַרטוויגסען האָט זיך שוין צוריקגעקערט אַהיים. ער זאָגט צו ראָזען גוטמוטיק, הגם אפשר נישט אָן איראָניע:

— זעסטו, האָסטו שוין אויך אָנגעהויבן אַריינצוברענגען אין שטוב אַריין? וואָס איז, אפשר האָבן מיר נישט, וואָס צו עסן, ווער ווייס.

— מיר האָבן דען ווייניק געאַרבעט דערויף? — פרעג איך דעמאָלט.

— מ'קאָן זיך נישט קלאָגן. איצט וועל איך אייך העלפן אָפּרייניקן די פיש, דעמאָלט וועט איר בלייבן אויף אָוונט-ברויט מיט אונז.

איך בין פאַרבליבן. מער זענען קיין שום באַזונדערע זאַכן נישט געשען, אָבער דער טאָן איז געווען אַזאַ נישט-אויפריכטיקער, און איך האָב מיך דעם גאַנצן אָוונט געפילט נישט גוט. האַרטוויגסען האָט זיך געפונען אַמאָל איינע, אַמאָל אַן אַנדערע אַרבעט, און פלעגט אונז איבערלאָזן אַליין. ער האָט אַ גאַנצע שעה געשמועסט מיט עפּעס אַ מענטשן אויפן וועג. נאָכדעם האָט ער גענומען וואַרפן אויפן הויף גאַנצע הויפנס אַרבעס פאַר די טויבן, וועלכע זענען שוין געווען אין שלאַף. פון דעם אַלעמען האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיין אייפערזוכט צו מיר איז איבערגעגאַנגען. איך בין טאַקע געווען צופרידן דערפון, אָבער ראָזע האָט, אַפּנים, זיך

נאָרנישט געדעכנט. זי איז ארומגעקראָכן אהער-אהין איבער די צימערן און גלייך ווי פון צעשטרייטקייט פאַרמאַכט דאָס דעקל פון דער פּאָטערפיאַן. „הייסט עס, זי וויל, אפּנים, נישט, איך זאָל האָבן אַן אויסרייד בעטן זי שפּילן אַביסל", — האָב איך אַ טראַכט געטון, אזוי איז עס, מסתמא, טאַקע געווען.

איך האָב מיך איינגעהאַלטן און ווייטער געפּלוידערט וועגן קלייניקייטן, כאָטש עס איז מיר זייער שווער געווען אויפן האַרצן. ווען האַרטוויגסען האָט זיך צוריקגעקערט, בין איך אויפגעשטאַנען און האָב מיך געזעגנט.

גייענדיק אַהיים, האָב איך באַשלאָסן צוצואײַלן זיך און ענדיקן דאָס בילד פון מאַקס זאָל. און ווען מיר וועט געלונגען צו באַאַרבעטן ראָזעס קעלישעק מיטן רויטן ווײַן אזוי ווי ס'באַדאַרף צו זיין, וועל איך דאָס בילד אַוועקטראָגן אַ מתנה צו ראָזען. האַרטוויגסען האָט מיר גראָד די טעג דערציילט, אַז ער האָט באַקומען פון בערגען אַ גאַנצע פּאַרטיע באַגעט אויף ראַמען.

איינמאָל נאָכמיטאָג, ווען איך זיץ מיר אזוי און מאָל דאָס בילדל, קומט אַריין די באַראָנעסע און הויבט אָן רעדן, צו מיין גרויס וווּנדער, גלייך פון רעליגיעזע טעמעס. זי איז געווען אזוי צערודערט און אומגליקלעך! זי האָט זיך געכאַפּט פאַרן האַרצן, אזוי אַז עס האָבן זיך אָפּגעשפּילעט עטלעכע העקלעך. פּונקט ווי איר וואָלט זיך געוואָלט אַרויסרייסן דאָס אייגענע האַרץ. זי האָט געזאָגט:

— ניין, דאָ קאָן מען בשום אופן נישט געפינען קיין רו! איבעריקנס, אפשר האָט איר געפונען?

— איך, אָ, ניין!

— ניין? טאָ וואָלט איר אפשר, באמת, אַרויסגעגאַנגען אויף געיעג? אינגיכן וועט מען שוין מעגן. איר וואָלט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן אין וואַלד. דאָס וואָלט אייך אָפּגעפרישט.

— איך האָב שוין סיי-ווי-סיי געדעכנט אַרויסגיין אויף דער יאַגד, ווי נאָר עס וועט אַביסל אונטערפרירן, — האָב איך געזאָגט.

זי איז אויפגעשטאַנען, אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן צימער, אַ קוק געטון אין פענסטער, ווידער אַ וואָרף געטון זיך

אויף אַ שטול און געזאָגט עטלעכע ליוב־ווערטער וועגן מיין בילד, אָבער אירע געדאַנקען זענען, אַפּנים, ווייט געווען פונדאַנען. . איך האָב אויף איר אַ בליק געטון מיט רחמנות. אין מיין האַרצן איז פאַר איר נישט געווען קיין אָרט. אָבער איך האָב איר געווונטשן אַלדאָס גוטס. זי האָט אַזוי פיל געליטן און אַזוי פיל געבלאָנ־דזשעט.

— מיר ווילט זיך נישט רעדן וועגן הויכע ענינים, — האָט זי געזאָגט — אָבער באמת, איך פאַרשטיי לחלוטין גאָרנישט. נו, צו וואָס דאַרף איך דאָ פאַרלוירן גיין וואָס ווייטער אַלץ מער? איך בין דאָ אַרומגעלאָפן, זייענדיק אַ קליין קינד, און האָב מיך צוגעלייגט מיטן באַק צו די גרעזלעך, כדי צו לאַשטשען זיך צו זיי. יאָ. און אין תוך איז דאָך דאָס גאָרנישט אַזוי לאַנג צוריק געווען. מיר דאַכט זיך, אַז גאָרנישט מי יודע וויפיל דורות עס זענען שוין זינט דעמאָלט פאַרביי. און וואָס זשע איז אָבער גע־וואָרן מיט די אַלע גרעזעלעך און שטעגעלעך און מיט אַלץ מיט־אַנאַנדער? איך גיי אַרום און קוק שוין אויף זיי מיט אַנדערע אויגן. וואָס זשע אַזוינס איז געשען מיט מיר? יענס קינד איז שוין איצט נישטאָ, פאַרשטייט זיך, אָבער עס זענען דאָך פאַראַן מענטשן, וועלכע זענען געבליבן ווי אַמאָל. יענס־דער־פאָטערל איז אין תוך דער זעלביקער, גילבערט דער לאָפאַר איז דער זעלבי־קער, אָבער איך האָב מיך אַנטוויקלט. איך בין געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. איך בין איצט געוואָרן אַזאַ עקלהאַפטע, אַז ווען איך וואָלט מיך איצט צוגעלייגט מיט דער באַק צו אַ גרעזל, וואָלט איך אַליין פון זיך געלאַכט. אָבער יענס־דער־פאָטערל און גילבערט דער לאָפאַר זענען עד היום פול מיט זייערע אַלטע קינדישע גע־פילן און טראָגן זיך מיט זיי אַרום פונקט ווי אַמאָל. ווען איך וואָלט באַקומען דעם, וועמען איך האָב ליב געהאַט, און געבליבן דאָ און מיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די זעלביקע וועלדער און שטעגעלעך, וואָלט איך אפשר דערהאַלטן דעם פרידן אין מיין נשמה, ווי מיינט איר? די סביבה, אין וועלכער איך האָב מיך אַנטוויקלט, איז געווען אָן אַ שיעור בעסער פאַר דעם, וואָס איך האָב אָנשטאָט איר באַקומען. איך בין אַריין אין אַ רייך געבילדעטע

הויז. דאָ זענען נישט געווען קיינע גרעזעלעך, קיינע שטענגעלעך. איך האָב מיך געלערנט דאָס און יענץ, איך האָב דערגרייכט דערצו, אַז איך האָב מיך אָנגעהויבן אויסדריקן אַביסל בעסער, — אָ, דער הינקעדיקער דאָקטאָר, וואָס איז דאָ בײַ אונז אַמאָל געווען, וואָלט מיך איצט אַפילו נישט געקאָנט דערקענען! מילא, איז וואָס? דאָ איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט אויך גערעדט פּונקט אַזוי שלעכט, ווי איך, אָבער ער האָט מיך געמאַכט פלאַמען פון איבערלעבער פרייד. אַז ער האָט געטון עפּעס נישט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן, אָדער ווען ער האָט זיך פאַרהאַקט אין רעדן, און האָט נישט געקאָנט אויסדריקן זיך ווי געהעריק, האָב איך געפילט, אַז דאָס איז גוט. אַזוי דאַרף זײַן! פאַרפלאָנטער זיך נאָכמער, אָ! ער איז דאָך דעמאָלט געווען נישט בעסער פאַר מיר. ער איז שוין נישט געווען קיין מענטש פון אַן אַנדער ראַסע. מיר האָבן זיך ביידע געקענט אונזערע גרעזעלעך און בײַ אַ צענדליק מענטשן, וועלכע האָבן אויך אונז געקענט. מיר פלעגן אויסזוכן איינער דעם אַנדערנס שפּורן אויפן וועג און אויפן גראָז, געוואָרפן זיך צו זיי און אויסגעקושט זיי. אַמ הערט זיך אַ שאָס הינטער די בערג, אַ רויבעלע שלענגלט זיך איבער די שפּיצן פון די בוימער. עזאָפּ פרייט זיך דאָרט אינדערוויטן. איך הער, ווי ער פּישטשעט, — איז וואָס זשע טו איך? איך פּאַטש מיר די בלעטעלעך און גלעט די קוסטיקלעך און קוש מײַן האַנט, וועלכע האָט עס געטון. — „מײַן ליבער", — שעפּטשע איך, און דאַכט זיך, אַז עס גייט איבער מיר אַדורך אַ גאַנצער אָרקעסטער פידלען. איך נעם אַרויס מײַנע בריסט אַנטקעגן אים, כדי כאָטש ווי נישט איז אָפּצודאַנקען אים פאַר זײַן שאָס, וואָס ער האָט צו מיר געשיקט. מײַן לעבן געהערט צו אים, און פון צערודערונג זע איך גאָרנישט, דאָס שטענגעלע הוידעט זיך אונטער מיר, איך פאַל. איידער ער גייט נאָך צו מיר צו, פיל איך שוין דעם שמראָם פון זײַן דערנענטערן זיך, שפּרונג איך אויף און וואַרט אויף אים. און ער קאָן גאָרנישט נישט זאָגן. וואָס איז נאָך דאָ צו רעדן?! איך ווייס אַזוי אויך, אַז עס איז פאַראַן אַ ברוסט, אויף וועלכער מען קאָן

אָפּרוען, ווי אויף אַ גאַנצער וועלט פון גוטסקייט, און איך ווער באַגראָבן אין זיין ווילדן אָטעם.

די באַראָנעסע רייסט איבער אויף אַ רגע אירע עקזאַלטירטע רייד. איך האָב אויפגעהערט צו מאָלן. די זון איז אַוועק פון ראָזעם קעלישעק.

— גענוג היינט צו אַרבעטן, קומט מיט מיר! — זאָגט די באַראָנעסע.

איך האָב אַלץ אַוועקגעלייגט אויף אַן אָרט און בין אַוועק מיט איר. אין יענער רגע האָט זי פאַר מיר געהאַט עפּעס אַ ביטערע פּראַכט, און איך האָב מיך באַמיט צו פאַרשאַפן איר עפּעס אַ פאַרגעניגן, אַרויסווייזנדיק איר אַלערליי מינים אויפמערקזאַמקייט אין יעדער קלייניקייט. כ׳געדענק, זי איז רויקער געוואָרן בשעת דעם דאָזיקן שפּאַציר, נאָכדעם ווי זי האָט געזאָגט:

— אַך, גאָט מיינער, ווי אכזריותדיק דאָס לעבן איז! ווי איינער פרעסט דעם צווייטן! מיר שניידן דער הון אָפּ דעם קאָפּ און עסן זי. מיר צעטרעטן אויף טויט די בלומען אויף די לאָנקעס. מיר לאָזן קינדער וויינען, זיי קוקן אויף אונז מיט זייערע אייגלעך און וויינען. אָ, אַלץ קערט זיך אין מיר איבער פון עקלגעפיל צום לעבן!

— און פונדעסטוועגן איז דאָס, קאָן זיין, אַלץ בעסער פאַרן טויט.

— יאָ, און פונדעסטוועגן קאָן זיין, אַז דאָס איז אַלץ בעסער פאַרן טויט, איך וויים נישט. ס׳קאָן זיין, איר זעוט גערעכט, דאָס איז, מסתמא, בעסער איידער שטאַרבן.

## XIV

איידער די שיפן זענען אָפּגעשוואומען, האָב איך מיך איינמאָל אין אָוונט באַקאַנט געמאַכט מיט סווען דעם וועכטער, וואָס איז געווען דער מאַן פון עלען דער שטובמיידל. זיין חבר און קאָלעגע אָלע דער פּויערל האָט מיט זיך געפירט זיין ווייב אַלס

קעבין אויפן „פונטוס”. דאָס האָט אים איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן: ער האָט אַזוי אַרום געקאָנט האַלטן זיין ליבע בראַמאַפּוט-רען אונטער אַ שטרענגער השגחה. סווען דעם וועבטערס ווייב האָט זיך, פאַרקערט, אָפּגעזאָגט צו גיין נאָך דעם מאַן אויף זיין שיף; דער טעם איז געווען, אַז בלומרשט דאָס קינד אירס איז נאָך צו קליין, מען זאָל עס קאָנען שלעפּן מיט זיך.

פאַרצייטן איז מסתמא סווען דער וועבטער געווען בנוגע זיין ווייב אַ גרעסערער בעל-חשד איידער, איצט. מען האָט דער-ציילט, אַז ער זאָל איינמאָל אין אַ יולי-אָוונט האָבן געוואָלט שטעכן זי מיט אַ מעסער. איצט האָט ער זי גאַנץ רויק איבערגעלאָזן אין סירילונד און אַוועקגעלאָזן זיך שווימען אויף גאַנצענע חדשים. האַרטוויגסען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז ער פאַרהאַלצט געוואָרן; ער האָט מסתמא דערמיט געוואָלט זאָגן, אַז זיין אייפערזוכט איז פאַרטעמפּט געוואָרן. איך האָב אָפט געזען, ווי עלען האָט זיך געלאָשטשעט צו איר מאַן מיט אַ פאַלשער צאַרטקייט. דאָס זע-נען אַלץ געווען מער נישט, ווי קאָמעדיעס, און סווען דער וועב-טער האָט דערויף קיין אַכט נישט געלייגט. זי פלעגט זיך געוויינ-לעך אומקערן פון מאַקס וואַנעס שפּעט ביידערנאַכט, און פאַרביי-גייענדיק האָט זי געקוקט אויף אונז אַלעמען, וואָס זענען איר גע-קומען אַנטקעגן, מיט אַ מידן, אַ מאַטן בליק. זי האָט קיין חרפּה-בושה נישט געהאַט. אַלע האָבן געוווּסט וועגן אירע אַוואַנטורעס ביי מאַקן אין שטוב, און אַז זי פלעגט זיך אומקערן, האָט זי סווען דער וועבטער אַליין באַגעגנט אינגאַנצן גלייכגילטיק, רוי-בערנדיק זיין קורצע ליולקע. ס'קאָן זיין, אַז אים האָט עס גע-קאָסט אַ היפּש ביסל פּיין, ביז ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ רויקייט. אַמאָל האָט ער אין איר געהאָלט אַריינשטעכן אַ מעסער. דאָס איז שוין געווען לאַנג. דאָס איז געווען אין אָנהויב, אָבער נישט איצט! צוליב וואָס זאָל ער גיין אויף קאַטאָרגע? ס'טרעפט, פאַר-שטייט זיך, אַז אַ מענטש טוט אַ פאַרברעכן אויס ליבע, ס'איז אָבער פאַראַן נאָך אַן אַנדער אויסגאַנג: מען קאָן זיך צוגעוווינען און לעבן, ווי דאָס געזעץ פאַרלאַנגט, אין שלום, ביידע אויסגאַנ-גען זענען גוט און שטאַרק, יעדער אין זיין אַרט.

בשעת איך שטיי און שמועס דאָ מיט סווען דעם וועכ־טער וועגן דער פאַרשטייענדיקער נסיעה און נאָך וועגן אַנדערע פאַרשידענע זאַכן, גייט דערוויל פון קאַנטאָר אַרויס האַרטוויג־סען. פונדערווייטן נאָך זאָגט ער, ווייזנדיק אויף הינטער, איבערן אַקסל.

— אָט בין איך דאָרט געווען און האָב פאַרדינט אַ פיינע מטבע.

— זאָל אייך וווילבאַקומען! — זאָגט סווען דער וועכטער.

זיי זענען שטענדיק געווען גוטע פריינט.

האַרטוויגסען רעדט ווייטער:

— יאָ, יאָ, דאָס מאָל, אמת, פון מיין אייגענעם שותּף, אָבער צוליב דעם איז דאָך עס נישט ערגער. מיר האָבן אַ דאָ־קומענט אויך פאַרטיק געמאַכט.

די מעשה איז, וואָס האַרטוויגסען האָט אויף זיך פּערזענ־לעך גענומען די פאַרזיכערונג פון די שיפן מיט דער לאָדונג. דאָס גייען קיין בערגען. דער פיינער און וויטזועדיקער מאַק איז די אַלע יאָרן געווען פאַרזיכטיק און האָט גוט פאַרזיכערט, אָבער קיין אומגליקן זענען קיינמאָל נישט געשען. האַרטוויגסען האָט זיך היי־יאָר אַריינגעמישט אין דעם ענין און איז אַרויסגע־טראָטן קעגן אַזאַ גרויסער און אומפּראָדוקטיווער הוצאה. אַלס אַ פאַרזיכטיקער האַנדלסמאַן האָט מאַק קיין אַנדער אויסוועג נישט געפונען.

— איין מיטל — דו דאַרפסט אַליין אויף זיך נעמען די פאַרזיכערונג, האַרטוויגסען! — האָט ער געזאָגט.

האַרטוויגסענס שטאָלץ איז ביי די דאָזיקע ווערטער אַרי־בער אַלע גרענעצן, און ער פילט זיך אומפאַרגלייכלעך סיי פאַר זיך, סיי פאַר מאַקן. די גאַנצע קראַפט ליגט אין אים, ער דאַרף נאָר איין וואָרט זאָגן. און ער האָט ס'דאָזיקע וואָרט געזאָגט.

דאָס איז נאָך געווען זומער. דער אָפּמאַך איז פאַרבליבן אין קראַפט ביז סאַמע דעם אָוונט, ווען עס איז אויסגעפאַרטיקט געוואָרן דער דאָקומענט. אויף דעם הערבסטיקן טינג האָט ער געזאָלט באַשטעטיקט ווערן.

— בכן, איז מיין גאַנצע האָפנונג איצט אויף דיר, סווענ־

וועכטער: ברענג די נייע שיף בשלום קיין בערגען און צוריק! — זאָגט הארטוויגסען פייערלעך.

סווען דער וועכטער ענטפערט.

— איך וועל מיך סטארען. און גוטן ווילן פון מיין צד וועט קיין מאנגל נישט זיין.

הארטוויגסען זאָגט ווייטער:

— און פונקט אזוי לייג איך האָפנונגען אויף אָלע דעם פויערל מיטן „פונטוס". ער האָט, אמת, ווייבערשן געשלעכט מיט זיך, אָבער איך בין נישט אזא גראָבער יונג, אז איך זאָל אים אין דער הינזיכט שטערן.

דערווייל איז אויך מאק ארויס פון זיין קאַנטאָר. ער האָט צו אונז א שאָקל געטון מיטן קאָפּ, און סווען דער וועכטער און איך האָבן מיר אָראָפּגענומען די היטלען, כּדי צו זעגענען זיך מיט אים אויף דער נאכט.

— א גוטע נאכט! — האָט הארטוויגסען געענטפערט מיט אויסגערעכנטער גלייכגילטיקייט, וועלנדיק באווייזן אונז, אז ער קאָן זיך באגיין מיט מאקן אנדערש ווי מיר.

א קורצע צייט נאָכדעם איז איבערן הויף דורכגעגאַנגען עלען. זי האָט, אפנים, געזען, ווי מאק איז ארויס פון קאַנטאָר און האָט געוואַרט אויף דער אָפּגערעדטער צייט, הארטוויגסען און סווען דער וועכטער האָבן איינע אויף די אנדערע א בליק געטון. נאָר הארטוויגסען איז געוואָרן אזא מעכטיקער מענטש — ער האָט דאָך פארזיכערט זיינע שיפן ביי זיך אליין — ער וויל נאָך אין עפּעס זיך ארייננמישן און מאַכט דאָ אויך זיין באמערקונג.

— נו, ער וועט שוין, מסתמא, ווייטער קריכן אין דער וואַרעמער וואנע, שרים הייסן אים, מיין שותּף!

— נ—יאָ. — רופט זיך אָפּ סווען דער וועכטער, ארויסלאָזנדיק דעם רויך.

— נאָר הער, סווען-וועכטער, וואָס איך וועל דיר זאָגן: דו וואָלסט געדארפט אביסל איינהאַלטן דאָס ווייב, זי זאָל אים נישט צופיל רייבן.

— הא ?... — נו, ס'איז איר עסק. — ענטפערט סוען דער העכ־מער, אויסקלאפנדיק די ליולקע.

— יאָ, יאָ, פארשטייט זיך! — זאָגט דעמאָלט הארטוויגסען אויך, און אים איז, אפנים, א רחמנות אויף זיין קאפיטאן. — נאָר זי פארלאָזט דאָס קינד. הגם, פארשטייט זיך, דאָס איז מער נישט ווי ליבע צום נאָענטן, ווער ווייסט...

מיר האָט הארטוויגסען פונדעסטוועגן צוגעגעבן, בעת מיר זענען צוזאַמען אוועק צו אים אהיים:

— אפנים, אז איך וועל מיך מוזן א נעם טון פאר מיין שותף. מער ווי איך בין עס נישט אומשטאנד. ער נעמט דאָך מיט זיך אין וואגע איינע, און אמאָל אפילו צוויי, און גלויבט נישט, אז זיי רייבן אים שוין טאקע דאָרט אזוי שטארק. ניין, ער איז פשוט הי אויסן זינען, ער כאפט זיי אזוי... ניין, מער וויל איך דערפון נישט וויסן!

איך האָב שוין לאנג ראָזען נישט געזען און האָב מיך דער־פרייט, ווען כ'האָב זי געפונען א לעבעדיקע און א פרישע. ווי אלעמאָל פאר דער לעצטער צייט, האָט אונז הארטוויגסען אויך דאָס מאָל איבערגעלאָזן אליין און איז אוועק אין די צימערן. ראָ־זע האָט גערעדט מיט מער חשק און איז געווען רויקער.

— א דאנק, נישקשה, די צייט גייט זיך, — האָט זי מיר גע־ענטפערט — און וואָס הערט זיך ביי אייך אין סירילונד? איך האָב אייך דאָך שוין לאנג נישט געזען. וואָס מאכט עדווארדע?

— זי איז די בעסטע ווירטין פון אלע, וואָס איך האָב גע־קענט אין מיין לעבן. און די קינדער זענען פשוט וואונדערלעך ליבע.

- פונדעסטוועגן ווי הויך איר זענט אויסגעוואקסן פארן זו־מער. — האָט זי געזאָגט וועגן מיר

און ווען זי האָט געזאָגט, אז איך בין אויסגעוואקסן, האָב איך מיך דערפילט גליקלעך און שטאָלץ. איך פיל, אז איך ווער רויט, און איך רוק מיך דעריבער ארויס פון פענסטער.

— זעט נאָר, ווי די צוויי טויבן זכרים היטן שטענדיק איי־נער דעם צווייטן. — זאָג איך לסוף, גובר זייענדיק זיך.

— די טויבן? זיי זענען נאָך, אפנים, אינדרויסן?

— האַרטוויגסען גיט זיי עסן. די דאָזיקע צוויי קאָנען איינער דעם צווייטן נישט ליידן, דרייען זיך ארום, פונקט ווי גאָרן.

ראָזע איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט. זי האָט זיך אָנגעבויגן גלייך איבער מיר און איז געווען אזוי נאָענט פון מיר. עס האָט אויף מיר געווייעט פון איר מיט געבענטשטער, צאַרטער ווייבלעכקייט. זי האָט זיך גאַנץ רויק אַריבערגעבויגן, אויסגעצויגן זיך אביסל פאָרויס, כדי אַ קוק צו טון אין דער קרום, הינטערן פענסטער, אין הויף אריין. זי האָט זיך אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אָן פענסטער. איר האַנט איז געווען גרוים און שיין. איך האָב דערפילט, אז זי האָט נישט די גאַנצע צייט געקוקט הינטערן פענסטער, נאָר געוואָרפן א בליק אויך אראָפצו, אויף מיין קאָפּ. אויף מיין נאַקן און האַלז. איך האָב אויף זיך דערפילט איר אָטעם. אָ, ס׳קאָן זיין, איך וואָלט מיך גערדאַרפט אָפּרוקן, כדי צו לאָזן איר אָן אָרט, אָבער מיר איז אזוי גוט געווען צו זיצן אזוי!

— זיי האָבן אייפערזוכט איינער צום צווייטן. — האָב איך געזאָגט וועגן די טויבן. און נאָך וואָס האָב איך געזאָגט? ס׳קאָן זיין, אַז איך האָב מער קיין וואָרט נישט געזאָגט. נאָר אין די אויערן האָט ביי מיר גערוישט, פונקט ווי איך וואָלט לאַנג, לאַנג גערעדט.

ענדערנדיק איר אָנגעבויגענע לאַגע ביי דעם פענסטער, האָט זיך ראָזע אָפּגעשטופּט פונם פענסטער, פונקט ווי אָפּשטויסנדיק א שיפל פונם ברעג. זי האָט אויף מיין געזיכט אָפּגעשטעלט א לאַנגן געטלעכן בליק. איך האָב, מסתמא, גערעדט מיט א ציטערדיקן קול, אין דערמיט האָב איך זיך ארויסגעגעבן.

— יאָ, אייפערזוכט איז, קאָן זיין, נישט קיין שלעכטע זאַך, — האָט זי געזאָגט מילד — ס׳קאָן זיין, אז מען קאָן זי נישט אָפּטיילן פון ליבע, איך ווייס נישט.

— ס׳קאָן זיין, אז ס׳איז אזוי.

— אָבער די ליבע קאָן קיינמאָל נישט לעבן מיט אייפערזוכט אליין, לאַנג נישט.

— ניין.

דערביי האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שרעקלעכע פרייד פון די דאָזיקע ווערטער: די אייפערזוכט האָט זי צונויפגעפירט מיט דעם באַלעבאָס פונם דאָזיקן הויז. אָבער די ליבע אירע צו אים איז שוין אַריבער. מיך האָט זי היינטיקן אָוונט דערזען אין אַן אַנדער שיין: איך בין אויסגעוואַקסן און מענלעך געוואָרן. מיין נאַקן און מיין האַלז זענען איר נישט געווען דערווידער. זי האָט מיר געאָ־טעמט אין די האָר אַריין.

דאָ שטאַמל איך עפּעס:

— איך וויל נאָר... איר זענט אַזאַ מאָדנע היינטיקן אָוונט... גאָט מיינער! איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ ווי איר... איר זענט די איינציקע, וואָס... ניין, אָבער איך בין באמת זיכער, אַז איר זענט די שענסטע פרוי אויף דער וועלט. יאָ... און איך האָב אייך נאָר געוואָלט דאַנקען...

— וואָס איז מיט אייך? — זאָגט זי און שמייכלט נאָכזיכטיק, אָבער דאָס געזיכט איז ביי איר רויט געוואָרן — איר זענט דאָך נישט פאַרליבט אין מיר? ניין, ס'קאָן נישט זיין! איר זענט אַזוי יונג! ניין, וואָס ווילט איר?

איך בין אויפגעשטאַנען און ווייט אויסגעצויגן די האַנט. איך האָב מיר נישט דערלויבט צו רירן זיך פון אָרט. נאָר ווען איך האָב דערהערט איר לעצטע פראַגע, וועלכע האָט געקלונגען קורץ און שאַרף, האָב איך מיך ווידער אַראָפּגעלאָזן אויפן שטול.

— זיצט רויק. — הער איך, ווי זי זאָגט

פון צייט צו צייט טוט זי אויף מיר אַ קוק, און ס'ווייזט אויס, אַז זי טראַכט, ווי זי זאָל מיך בארויקן. זעענדיק, אַז זי איז דערשראָקן, וויל איך פון מיין זייט זי בארויקן. איך הויב אָן דערציילן וועגן מיין שוועסטער, וועגן דעם, אַז ראָזע איז היינט אויך געווען פאַר מיר פּונקט ווי אַ שוועסטער, און ס'איז אַזוי גוט געווען, וואָס זי איז מיט מיר געזעסן. אַביסל האָב איך מיר דערביי אויס־געטראַכט פון קאָפּ, ווייל איך האָב גאָר געהאַט נישט קיין גרויסע שוועסטער, נאָר אַ קליינע. יאָ, ראָזע האָט מיר, אפנים, טאַקע נישט אינ.

גאַנצן געגלויבט. זי איז דאָך געווען עלטער פאַר מיר, און האָט מיך געזען אויף דורך און דורך.

— איך האָב אייך געוואָלט באַדאַנקען דערפאַר, וואָס איך קאָן אַהערקומען צו אייך. — זאָג איך.

און שוין אַ באַרויקטע שמייכלט זי ווידער און זאָגט:

— איר זענט אַזוי ווייט פון אַלע אייערע נאָענטע!

זי איז צו מיר צוגעגאַנגען אויף אַ פּאָר טריט נענטער, אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זייט און אַריינגעקוקט מיר אין די אויגן, זאָגנדיק:

— פאַרוואָס איז עס אַלץ מיט אייך געשען?... פאַרשטייט זיך, קומט, ליבער, קומט אַלע טאָג, איר ווילט אַביסל שפּילן? ניין? איז אפשר גלייבער איר זאָלט אַוועקגיין?

— אָ, ניין!

— גראָד גלייבער, גייט און לייגט זיך אַוועק און באַרויקט זיך. איר מיינט נישט אַזוי?

איך האָב געכאַפּט איר האַנט און געקושט זי שטאַרק און לאַנג.

— מאַכט אונז נישט אומגליקלעך! — האָב איך פּלוצלינג דערהערט.

איך האָב מיך שוין ווידער געפונען אויף דעם שטול. אין פירהויז הערן זיך טריט. האַרטוויגסען קומט צוריק.

— אפשר וואָלט איר אַביסל שפּילן? - פרעגט ער.

— ס'איז שוין אַזוי שפּעט. ניין, אַ דאַנק. שוין באַלד נאַכט.

— אָבער מאָרגן וועט ווידער זיין אַ טאָג. — זאָגט ראָזע.

זי איז געווען אַזוי פריינטלעך, אַזוי וווּנדערבאַר. ביידע, אי זי, אי האַרטוויגסען, האָבן מיך באַגלייט און געדריקט מיר די האַנט.

האַרטוויגסען האָט קעגן אַלע זיינע געוווינהייטן אַרויסגעוויזן באַזאָרגטקייט וועגן זיין פרוי. ער האָט געזאָגט:

— עס איז שוין איצט נישט דער וואַרעמער זומער, ראָזע, טו אָן אַ שאַל.

— ס'איז מיר נישט קאַלט. — האָט זי געענטפערט.

— יאָ, אפשר האָסטו גאָר קיין שאַל נישט? — האָט האַרט-

וויגסען ווייטער גערעדט — קאָנסטו עס דאָך שטענדיק באַקומען אין קליים אויף הארטוויטשעס חשבון, אַזוי מיין איך — און אומגעקוקט, זיך אויף מיר און פונאַנדערגעלאַכט זיך.

גייענדיק אַהיים, האָב איך מיך נישט איינמאָל אַרומגעקוקט אויף הינטן, ס'האָט מיך עטוואָס געטרייסט דער געדאַנק, אַז אפשר האָט ראָזע זיך דערפילט אַביסל איינזאַם, ווען איך בין אַוועק.

איך בין געקומען קיין סירילונד. מאַק אין אַ נאַכט־העמד קוקט פון פענסטער, פונם צווייטן גאָרן, און רעדט ווענדנדיק זיך אַראָפּ, אין הויף אַריין, צו אַלע דעם פויערל. בכן, איז מאַק נישט אַוועקגעגאַנגען שלאָפן! ער איז פריש און מונטער נאָך דער וואַנע, און דער קאָפּ אַרבעט ביי אים.

— דו קאָנסט נאָך אפשר היינט ביינאַכט אַוועקלאָזן זיך אין וועג, — זאָגט ער צו אַלע דעם פויערל — איך האָב דיר נאָר גע־וואָלט זאָגן, אַז ווען דו וועסט די שיף צוריקברענגען אַהיים, פיר זי אַרויס אויף דער אַנדערער זייט האַפן, הינטער דעם לייכט־טו־רעם. זי וועט שוין היינטיקן ווינטער נישט גיין צו די לאָפאָדענס: זאָל זי דאָרט שטיין ביז פרילינג, דאַן וועט מען זי דאַרפן אויפ־הויבן און פאַרריכטן.

# XV

דער טאָג פון די „זיבן־שלעפער" איז אַריבער, די שיפן מיט די שטאָקפיש זענען אַוועק אויף דרום, און די טרוקן־פלעצער זענען ליידיק געוואָרן. אין וואַלד האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער בלעטערפאַל.

אין סירילונד איז געוואָרן עפּעס ווי שטילער אַביסל. סוון דער וועכטער און אַלע דער פויערל האָבן אַ טייל פון דער באַ־פעלקערונג אַוועקגעפירט מיט זיך. און בראַמאַפוטרע, — די סיבה פון פיל פריילעכער און געפערלעכער אומרויקייט צווישן די מאַנסביל — איז אויך אַוועקגעפאָרן אין דעם זעלביקן וועג. אָ, ס'איז נאָך אָבער אַ היפּשער עולם דאָ געבליבן: די אַרבעטער פונם

האפּן, די קלייט־משרתים, די הויז־דינער, דער שמיד, דער באָנדער, דער בעקער, צוויי מילנער, אַלע אַרבעטאָרינס, דער העקלמאַכער, די טושע, יענס־דער־פּאָטערל, דער מושב־זקנימניק פרעדעריק מענזא, וואָס איז געלעגן אין בעט, האָט געגעסן און בשום אופן נישט געקאָנט דערלייזט ווערן פונם לעבן.

ניין, פרעדעריק מענזא האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין דערלייזונג. אַ גאַנץ יאָר איז ער שוין דאָ אָפּגעלעגן און אַלץ מער און מער אַריינגעפאַלן אין קינדהייט, ער האָט פיל געגעסן, און זיינע פיזישע כּוחות זענען נישט געמינערט געוואָרן. דערפאַר זענען די גייסטיקע אינגאַנצן אָפּגעטעמפּט געוואָרן פון אַלטקייט. אַז מען האָט ביי אים עפּעס וואָס געפרעגט, האָט ער נאָר געענטפערט: „באָ־באָ!”, און אַזוי איז ער גאַנצע טעג אָפּגעלעגן, מלחמה גע־האַלטן אין דער לופטן מיט די אייגענע הענט, און געווענדט זיך צו זיי מיט זינלאָזע אויסגעשרייען. ער איז וואָס אַ טאָג אַלץ מער פאַרעלטערט געוואָרן, אָבער יעדן פרימאָרגן האָט ער זיך ווידער אויפגעכאַפּט אין אַ פרישער געזונדהייט, וואָס דער טויט האָט זי נישט געקאָנט גובר זיין. פאַר דעם העקלמאַכער, וואָס איז געוואָרן זיין שכן אין צימער, איז ער געווען אַן אמתער אומגליק.

צווישן דעם העקלמאַכער און דער טושע איז אַנטשטאַנען אַ מאָדנע פריינטשאַפט: ביידע האָבן געבענקט נאָך בראַמאַפּוטרען, און ביידען האָט זיך געוואָלט אָנשרייבן צו איר אַ בריוו קיין בערגען, ווען זיי וואָלטן נאָר קיין מורא נישט געהאַט פאַר אָלע דעם פויערל.

שווער און מיאוס קריכט די טושע אַרום הין און צוריק איבערן הויף. ער טראָגט האָלץ איבער די טרעפּ פאַר אַלע אויוונס אין הויז. און די בינטלעך, וואָס ער לייגט אָן, זענען אָן אַ שיעור גרויסע. אָבער זיין גאַנג איז אַ לאַנגזאַמער, און מען הערט שוין פון ווייט, ווי ער גייט, שווער אויסקלאַפּנדיק צום טאַקט מיט זיינע קלעצלעך. די הויכע בינטלעך האָלץ, וועלכע ער פאַרוואַרפט זיך אויפן רוקן—זענען פאַר דעם דאָזיקן ריז גאָרנישט. ער קאָן אפילו מיט זיי לאַנג שטיין און שמועסן מיט עמעצן, וואָס קומט אים אַנטקעגן. נאָר ווען ער גייט, איז ער פאָרזיכטיק ווי אַ קליין קינד.

לעבן דער קיך וואַרפט ער אַראָפּ די משא אויף דער ערד און טראָגט פונאַנדער קליינע בינטלעכווייז איבערן גאַנצן הויז. דאָס איז מסתמא דערפאַר, וואָס די טרעפּ קאָנען אונטער אים איינפאַלן, אָדער ער האָט בלויז מורא, זי זאָל אונטער אים נישט איינפאַלן.

אָבער די פריינטשאַפט צווישן דער טושע מיט דעם העקל־מאַכער איז נאָך לעבערלעכער דערפאַר, וואָס זי איז פול מיט רייצעניש און אָפּלאַכעריי מצד דעם העקלמאַכער. דער כיטרער העקלמאַכער זעט נאָר צו געפינען זיך אויף וואָס א ווייטערן שטח פון דעם דאַזיקן ציקלאָפּ, און פירן פון דאָרט די בייזע שפּיל מיט לעבערלעכע ווערטער און צונעמעניש. ער האָט אפילו פאַר־פאַסט א באַזונדער פויגלש ליד ספּעציעל פאַר דער טושע. ער וואַרט צו, ביז דער גיגאַנט גייט אַרויס פון האָלץ־שפּייכלער צו די טרעפּ, און פייפט אין טאַקט צו זיינע טריט. די גאַנצע צייט, וואָס די טושע הינקט איבער דעם הויף, גייט דער העקלמאַכער נאָך אים, נאָך און פייפט מיט אַלע כוחות צום טאַקט, א צייט לאַנג גייט דער אויבערקערפּער געדולדיק, נאָכדעם מאַכט ער, ווי ער קאָן, אביסל קלענערע און שנעלערע טריטעלעך, כדי צו פאַר־לירן דעם טאַקט, אָבער דער פייפער פאַסט תיכף ומיד צו זיין פישטשעריי צו דעם נייעם טעמפּ און טרעפט ווידער צום טאַקט. איין רעטונג בלייבט נאָר—די טיר פון דער קיך. דערפאַר פלעגט זיך די טושע פונדאַנען שוין אומקוקן מיט בלוט־אָנגעגאָסענע אויגן. נאָר גאָרנישט—אינאָווונט איז ער ווייטער אין א גוטער לוין.

ביי האַרטוויגסענען טרעפן זיך משונה ווילדע פאַנטאַזיעס. איינ־מאָל האָט ער מיך אין קלייט געפרעגט, אפשר קאָן איך אים אָנווייזן דעם סאַמע איינפאַכן וועג קיין ירושלים.

דערביי שטייען עטלעכע קונים, דינגען זיך, ס׳שטייט אויך גילבער דער לאָפּאַר ביים שענק־טיש און טרינקט עטלעכע קע־לישקעס. איך האָב געמיינט, אַז האַרטוויגסען האָט מיר אַוועקגע־שטעלט די דאָזיקע פראַגע בפיוון, כדי צו באַווייזן פאַר די קלייט־משרתים און די זייטיקע מענטשן, אויף ווי ווייט עס איז פאַר אים איצט קיין שום אוממעגלעכע זאַך נישטאָ. דעריבער האָב איך דערויף נישט געענטפערט ערנסט, און נאָר אַזוי זיך א זאָג געטון:

„אָהאָ! אזש קיין ירושלים? נישט קיין נאָענטער וועג!"

— יאָ, אָבער מען קאָן ד'אָך אהין דערפאָרן?

— געווים.

— נאָר איר ווייסט נישט דעם וועג?

— ניין.

— אפשר קאָנט איר פאַר מיר פרעגן ביי דעם אויפזעער פונם לייבט.טורעם. איך בין דאָך מיט אים איצט נישט שווה בשווה.

— אויב איר ווילט באמת געגוי דערוויסן זיך, וועל איך ביי אים פרעגן.

— יאָ, איך וויל טאקע גענוי און פינקטלעך אלץ וויסן.

די קלייט-משרתים און גילבער דער לאָפאר און די קונים ווערן אנטשוויגן פאַרוואונדערטע, און הארטוויגסען איז צופרידן דערפון, ער ציט אויף זיך ארויף אַ פייערלעכקייט און זאָגט:

— דאָס גייט ביי מיר נאָך פון קינדהייט אָן נישט ארויס פון די געדאנקען — זיין אין דעם אלוועלטלעך בארימטן לאנד יהודה.

דאָ שאָקלט גילבערט דער לאָפאר מיטן קאָפּ, ס'הייסט, זעט נאָר, ווי אלמעכטיק דער דאָזיקער הארטוויגסען איז געוואָרן: וואָס אים פאַרגלוסט זיך, דאָס טוט ער.

— דאָס איז זיבער הינטער די הרי-חושך, — זאָגט ער — און ווי-זשע, דאָרט איז פאַראן דער ים, די זון און די טאָג-שיין, און מענטשן פונקט ווי ביי אונז? זאָל גאָט שומר ומציל זיין!

און גילבערט דער לאָפאר, וועלכער איז בארימט געוועזן דערמיט, וואָס ער פלעגט יעדע נייעס פונאנדערטראָגן איבער דער גאנצער סביבה, ענדיקט אין איילעניש אויסצוטרינקען זיין גלעזל, כדי אַוועקצולויפן ווייטער.

אין דער רגע איז אריין די באַראָנעסע.

איך קוק אָנגעשטרענגט אויף איר און אויף דעם לאָפאר. קיין ענדערונג אין געזיכט האָט זי נישט ארויסגעגעבן. זי האָט אויף אים געקוקט גלייכגילטיק און פשוט. ער איז פאַר איר געוועזן אַ פרעמדער, אָ, זי האָט געהאַט די וואונדערלעכע קראַפט

פון איר פאַטער-אונטערוואַרפן זיך, חעמען נאָר זי האָט געוואָלט. פונקט ווי אַ קעניגין איז זי אַוועק פאַרביי, אריין הינטערן וואַר־שטאַט און אין קאַנטאָר.

גילבערט דער לאָפאר האָט זיך פאַרנויגט:

— פריד צו אייך! — און איז אַרויס פון קלייט.

דעמאָלט האָב איך האַרטוויגסענען איבערגעגעבן, וואָס איך האָב מיר דערווייל פאַר זיך באַטראַכט: ער קאָן פאָרן דורך איי־ראָפּע קיין קאָנסטאַנטינאָפּל, און פון דאָרט מיט אַ דאַמפּער ערגעץ קיין קליין-אַזיע. דערצו דאַרף מען אָבער קאָנען שפּראַכן, און דאָס וועט אָפּנעמען אַ פולע צייט.

— איך האָב מיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, פאַרוואָס האָב איך גאָרנישט קעגן דעם. אז האַרטוויגסען זאָל אויף אַזוי לאַנג אַוועק־פאָרן. איך האָב אָנגעהויבן פרייען זיך דערמיט און געזאָגט:

— איך וועל מיך נאָך געניטער דערוויסן ביי דעם אויפזעער פונם לייכט-טורעם.

— און דער עיקר פרעגט אים, וועלכער איז דער סאַמע באַקוועמער אופן אהין דורכצופאָרן? — זאָגט האַרטוויגסען. — מחמת מיר וועלן אין דעם וועג זיין זאַלבענאַנד, אַ הער און אַ דאַמע.

ביי מיר האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם. איך האָב פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מיך האָט געפרייט דער געדאַנק וועגן זיין נסיעה. איצט האָט זיך אַלץ געענדערט. וויבאַלד ראָזע וועט דאָ אויך נישט זיין, מאָ וואָס-זשע איז מיט מיר די שמחה.

— דאָס איז אַ געפערלעכע נסיעה, — זאָג איך — כאָטש איך האָב טאַקע גערעכנט פרעגן, אָבער איך קאָן מיך נישט אַנטשליסן צו פרעגן ביי דעם אויפזעער פונם לייכט-טורעם. יאָ, איך קאָן עס נישט טון.

האַרטוויגסען קוקט אויף מיר אַ פאַרוואונדערטער, די באַראָ־נעסע גייט אַרויס פון דעם קאַנטאָר, האַרטוויגסען שטעלט זי אָפּ און גיט איבער, אז איך זאָג מיך אָפּ אויסצופרעגן ביי דעם אויפזעער פונם לייכט-טורעם וועגן דעם וועג קיין ירושלים. זי שטערט, אפנים, אזא אָפּנהאַרציקייט מצד האַרטוויגסענען. אָבער זי זאָגט שמייכלענדיק:

— אָ, גאָר אַזוי! אָבער פאַרוואָס? דאָס איז מאָדנע. אָדער איר האָט אפשר מורא, אַז איך און הארטוויטש וועלן מיר פאַרלוירן גיין אונטערוועגנס?

און איך פיל ווידעראַמאָל, אַז עס פאַרכאַפּט ביי מיר דעם אָטעם, און עס לאָזט זיך אין מיר פונאַנדער די בלום פון פרייד, אַך, איך האָב פאַרלוירן יעדע בושה. מיך האָט געפירט די ליבע, און די ליבע איז אַבזוריש.

— יאָ, — שטאַמל איך — דאָס איז דאָך אַ געפערלעכע נסיעה. אָבער, געוויס, נישט קיין אוממעגלעכע. פאַרקערט. אויב איר ביידע ווילט, וועל איך שוין רעדן מיט דעם אויפזעער. איך וועל נאָך היינט אַריין צו אים און זען צו דערוויסן אים אינדערהיים. געוויס.

די באַראָנעסע וויל מאַכן וואָס קלענער די באַדייטונג דערפון און זאָגט מיט אַ לייכטן געלעכטער:

— נו, נישטאָ זיך וואָס צו איילן אַזוי.

אָבער איך האָב מיך געאיילט. איך בין אַוועק צו דעם אויפזעער פונם לייכט-טורעם און געטון אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט, כּדי צו דערווייטערן פון אונז ראָזעס מאַן. סאַראַ צעלאָזענער איך בין געווען! איך האָב קיין איינציקע רגע נישט אַ טראַכט געגעבן, אַז ראָזע וועט האָבן עגמת נפש, ווען הארטוויגסען וועט אַוועקפאָרן מיט אַן אַנדער פרוי. אָ, איך האָב וועגן עפּעס אַזוינס גאָרנישט געטראַכט.

איך בין אויפן לייכט-טורעם נישט אַרויף. בעת איך האָב מיך שוין געקליבן אויפהויבן זיך אַהין, אין צימער, איבער די טרעפּ, האָט דער אויפזעער מיך אַ רוף געטון. ער איז געשטאַנען אין זיין קליינינקן שפּייכלערל און דאָרט צונויפגעלייגט האָלץ.

לכתחילה האָב איך אָנגעהויבן רעדן אַרום און אַרום, דערנאָך בין איך גלייך אַריבער צום תּוך פון מיין שליחות. דער אויפזעער האָט מיך אויסגעהערט, פאַרבלאָזן אַ שמייכל געטון און אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ.

— קיין ירושלים? — ער — וועט עס פאָרן קיין ירושלים?

אפשר איז עס דער ערשטער אפריל, יונגערמאַן? דאָס איז מער נישט... איר פאַרשטייט פראַנצויזיש?

— אביסל.

— דאָס איז נאָר *blague*. און די קליינע עדוואַרדעלע — זי אויך!

— זיי קלויבן זיך ערנסט פאָרן. — זאָג איך.

— אזוי. דער אויפגעקומענער! איצט קאָן ער נישט רוען, ביז ער וועט נישט צעטרענצלען זיין ביסל געלט. וואָס וועט ביי אים סוף־כל־סוף בלייבן אויף קאשע? דער וועג קיין ירושלים? טויזנט וועגן זענען פאַראַן קיין ירושלים! אויך מיר א פילִיגרים, אַזאַ שלעפּער! וואָס, זיי זענען גאָר געוואָרן אַזעלכע פרומאַקעס?

פלוצלינג האָט דער אויפזעער זיך אליין איבערגעשלאָגן.

— אָבער, צו אלדי שוואַרצע יאָר, וואָס וועט ראָזע דערויף זאָגן?

וועגן דעם האָב איך ערשט איצט אַ טראַכט געטון און האָב גאָרנישט נישט געקאָנט ענטפערן.

דער אויפזעער האָט ווייטער גערעדט, האָט זיך אָפּגעשטעלט, געטראַכט און ווידער גערעדט. סוף־כל־סוף האָט ער געפונען, אַז די נסיעה איז גאָרנישט אַזאַ נאַרישקייט.

— זיי זענען דאָך בכוח, און ווילן זי טאַקע מאַכן, — זאָגט ער — די קליינע עדוואַרדע איז גאָרנישט אַזאַ נאַר. און פאַרוואָס זאָלן זיי טאַקע נישט מאַכן דאָס דאָזיקע קליינע נסיעהלע? נישט זען אין לעבן נאָך עפּעס, אויסער דעם סירילונדער גרוב? זיי וועלן קומען צו פרעמדע ברעגן: די זון וואַרעמט, אין ים זענען פאַראַן פליענדיקע פיש. מענטשן גייען אָנגעטון אין זיידנס, די מאַנסביר טראָגן רויטע פעסקעס, רויכערן סיגאַרעטן... יאָ, וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם, אַלץ קלאָרער ווערט מיר, אַז זיי מוזן פאָרן, אויסלופטערן זיך פון דעם פּראָווינציעלן שימל. אזוי זאָלט איר זיי טאַקע זאָגן! אַך, איר ווייסט נישט, וואָס איז אזוינס גריכנלאַנד, יונגערמאַן!

דער אויפזעער שענינג האָט זיך גאָר פאַרגעסן און אַרויסגעוויזן זיינע אמתע געפילן, וואָס עס איז זיבער געווען אַנטקעגן

זיין ווילן. ער האָט גאָר אָפּגעלעבט, דערמאָנענדיק זיך אָן די ווייטע לענדער, אין וועלכע ער איז אַמאָל געווען. זיינע אויגן האָבן גענומען גלאַנצן.

— באַטראַכט אייך נאָר! צי דען ווילן זיי טאַקע אַהינפאָרן? און זיי זענען גאַנץ גערעכט, דאָס איז פּשוט אַ גלענצנדע אידעע! זיי וועלן זיין אין גריכנלאַנד... איר פרעגט וועגן דעם וועג קיין ירושלים? איין וועג איז אַהין פאַראַן: זיי פאָרן אָפּ מיט אַ שטאָק־פיש־שכונע פון בערגען צום מיטללענדישן ים, קיין גריכנלאַנד. פון דאָרט איז שוין נישט ווייט קיין יפו. און פון דאָרט אויף אַראַבישע פערד ביז ירושלים. אַזוי זאָלט איר זיי טאַקע זאָגן. איך וועל זיי גערן אָנשרייבן דעם גאַנצן מאַרשרוט... ס'איז אַ טייוול, נישט קיין פרוי, די דאָזיקע עדוואַרדע.

אין אַ טאָג אַרום איז דער אויפזעער שעונינג געקומען צו מיר מיטן מאַרשרוט, אפילו מיט אַן אָנגעצייכנטער קאַרטע פון דער גאַנצער נסיעה. אַזוי איז ער געווען פאַראינטערעסירט מיט דעם. ער האָט פּשוט געזאָדן ווי אויפן פייער!

— זאָלן זיי זיך גיכער זעצן אויפן פּאָסט־דאַמפּער קיין בערגען,—האָט ער געזאָגט—פּונקט איצט שווימען אָפּ שיפן מיט שטאָקפיש אין מיטללענדישן ים. אָך, זאָלן זיי, נאָך איידער עס ווערט דער ווינטער, פאַרלאָזן דעם דאָזיקן העק. זיי פאָרן אַהין, וווּ עס וואַקסן פּאַלמעס. אויף די ברעגן גייען מענטשן אין זיידענע קליידער, אפשר קאָנט איר אויך פאָרן מיט זיי פאַר אַן איבערזעצער? איר קאָנט די ענגלישע שפּראַך?

— ניין.

— מילא מיט פראַנצויזיש קאָן מען זיך אויך באַגיין.

איך גיב' האַרטוויגסענען איבער דעם אויפזעערס פּלאַן, און כ'דערמאָן נישט קיין וואָרט וועגן דעם, אַז ער וועט דאַרפן האָבן אַן איבערזעצער

— מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס מען וועט דאַרפן האָבן אין וועג, וועט זיך שוין די באַראָנעסע, מסתמא, אַליין אַן עצה געבן. — זאָג איך פאַרקערט.

דערצו וועט נאָך האַרטוויגסען אַליין, אַזאַ פעיקער צום

לערנען, שנעל איבערנעמען אלץ; זאָל ער נאָר קויפן אַ זעלבסט־לערער אין בערגען.

הארטוויגסען איז מיט דעם פּלאַן מסכּים.

אין איינע פון די דאָזיקע נעכט גיי איך צו ראָזעס הויז און גלעט דאָס הענטל פון איר טיר און זעץ מיך צו אויפן שוועל פון גאַניקל, ווו זי איז געזעסן. בילדער און טרוימען האָבן זיך אויף מיר אַ גאָס געטון, אַלע מיינע געפילן זענען אויפגערודערט, און איך געפין זיך שוין קיין רו נישט. טאָג און נאַכט בלאָנדזשע איך אַרום ווי אַ צעמישטער. נאָכדעם, אָפּגעזעסן אַ ביסל אויפן שוועל, שלעפּ איך מיך אַוועק און גיי אַרום און אַרום, כּדי אומצוקערן זיך אַהיים, — יאָ, כּדי אומצוקערן זיך אַהיים, אָבער נישט כּדי צו גיין שלאָפן.

די באַראָנעסע פרעגט מיך, וואָס איז מיט מיר דער מער? ביי מיר איז אַזוי שוואַרץ אונטער די אויגן. איך ענטפער איר, אַז דאָס איז, מסתּמא, צופעליק, און איך רייב אונטער די אויגן, כּדי אַראָפּצורייבן די שוואַרצקייט. דעמאָלט פרעגט זי, וואָס טראַכט איך וועגן דער רייזע קיין ירושלים? — „פאַרוואָס דווקא קיין ירושלים?" — פרעג איך. דעמאָלט דערקלערט זי מיר־פאַרוואָס. זי איז אָן אַ שיעור אומגליקלעך. די אויגן זענען ביי איר אויסגעלאָשן געוואָרן. ווי עס לעשט זיך אויס דער אָוונט.

— הארטוויטשן אליין ווילט זיך אויך קיין ירושלים. ער האָט זיך אָנגעלייענט וועגן דער שטאָט אין דער ביבל. איך וויל אויך קיין ירושלים. דאָ געפין איך נישט קיין רו. אפשר וועט מיר דאָרט בעסער זיין. מען זאָגט: אַ הייליק לאַנד. מילא, ס'קאָן זיין, אמת טאַקע אַ הייליקס. קיינער קאָן נישט וויסן, ווי אַזוי עס ווירקט אויפן מענטשן. איך האָב דאָ אויסגעפּרוווט פאַרשידענע מיטלען, האָב געדינט אפילו צו פרעמדע געטער. פונקט אַזוי האָב איך אין פינלאַנד אויך נישט געוווסט פון קיין רו. קיינער האָט מיך נישט פאַרשטאַנען, בעת איך פלעג אַוועקגיין פון די אייגענע געסט זייענדיק אַ ווירטין. ווען איך פלעג מיך אומקערן, האָבן זיי מיך געפרעגט, צי האָב איך מיך נישט געפילט קראַנק. זיי זענען דאָך געווען דערצוויגענע, און איך נישט. אָבער די דערצוויגנקייט

איז דאָך אַן איינגעשאַפּט פֿון דעם גאַנצן קלאַס, און איך האָב געזוכט פֿערזענלעכע באַזונדערהייטן אין עמעצן. איך בין צוגעגאַנגען צו איינעם אַ מענטשן און געפֿרעגט: — „איר זענט אַ יעגער?" — ניין, אָבער ער האָט אַ קרוב אַ יעגער. טאָ גיט אים אַהער. אָבער וואָס-זשע איז עס געווען פֿאַר אַ יעגער? — אַ מענטש, וואָס האָט געהרגעט האָזן און פֿייגל, עפּעס אַ שוואַך מוחל, און מער גאָרנישט. ברענגט מיר באַטש אַ שמיד אָדער אַ וואַגאַבונד, נאָר מיט עבטן פֿייער אין די אויגן, וועט ער טויגן פֿאַר אַ יעגער.

איך פֿאַרצייכן אַזויפֿיל פֿון דעם, וואָס די באַראָנעסע האָט גערעדט, דערפֿאַר וואָס איך בין טאָג-טעגלעך מיט איר צוזאַמען און הער מיך פֿון איר אַן אַזויפֿיל. אָבער די, וועגן וועלכער איך טראַכט שטענדיק, הער איך כמעט קיינמאָל נישט. אַט פֿאַרוואָס. אגב, איז פֿאַר מיר אַביסל אַ דערלייכטערונג צוהערן זיך צו דער באַראָנעסעס רייד און נעמען אַנטייל אין איר גורל, מחמת דעמאָלט פֿאַרגעס איך אין מיין אייגענעם גורל, און דאָס איז פֿאַר מיר גוט. די באַראָנעסע שטעלט מיר אָפּט פֿראַגן וועגן דער נסיעה און פֿאַרהוילט נישט, אַז פֿאַר איר איז עס אַ מין עולה-רגל זיין. „איך דאַרף פֿאַרגעבונג פֿאַר אַזוי פֿיל זינד, — זאָגט זי — נו, פֿאַר איך דעריבער קיין ירושלים. ווי מיינט איר, דאָס וועט מיר העלפֿן?

ס'קאָן זיין. געוויס, מיין איך. איר וועט דערזען פֿיל נייס, איר וועט זיך צעשטרייען. וועגן אייערע מיידלעך וועלן מיר דאָ אַלע זאָרגן.

— יאָ, פֿאַר די מיידלעך מוזט איר דאָ אַלע זאָרגן.

דערביי זענען אירע אויגן געוואָרן גרויסע און פֿייכטע, און זי האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַרויקן: זי איז גלייך אַוועקגעלאָפֿן זוכן די קינדער און האָט זיי איינע נאָך דער אַנדערער הויך אויפֿגעהויבן אינדערלופֿטן.

און אַלע מאָל, ווען זי האָט זיך מודה געווען, אַז זי דאַרף פֿיל זינד אויסקויפֿן, האָב איך געטראַכט וועגן איר מאַן, וועלכער האָט זיך, אפֿשר, באמת צוליב איר אַ מיתה אָנגעטון.

## XVI

איך גיי צו ראָזען און זאָג:

— ביי אייך קלויבט מען זיך דאָ צו פאָרן קיין ירושלים, די נסיעה װעט אפשר באמת אונטערגענומען װערן. זיי רעדן בסדר װעגן דעם.

— יאָ, איך װייס. — ענטפערט ראָזע.

איך װער אַ פאַרװוּנדערטער אַנטשװיגן און איך קוק אויף איר. זי ענטפערט אַזוי רויק, אַז זי װייס.

— אָבער די מעשה איז, װאָס די נסיעה װעט אפשר באמת צושטאַנד קומען, — חזר איך איבער — דער אויפזעער פון לייכט-טורעם האָט געמאַכט דעם גאַנצן פאָרפּלאַן. באַלד װעט שוין צו שפּעט זיין דאָס צעשטערן.

אָ, סוף-כל-סוף האָט היינט דאָס געװיסן אָנגעהויבן אין מיר רעדן. עס האָט נעכטן אויך אין מיר גערעדט, און איך פריי מיך שוין נישט, װאָס מען װעט קאָנען פּטור װערן פון האַרטװיגסענען, איך בין אפילו שטאַרק געערגערט צוליב דעם.

— צו װאָס דאַרף מען עפּעס שטערן? — ענטפערט דערװייל ראָזע. — מען דאַרף גאָרנישט שטערן.

— גאָר אַזוי? מען דאַרף נישט? — זאָג איך נאָר און װער אַנטשװיגן.

— בענאָנין װילט זיך אַזוי פאָרן, און איך האָב גאָרנישט קעגן דעם. מיר װעלן דאָך זען אַזוי פיל נייע זאַכן.

— יאָ, יאָ, — ענטפער איך, פּונקט װי פון דער טיפעניש פון עפּעס אַ נעפּל. בכן, פאָרט ראָזע אויך אַװעק! כּדי באַטש װיפל נישט איז צו פאַרגלעטן מיין שולד, גיב איך צו: — יאָ, װעט איר, הייסט עס, אין װעג זיין די איבערזעצערין.

— אַ, װאָס בין איך פאַר אַ איבערזעצערין! — ענטפערט ראָזע. — אמת, איך לייען אַביסל פראַנצויזיש און דייטש, אָבער פונדעסטװעגן... עדװאַרדע אויך, אָבער פונדעסטװעגן... נאָר מיר

זענען נאָך, איבעריקנס, נישט אוועקגעפאָרן! — גיט זי צו.

— יאָ, זיי זענען נאָך נישט אוועקגעפאָרן.

איך באַגעגן הארטוויגסענען און נעם רעדן וועגן דער נסיעה. ער הויבט גלייך אָן, פונקט ווי עס רעדט זיך וועגן זיי דרייען און מ'האָט גאָר קיינמאָל אַנדערש נישט געטראַכט.

— הייסט עס, ראָזע וועט בײַ אייך זיין די איבערזעצערין. — זאָג איך.

— יאָ, — ענטפערט ער — וואָס איז שייך צו אַזעלכע זאַכן, ווייס זי אַלץ מיטאַנאַנדער. איר וואָלט זי נאָר אָנזען, ווען עס קומען צו אונז צו שווימען פאַרשידענע בריוו אין פלעשלעך, אויף פאַרשידענע שפּראַכן געשריבענע, לייענט זי זיי, נו, פּשוט ווי די תפילה „פאָטער אונזער".

— יאָ. און ראָזע איז, מסתמא, זייער צופרידן מיט דער נסיעה.

— איך ווייס אַליין נישט, באמת. נאָר איך האָב איר גלייך אַזוי טאַקע געזאָגט: — „געוויס וועסטו אויך מיט אונז מוזן פאָרן. איך קאָן דאָך נישט פאָרן אין קיין פרעמדע לענדער מיט אַן אַנדער דאַמע אָן דיר." — זאָג איך. מאַק זאָגט אויך אַזוי.

— פאַרשטייט זיך.

— יאָ, יאָ. נאָר קיינער פון אונז איז נאָך נישט אוועקגעפאָרן. דאָ מוז מען אַזויפיל זאַכן נעמען אין אַכט. מען מוז ווײַדער איינקויפן לאָדונג פאַר אַלע שיפן, און צו ווינאַכט הויבט זיך אָן דער גרעסטער פדיון אין קלייט. איך מוז דאָך אויף אַלץ אַכטונג געבן. איך קאָן דאָך נישט אַרויפוואַרפן די גאַנצע אַרבעט אויף מיין שותף.

מיר איז בשום אופן נישט געלונגען צו דערגיין, וואָס, אייגנטלעך, האָט אָנגעמאַכט די גאַנצע איבערקערעניש אין די פּלענער, וועגן דער רייזע. נאָר פאַר זיך האָב איך באַשלאָסן, אַז ראָזע האָט זיך, מסתמא, געווענדט צו מאַקן, וועלכער האָט זיך צו איר שטענדיק באַצויגן מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט, און האָט פאַר אים אַרויסגעזאָגט אירע געדאַנקען.

די באַראָנעסע איז שוין אויך נישט געווען מער אַזוי פרום

און נידערגעשלאָגן ווי פריער. זי האָט אָפטער געלאַכט און גע־נומען רעדן וועגן דער נסיעה אין אַ טאָן פון שפּאַס :—„וואָס אַזוינס דאַרף דער בענאָני אין ירושלים ? — האָט זי געזאָגט רופּ־דיק האַרטוויגסענען פּשוט בענאָני. — זאָל ער זיך בלייבן סאַמע דער ערשטער האָן דאָ אין גאַנצן דאָרף, האַ, האַ, האַ !"

און דער אויפזועער שעניגג האָט אַלץ מער און מער גע־זאָרגן און געפּלאַפּט :

— טרייבט־זשע זיי אַרויס פונדאַנען ! — האָט ער צו מיר געזאָגט. — איצט קאָנען זיי נאָך קריגן אין בערגען שיפן, וועלכע גייען צום מיטללענדישן ים.

אָבער אַ שיף נאָך אַ שיף זענען אַוועק אויף דרום, און האַרטוויגסען מיט זיינע מיטרייזנדערינס איז געבליבן אינדערהיים. אַזוי איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. איך פון מיין זייט האָב ווי אויף גאָטס אַ חסד געקוקט דערויף, וואָס מיר איז נישט געלונגען איבערצורעדן זיי, אַז זיי זאָלן מאַכן די נסיעה, און פאַרזינדיקן מיין נשמה. אַדאַנק דעם רבונו־של־עולם ! און ראָזע—זי האָט אפשר פונאָנהויב אָן געוווסט, אַז פון דער נסיעה וועט זיך גאָרנישט נישט אויסלאָזן, נאָר לפנים וועגן האָט זי זיך אויך געוואָלט רעכענען פאַר איינע פון אירע אַנטיילנעמער.

לסוף איז אויך פאַר דעם אויפזועער קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט גאָר אומזיסט באַאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן פון דער נסיעה. ער האָט האַרטוויגסענען באַגעגנט אין קלייט, און זיין פּנים איז ווייס געוואָרן ווי מעל פון עגמת־נפש און פאַרדרוס.

— נו, איז וואָס, קיין ירושלים זענט איר נישט געפאָרן ? — זאָגט ער.—איבעריקנס, איך האָב אַ טעות געהאַט, צונויפשטעלנדיק דעם רייזע־פּלאַן : איר דאַרפט פאָרן צום באַלטישן ים און פון דאָרט צו העברידן־אינזלען. ווען איר וועט דערפאָרן ביז דוווּר, וועט איר דאָרט פרעגן, וווּ איז די שטאָט פּעקין. אַזוי וועט איר טרעפן, וווּהין איר דאַרפט.

אָבער האַרטוויגסען האָט אויסגערעכנט, אַז דאָ איז עפּעס נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין. בשעת אונזערע באַשעפטיקונגען אין פּרילינג, האָט ער זיך אויסגעלערנט אַביסל געאָגראַפיע. און דאָס, וואָס ער האָט איינגעחזרט, איז שוין געזעסן פעסט אין זיין זכרון.

— פּעקין איז דאָך גאָר אין כינע, — זאָגט ער — און מיר האָבן זיך דען געקליבן פאָרן קיין כינע? און וואָס נוגע דאָווראָ, ליגט די שטאָט אויך נישט אויפן וועג קיין ירושלים. דאָווראָ איז אין נאָרוועגיע.

— איר הערט אָבער וואָס איך זאָג! איך האָב געזאָגט דוואָר, — ענטפערט דער אויפזעער און טרייסלט זיך לייכט מיט אַלע איברים — אין דוואָר איז פאַראַן פיל הינער. איר וואָלט דאָס נויטיק געדאַרפט צו זיין. כי-כי! וואָרום! בלינדער מוילוואָרף!

דער אויפזעער לאָזט זיך אין גרימצאָרן לויפן פון קרייז אַרויס. מ'זעט באַשיינפערלעך, אַז דער מענטש האָט זיך זייער געפרייט פאַר לייטן, האָט זיך געפרייט, וואָס כאָטש עמעצער וועט דערזען אַ וועלט, און אויב נישט פאַר אים, איז כאָטש פאַר אַנדערע וועט זיך די וועלט באַוויזן אין איר גאַנצער פּראַכט. אָבער אפילו אין דעם האָט ער אויך נישט געטראָפן!

איך האָב מיך געניוט כאָטש וויפיל נישט איז צו באַרויקן זיך און האָב דאָס לעצטע מאָל צוגעלייגט די האַנט צו מיין בילד, כדי איך זאָל האָבן די געלעגנהייט אַריבערצוגיין צו ראָזען. ווי נאָר דאָס בילד איז געוואָרן טרוקן, האָב איך מיך דערוואַרט, ביז האַרטוויגסען וועט פאַרבייגיין דורך סירילונד צו דער מיל, און האָב מיך געלאָזן אין וועג אַריין. סיי מאַק, סיי ראָזע האָבן געוווּסט, אַז דאָס בילד האָב איך באַשטימט פאַר ראָזען, און דעריבער איז נישט געווען וואָס צו וווּנדערן זיך, ווען איך האָב עס איצט אַוועקגעטראָגן צו ראָזען. נאָר דאָס, וואָס איך האָב אויסגעקליבן אַ צייט, ווען האַרטוויגסען איז אַוועק פון דער היים, איז זייער שלעכט געווען פון מיין זייט, און איך בין גרייט געווען שפּעטער צו נעמען אויף זיך יעדע שטראָף דערפאַר. אָבער דערפאַר האָט מיר מיין וויזיט נישט קיין גרויסע פרייד געבראַכט.

ראָזע האָט קעגן איר געוווינהייט פאַרשפּאַרט די טיר פון אינעווייניק. איך האָב אָנגעקלאַפּט, נאָר קיינער איז נישט אַרויס עפענען. „נישטאָ קיינער אינדערהיים", — האָב איך אַ טראַכט געטון. די קליינע מאַרטע האָב איך געזען צוזאַמען מיט דער באַראָנעסעס קינדער. איך האָב שוין גענומען אַוועקגיין, ערשט פּלוצלינג

קלאַפּט מיר ראָזע אָן אין פענסטער און עפנט אויף די טיר.

— גילבערט דער לאַפּאַר גייט דאָ אַרום און שמעקט אַלץ אויס, — זאָגט זי — איר האָט אים געזען?

— ניין.

— ביטע, קומט אַריין. אַך, ס'איז פיין בילד איר האָט געמאַכט! אַ שאָד, וואָס בענאָני איז נישטאָ אינדערהיים און זעט עס נישט.

— דאָס איז פאַר אייך, — זאָג איך — זייט אַזוי גוט, נעמט עס ביי מיר. געפעלט עס אייך באמת באַטש אַביסל?

געוויס. איך האָב מיך גאָרנישט געקאָנט האַלטן. איך בין געווען צעמישט און האָב געפילט אַ שטאַרקע צערודערטקייט. פונקט ווי איך וואָלט נישט געבראַכט קיין מתנה, נאָר געקומען בעטן אַ נדבה.

— פאַר מיר? ניין, אַ דאַנק, דאָס דאַרף מען שוין געווים נישט! — האָט ראָזע געענטפערט און לאַנגזאַם אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. ס'איז איר, פאַרשטייט איר מיך, אַ שאָד, וואָס בענאָני איז נישטאָ אין שטוב. ער וואָלט געוויס באַצאָלט פאַרן בילד.

— דאָס בילד פאַרקויפט זיך נישט.

פון פריינטלעכקייט וועגן האַלט זי דאָס בילד אין די הענט, אין די הענט אירע, אויף וועלכע איך האָב שטענדיק געקוקט מיט פאַרגעניגן, זעגען פול מיט עפּעס אַ מין איידלקייט! זי רעדט שטיל וועגן דעם, אַז זי דערקענט מאַקס צימער, די זילבערנע מלאכים, און אַז איר ווילט זיך פּשוט אַ זיפּ טון פונם גלעזל אויפן טיש — אַזוי לאָקנדיק שטייט עס מיט דעם ווין, וואָס איז אין דעם פאַרבליבן.

— דאָס איז אייער ווין, — זאָג איך — איר האָט עס דעמאָלט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

זי האָט זיך פאַרגעסן און אַביסל אַרויסגעגעבן זיך פאַר מיר. זי האָט געענטפערט:

— יאָ, איך געדענק.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום כאַפּט זי זיך שוין, שטעלט אַוועק דאָס בילד אָן אַ זייט און זאָגט:

— בענאָני װעט, מסתמא, באַלד קומען. ער איז נאָר אװעק אויף דער מיל. איר האָט אים נישט געזען?

פויזע.

— יאָ, איך האָב אים געזען, — זאָג איך.

איצט האָב איך מיך אינגאַנצן אַרויסגעגעבן. ראָזע האָט אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט אויף מיר פרײנטלעך אַ בליק געטון און װי־דער גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ.

— דאָס איז דען אַזױ עקלהאַפט? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, איר האָט זיך דאָך נישט געטאָרט פאַרליבן אין מיר. איר װײסט. — האָט זי געענטפערט.

— נײן, — האָב איך מיך מודה געװען מיט אַ צעבראָכן האַרץ — דערפאַר איז מיר פריער פיל בעסער געװען.

ראָזע איז געװען אַזױ ליב און אײנפאַך. זי איז אינגאַנצן פרײ צוגעגאַנגען צו דער זאַך. נײן, פאַרשטײט זיך, איך האָב מיך אין איר נישט געטאָרט פאַרליבן. פונדעסטװעגן האָב איך מיך פאַרליבט. װי זשע האָט זי עס אָנגענומען? איך האָב אין איר נישט געקאָנט אײנזען קײן שום שטאַרקע אומצופרידנקײט, פאַרקערט, אַ גרױסע נאָבעליטעט. די דאָזיקע נאָבעליטעט איז מיר נישט גע־װען אָנגענעם: זי האָט מיך פאַרװאַנדלט אין אַ קינד. צו מײן פרײד האָט זי אַרױסגעװיזן אומרויקײט אויך. „הײסט עס, איך בין נישט גאָר אינגאַנצן קײן קינד אין אירע אויגן", — האָב איך גע־טראַכט.

— איך בעט אײַך אפילו נישט זיצן. אפשר איז פאַר אײַך בעסער שטײן אַביסל, — האָט זי געזאָגט... און געזעצט זיך.

אין אַ װײַלע אַרום האָט זי באַמערקט, װאָס זי האָט געטון. זי איז אויפגעשטאַנען שמײכלענדיק און האָט געזאָגט:

— נײן. זעט נאָר...

דערנאָך האָט זי זיך באַהערשט, אָנגעװיזן מיר אויף אַ שטול אַנטקעגן זיך און געבעטן מיר צו זעצן זיך.

— און פאַרװאָס זאָלן מיר טאַקע נישט זיצן אַביסל? ביטע! איך װעל אײַך דעמאָלט עפּעס דערצײלן.

מיר האָבן זיך בײדע געזעצט.

זי איז געווען טיף ערנסט. זי האָט גערעדט נישט קורץ, נישט געפלאָנטערט, נאָר מיט גייסט און קאָנסעקווענט. און דערבײַ איז זי געזעסן אַטקעגן מיר מיט איר גרויסן רויטן מויל, און מיט איר לאַנגזאַמען בליק פון אונטער די האַלב-אַראָפּגעלאָזענע ברעמען.

— איר האָט געהערט, אַז איך האָב שוין אַמאָל געהאַט חתונה געהאַט? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ.

— יאָ. און דאָ האָב איך נאָכאַמאָל חתונה געהאַט. מיין ערשטער מאַן איז געשטאָרבן. איך בין נישט אַזוי יונג, ווי איר, און אויב איך וואָלט אפילו געווען יונג אַזוי ווי איר, האָב איך דאָך אַ מאַן, אָדער אפשר האָט איר געמיינט, אַז איך בין אַ לייכטזיניקע?

— ניין, ניין!

— אמת, איך בין אַזוי ווייניק לייכטזיניק, אַז איך פיל מיך נאָך עד היום ניקאָלאַיס ווייב, כאָטש ער לעבט שוין נישט. אַזוי איז עס, מסתמא, שטענדיק מיט אונז געגטע. מיר קאָנען בשום אופן נישט ענטגילטיק אָפּרייסן זיך פון די, וואָס מיר האָבן זיך מיט זיי געגט. טראַכט עס נישט, איך בעט אייך. דעם גאַנצן טאָג, אויף יעדן טריט און שריט דערמאָנען מיר אים. איינע פילן עס שטאַרקער, אַנדערע—שוואַכער, אָבער קיינער קאָן עס נישט אויסמיידן. אפשר דאַרף מען זיך נישט גטן!... און וואָס איז שייך צו אייך, איז עס אַזוי נישט גוט, אַזוי נישט גוט! אָ, דאָס איז אין דער זעלביקער צייט גרויסאַרטיק, אָבער דאָס איז אַ שרעקלעכער פעלער פון אייער זייט!... נו, וואָס דאַרפט איר דען? איך בין מיט זיבן יאָר עלטער פאַר אייך, און דערצו אַ חתונה געהאַטע. איך בין נישט פון די, וואָס פאַרליבן זיך לייכט, אָבער ווען איך וואָלט מיך אפילו פאַרליבט, וואָלט איך גיכער פאַרברענט געוואָרן, איידער איך וואָלט מיך אַרויסגעגעבן. איר וועט מיר אפשר דערמאָנען, אַז איר האָט מיך אַליין געזען, ווי איך בין פשוט אויסער זיך געווען פון ליבע? אַך, אין דער ליבע איז עס געגאַנגען נישט אום הארצן, נאָר אום אַן אָרט פון אַ ווירטשאַפטערין. איך בין געווען אַ ווירטין אָן אַ שום ווירטשאַפט. ווען איך וואָלט געהאַט

נישט נאָר אַ הויף גאָר אַ גרינע לאָנקעלע אויף דערצו, וואָלט איר קיינמאָל נישט געזען מיין צערודערטקייט. דער דאָזיקער צי־ ניזם זאָל אייך נישט באָליידיקן.

— ער ענדערט גאָרנישט.

— ניין, ער באַדייט זייער פיל, איר וועט שוין אליין זען. ווען איך וואָלט געווען אין אייער עלטער און נישט געהאַט קיין מאַן, וואָלט איך אלץ איינס אויף אייך מיך נישט ארומגעקוקט.

— דערפאַר, וואָס איך האָב אויך קיין שום ווירטשאַפט נישט? אָבער פונקט אין אזא לאַגע איז דאָך אויך געווען אייער ערשטער מאַן, אויף וועלכן איר האָט געוואַרט אזויפיל יאָרן! — האָב איך מיך צערעדט. — איר רעדט אויף זיך אָן, כדי מיר צו העלפן אין מיין משוגעת.

— איר מיינט אזוי? — האָט זי געפרעגט און אַ שמייכל געטון.

דערמיט האָט זי ארויסגעוויזן איר עכט־ווייבערשע נאַטור. זי האָט, אפנים, גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז איך זאָל זי דוקא אזוי פארשטיין. זאָל איך זי האַלטן פאַר אזא גרייטע אויף זעלבסט־ אָפּפערונג אין ליבע! דאָס אַלץ האָב איך זי פאַרשטאַנען ערשט שפּעטער. איצט אָבער האָב איך ווייטער געזאָגט:

— און דאָס, וואָס איר זענט געווען אזוי צעטראָגן צוליב האַרטוויגסענען, איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. איך רעכן, אַז דאָס איז געווען פשוט אייפערזוכט צו דער קאָנקורענטין.

ראָזע האָט פאַרשעמט אַ שמייכל געטון.

— ס'קאָן זיין, אַביסל. — האָט זי געזאָגט.

אָבער נאָכדעם איז איר געוואָרן פאַרדריסיק אויף מיין איינ־ געשפּאַרטקייט און זי האָט מיך ווידער אָפּגעפרעגט:

— ניין, דאָס איז נישט אזוי. איבעריקנס, אַלץ איינס. וואָס צווינגט מיך דען צו זיצן דאָ און מתוודה זיין זיך פאַר אייך?

— נו, געוויס. — האָב איך געענטפערט מיט עניוות. פונדעסט־ וועגן בין איך זיכער געבליבן געווען: זי איז שוין גאָרנישט אזוי ווייט געווען פון איינליבן זיך, ווי זי האָט עס גערעדט.

מיינט איר, אַז איך בין געווען אייפערזיכטיק? — האָט זי געזאָגט. — אָבער איך געהער אפשר גאָרנישט צו די מענטשן, וואָס

ליבן זיך לייכט איין, הערט איר? איך בין גראָד אזא איינפאכע און געוויינלעכע פרוי, ווי איר זעט מיך. מיין מאן, איך מיין, מיין עדי־שטער מאן, פלעגט אפילו אלעמאָל זאָגן, אז איך בין שרעקלעך אַ לאַנגווייליקע. און איך מיין, אז ער איז געווען גערעכט. איבע־ריקנס, וואָס זענען עס פאר שמועסן אזעלכע, — האָט זי פלוצלינג קורץ און אנטשלאָסן געזאָגט — אייערע געפילן גייען אין אזא שלעכטער ריכטונג, אז מיר בלייבט גאָרנישט איבער, ווי נאָר אָפּהאלטן זיי.

— איר קאָנט זיי נישט אָפּהאלטן. — האָב איך געזאָגט.

— געווים, איך קאָן. איר ווייסט אליין זייער גוט, אז ווען דאָ וואָלטן געווען אנדערע, וואָלט איר וועגן מיר אפילו נישט געטראכט. נאָר דאָ איז אזא קליינער אויסוואל, און דערצו גייט איר אין ערגעץ נישט און זעט מער קיינעם נישט. איבעריקנס, איך מוז אייך מודה זיין, אז אזא פאל איז לגמרי ניי פאר מיר. די, וועלכע זענען פריער אין מיר געווען פארליבט, זענען דערפון גאנץ ווייניק אומרויק געווען, זיי האָבן געגעסן און געשלאָפן ווי פריער. ניקאָלאַי איז געווען רויק, בענאָני נאָך רויקער. ווייס איך איצט נישט, ווי זאָל איך מיט אייך זיין.

— איך מעג אייך זאָגן, ווי איר זאָלט זיין?

— זאָגט.

— וואַרפט אוועק אייער מוטערלעכן באגיין זיך. איר דאַרפט זיך צו מיר נישט באַציען אזוי פון אויבן אראָפּ.

דעמאָלט האָט זי לייכט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— דאָס איז פונקט דאָס, וואָס איך דאַרף נישט טון! יאָ, דאָס איז דאָך דער איינציקער וועג, אנישט וואָלט איר אַהער נישט געטאָרט קומען.

— און דעמאָלט וואָלט אפשר בעסער געווען. — האָב איך געזאָגט צוליב מיין יונגקייט.

— ניין, הערט נאָר, זייט זשע אַ קלוגער! איר ווייסט דאָך, אז דאָס איז פשוט קינדישקייט פון אייער זייט.

— און איר ווייסט אויסגעצייכנט, אז איך בין גאָר קיין קינד נישט! — האָב איך איר איבערגעריסן די רייד אַ פאַרביטערטער

ראָזע האָט געענטפערט אָפן און געקוקט אויף מיר:

— גראָד א קינד!

איך בין געבליבן זיצן און געקוקט אויף איר, נישט טוענדיק קיין פינטל מיט אַן אויג.

און איך האָב זי געהאלטן פארא מענטשן מיט אזעלכע איידעלע חושים! דאָס איז געווען זייער גראָב! פשוט א נארישקייט, ווייבערשע פלוידעריי!... מיר גייט דאָך שוין דאָס דריי און צוואָנציקסטע יאָר.

— איר זענט אפשר נישט גאָר אומגערעכט, — זאָג איך ענדלעך — איך מיין אויך, אז ווען דאָ האָלטן זיין אַנדערע...

— אומבאדינקט! — האָט זי אויסגעשריגן, אינגאנצן מסכים זייענדיק מיט מיר.

— איך וועל מיך פרוּוון באַהערשן. אינגיכן הויבן זיך אָן פרעסט, און די יאגד-צייט, איך וועל אָנהויבן גיין אהער, אהין, איך וועל זיין אין דאָרף...

— יאָ, יאָ, אזוי זאָלט איר טון! — האָט ראָזע געזאָגט. זי איז אויפגעשטאַנען, אַרויפגעלייגט די הענט אויף מיינער, איז אזוי געשטאַנען אביסל און צוריק אוועקגעזעצט זיך. — ניין, איר זעט דאָך אליין, אז קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. איך בין אייער דערוואקסענע קוזינע, אייער קאָלאָסאלע קוזינע, העהע!

א נייע באַליידיקונג! איך בין שוין גאָרנישט געווען אזא קליינינקער, אַז זי זאָל לגבי מיר זיין א „קאָלאָסאלע". אמת, איך האָב נאָך אלץ געהאלטן אין וואקסן. אָבער ס'דאָזיקע אומגליקלעכע פארשפּעטיקטע וואקסן וועט זיך דאָך אינגיכן מוזן ענדיקן. איך האָב בכיוון געענדערט דעם טאָן און געפרעגט:

— נו, איז ווי—עפּעס וואָס שטערט די רייזע קיין ירושלים?

פויזע.

— יאָ

— אומאייניקייט אין דער סוויטע?

פויזע.

— איר, אלעמאָל אזא שרעקעוודיקער, איר, וואָס פלעגט קיין זאַך נישט פרעגן... נו, וועל איך אייך נאָך עפּעס דערציילן,

ווילט איר? איר באמערקט אפשר, אז איך בין היינט צערודערט. און, מסתמא, דערקלערט איר די דאָזיקע צערודערטקייט אויף אייער שטייגער? און די מעשה איז גאָר אזוי: דער לאָפּאַר איז דאָ היינט געווען — גילבערט. ער וואַרפט אויף מיך שטענדיק אָן אַן אימה. ער הייסט אזוי פיל!

זי האָט וועגן דעם לאָפּאַר גערעדט מיט אימה, זי האָט אפילו נישט געפרואווט מער באַרויִקן זיך, און האָט אָפן ארויסגעוויזן איר גאַנצן טרויער. די גאַנצע פאַרביטערטקייט מיינע איז פאַרשוואונדן.

— ער איז ארויסגעשפּרונגען פון הינטערן ווינקל גלייך, ווי נאָר בענאָני איז אוועק, האָט זיך פאַרנויגט און שנעל אָנגעהויבן רעדן: „אָהאָ, די אַלטע מאַלענע!" — די אַלטע מאַלענע — דאָס איז מיין מאַנס מוטער, מיין ערשטן מאַנס מוטער. — „וואָס זשע איז געשען מיט דער אַלטער מאַלענע?" — פרעג איך, הגם בענאָני איז פשוט ווי אַ זון פאַר איר און שיקט איר אַלץ אריין. — „אָהאָ, זי איז רייך געוואָרן: באַקומען מיט דער פּאָסט הונדערט דאָלער!" — „פון וועמען זשע האָט זי עס באַקומען"; — פרעג איך. — „פון קיינעם נישט! — ענטפערט גילבערט, — זי ווייסט אליין נישט. אָנגעקומען דורך דער פּאָסט און שוין!" דאָ האָב איך דערפילט, אז דאָס הארץ שפּרינגט ביי מיר פשוט ארויס פון דער ברוסט, און איך האָב נאָר געקאָנט פרעגן: — „קיין בריוו איז מיטן געלט נישט געווען?" — „ניין". — האָט גילבערט געענטפערט פּויזע.

— מילא, דאַנקען גאָט, וואָס די אַלטע האָט באַקומען געלט. — האָב איך געפרואווט ענטפערן.

— דאָס איז אמת, אָבער... נאָר איינאיינציקע האַנט האָט דאָס געלט געקאָנט ארויסשיקן...

— גאָר אַ נייס! — האָב איך זי געפרואווט אויפמונטערן — דאָס קאָן זיין פון דער ירושה. מ'האָט עס אפשר ערשט איינגעאָרדנט.

— איר מיינט אזוי? — האָט ראָזע געפרעגט מיט דערלייכטערונג. — אָבער דעמאָלט וואָלט דאָך וועגן דעם געווען אַ באַמערקונג. עס וואָלט דערביי צוגעלייגט געוואָרן אַ פּאַפּיר.

— יאָ, מ׳מוז מודה זיין. איך פאַרשטיי ווייניק אין אַזעלכע ענינים. אָבער איר האָט זיך דאָך יעדנפאַלס שוין געגט מיט דעם ערשטן מאַן!

ראָזע שאָקלט מיטן קאָפּ און רעדט ווי פאַר זיך.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ גט!

— אָבער צי ער לעבט, צי ער איז טויט, איר האָט צו אים קיין שייכות נישט.

— ס׳איז אַ טעות! און חוץ דעם: זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן... אַז ער איז אומגעקומען. אַנדערש וואָלט איך אַ צווייטן מאָל קיין חתונה נישט געהאַט.

— האַרטוויגסען און מאַק האָבן דאָך געקראָגן פאַר אייך אַ גט? זיי האָבן געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ דערלויבעניש אויף דער חתונה?

— יאָ, אָבער דאָס איז פאַר מיר געווען צו-קנאַפּ. דעמאָלט האָבן זיי מיר געמאָלדן, אַז ער איז טויט.

— אַ, אויב אַזוי, איז ער, מסתמא, געווים טויט.

פלוצלינג האָט מיך אָנגעכאַפּט עפּעס אַ רוגז אויף דעם דאָזיקן מת, וועגן וועלכן ראָזע טראַכט אַזוי פיל. נו, וואָס גייט איר אָן, צי ער לעבט, צי נישט? זי איז, אפּנים, נאָך אַלץ מיט אים פאַרבונדן? איך האָב שוין געפילט אייפערזוכט נישט צו האַרטוויגסענען, נאָר צו דעם מת. אָ, איך האָב געווונשן אַלדאָס גוטס מיין פריינד האַרטוויגסענען. און וואָס איז ער, דער אַנדערער, פאַר אַ פיינער מענטש אַזאַ!—האָט פאַרקויפט דאָס ווייב פאַר געלט, פאַרטרונקען דאָס געלט און איז געשטאָרבן!

— איר רופט מיך קינד,—האָב איך געזאָגט צו ראָזען, כּדי צו פאַרשעמען זי — און וואָס זענט איר אַליין, דערלויבט מיר אייך צו פרעגן? אייביק אַרומטראָגן זיך מיט איינעם עפּעס... מיט דעם אָנדענקען פון איינעם עפּעס...

בעת איך האָב מיך פאַרהאַקט, האָט זי אויף מיר אויפגעהויבן די אויגן און געוואַרט. אפשר האָט זיך איר געוואָלט, אַז איך זאָל מיך אַרויסזאָגן ביזן סוף וועגן דעם דאָזיקן פאַרקויפן און פלוצלינגן שטאַרבן. נאָר וויבאַלד אַז זי האָט אויף

גאָרנישט נישט געקוקט, אזוי טייער געהאלטן איר ניקאָלאַיען פון שמש-הויף און האָט זיך אָן אים אזוי פעסט געהאלטן, האָב איך אויך אויף איר געקוקט און ווייטער נישט גערעדט.

— נו? — האָט זי געפרעגט. — אייביק אַרומטראָגן זיך מיט דעם אָנדענקען פון איינעם עפּעס..

— דאָס איז אויך נישט קיין סימן פון גרויסער דערוואַקסנקייט. — האָב איך געזאָגט.

פּויזע.

זי איז געזעסן גאָר א מבולבלע.

— פאַרצייט! — האָב איך דעמאָלט געזאָגט.

פונקט ווי עפּעס וואָלט זי א שטופּ געטון: זי האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן און אוועקגעלייגט איר סאַמעטענע האַנט צו מיר אויף דער באַק.

— זאָל אייך גאָט בענטשן! — האָט זי געזאָגט. — איר האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז עפּעס אַנדערש, ווי ליבע. זעט איר, איצט וועל איך מיך באַרויקן, — האָט זי צוגעגעבן, צוריקזיצנדיק זיך — דאָס האָב איך מיך פּשוט נאָר אזוי דערשראָקן: גילבערט איז אַזאַ שרעקלעכער!

— גילבערטן אומשעדלעך צו מאַכן — דאָס קאָן איך שוין אויף זיך נעמען! — האָב איך אויסגעשריגן באַגייסטערט. — איך וויל שוין עפּעס אַזוינס וועגן אים, מאַך וועט אים פונם ערשטן וואָרט נעמען אין זיינע הענט!

— אזוי גאָר? — האָט ראָזע געפרעגט. — יאָ, אָבער דאָס וועט אַלץ איינס גאָרנישט נישט ענדערן: גילבערט האָט, אייגנטלעך, אַלע מאָל ריכטיק פאָרויסגעזאָגט.

— דאָס איז... דאָס איז... פאַרצייט מיר — א קינדישקייט צו גלויבן אין אַזעלכע זאַכן...

— יאָ, יאָ! ער האָט אַלע מאָל ריכטיק פאָרויסגעזאָגט! און אפשר האָט ער היינט אויך פאָרגעזאָגט דעם אמת, מען קאָן נישט וויסן. אָבער גאָט מיינער, וואָס וועט דעמאָלט זיין?! און נאָך אין מיין לאַגע!

זי איז ווידער אויפגעשטאַנען, אויסגעצויגן די הענט, דערנאָך

פארבראָכן זיי איבערן קאָפּ. איך האָב געזען איר פארצווייפלונג און ביי די לעצטע ווערטער אירע האָב איך א טראכט געטון: „זי האָט חתונה געהאט שוין עטלעכע חדשים, אפשר טאָר זי זיך גאָרנישט אויפרעגן".

— בארויקט זיך! — האָב איך געזאָגט. — איר האָט דאָך קיין שלעכטס נישט געטון!

איך האָב אויפן וועג דערזען הארטוויגסענען און האָב זי געוואָרנט. ראָזע איז געבליבן שטיין קעגן מיר.

— איר דארפט מיך נישט בעטן שווייגן.— האָב איך געזאָגט.

— אָ, דאָס איז, אויב איר ווילט, אלצאיינס. איך וועל אליין זאָגן. נאָר איך וויל אייך באדאנקען דערפאר, וואָס איר האָט מיך פארשטאנען — פארשטאנען, אז איך קאָן מיך נישט באפרייען פון די דאָזיקע ערינערונגען.

איך האָב עס בפירוש נישט פארשטאנען, פארקערט, דאָס איז ווידעראמאָל געווען מער נישט ווי ווייבערשע פלוידעריי. פאר-קערט, לויט מיין מיינונג האָט ראָזעס ערשטער מאן פאר איר געדארפט זיין א טויטער, אפילו אויב ער האָט געלעבט.

— און איר אליין דארפט זיין א מענטש: גייט אויף יאגד-זייט אין שטאָט. — האָט זי געזאָגט.

— רעכט. — האָב איך געענטפערט קורץ.

הארטוויגסען איז אריין.

- גוטע נייעס, — האָט ער געזאָגט — די שיפן זענען אָנגע-קומען קיין בערגען, ווען זיי וועלן צוריקקומען אהיים און שטעלן זיך אין האפן, פולע מיט סחורה, וועט די פרעמיע מיר געהערן!

— איך ווינטש אייך פון גאנצן הארצן דערפאָלג! — האָב איך געזאָגט, באמת ווינטשנדיק הארטוויגסענען אלדאָס גוטס פון טיפן הארצן.

לעבעדיק געוואָרן פון די דאָזיקע ווערטער, האָט הארט-וויגסען צוגעגעבן:

— הייסט עס, אז נישט בלויז מיין שותף מאק קאָן מאכן ספעקולאציעס און פארדינען געלט.

# XVII

איצט האָב איך, אייגנטלעך, נישט געוווּסט וואָס זאָל איך טראַכטן, וואָס זאָל איך טון. ראָזע האָט זיך פאַר מיר באַוויזן אין עטוואָס אַן אַנדער שיין. איר סענטימענטאַלער אַרומטראָגן זיך מיטן געשטאָרבענעם מאַן, וואָס איז מער גאָרנישט נישט ווערט. ווי פאַראַכטונג, האָבן זי געמאַכט גאָר פאַר אַן אַנדערע אין מיינע אויגן. דערצו איז זי נאָך געווען זייער אָפּנהערציק און האָט אַזוי ברייט דערציילט, זי—וואָס איז פריער געווען אַזוי פיין און שווייגעוודיק. איך בין דאָך פאַר איר געווען אַ פרעמדער. אפשר האָט זי זיך עס דערפאַר דערלויבט, וואָס זי האָט זיך שוין צופיל פאַרלאָזן אויף מיין אומבאַגרענעצטער ליבע צו איר? און חוץ דעם — זי האָט אויף מיר געזאָגט קינד!

ס'איז אַריבער אַ וואָך צי צוויי. איך האָב געוואַרט אויף הערבסט. איינמאָל קומט צו מיר די באַראָנעסע און זאָגט:

— שוין זיבן יאָר, ווי איך פיל נישט, צי איך האָב אַ האַרץ, איצט גלויב איך שוין אפילו נישט, אַז איך האָב עס.

און זי האָט אַ ווײַלע ברייט גערעדט וועגן דעם, וואָס איר האַרץ איז געשטאָרבן, אַז זי איז דעם פאַריקן זונטיק געווען אין קירך, און אַז זי האָט בדעה אויף ווייטער שטענדיק צו גיין אַהין און וועט מיט זיך נעמען די מיידעלעך.

„ווידער אַרייגעלאָזן זיך אין פרומקייט." — האָב איך אַ טראַכט געטון.

איך האָב אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער צו ראָזען, אַרייגעלייגט דעם בריוו אין קעשענע און געהיט עס אַ גאַנצן טאָג. צו דער נאַכט, ווען עס איז פינסטער געוואָרן, האָב איך אים אַוועקגעטראָגן לויטן אַדרעס.

נאָר איצט ערשט האָב איך אַ טראַכט געטון ערנסט, ווי שווער עס וועט מיר זיין איבערגעבן דעם בריוו צו איר אין די הענט. לעבן ראָזעס טיר האָב איך אַרויסגענומען דעם בריוו פון

קעשענע און בין געבליבן שטיין: מען קאָן אים דאָך נישט אַריינרוקן אין דער שפּאַרע פון דער טיר! איך האָב פאַר זיך אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און צוריק באַהאַלטן דעם בריוו אין קעשענע.

פונקט אַזאַ נאַרישקייט האָב איך געטון דעם צווייטן אָוונט אויך. איך האָב אָנגעשריבן אַ נייעם בריוו, און דעם אַלטן האָב איך פאַרבּרענט. וואָס האָב איך געשריבן? — נאַרישקייטן: — איניגיכן גיי איך אַרויס אויף דער יאַגד, איך ליב אייך!... אַך, איך בין באמת געווען אַ קינד. איך האָב אַלץ געקירצט און געקירצט דעם בריוו. אויפן דריטן אָוונט האָב איך אָנגעשריבן פּשוט: „ראָזע!" און דאָס, האָט מיר אויסגעוויזן, איז גאַנץ גענוג. איך האָב פאַרחתמעט דעם בריוו, באַהאַלטן ביי זיך אויף דער ברוסט און געלייגט זיך מיט דעם שלאָפן.

גאַנץ פרי קלאַפּט עמעצער צו מיר אין דער טיר, נאָך פריער איידער איך האָב באַוויזן אויפצוהויבן זיך פונם געלעגער. דאָס איז די באַראָנעסע. זי זעט און הערט גאָרנישט נישט. שטייט ביי דער טיר אין הוט און אין מאַנטל. אפנים זי האָט נאָר וואָס שפּאַצירט אויף דער פרישער לופט.

— איר האָט דאָך געזאָגט, אַז איר האָט אַ חבר? — האָט זי געפרעגט.

— ווי דען. זייט מוחל, איך בין נאָך... באַלד וועל איך אויפשטיין.

— ס'איז גאָרנישט. ווי אַלט איז ער?

— מיין חבר? ער איז מיט צוויי, צי מיט דריי יאָר עלטער פאַר מיר.

— שרייבט אים אויס אַהער. ווי רופט מען אים?

— מונקען ווענדט.

— שרייבט אים אויס.

איך באַמערק מיט אימה, אַז מיין בריוו צו ראָזען ליגט אויף דער פּאָדלאָגע. איך וויל, אַז די באַראָנעסע זאָל וואָס גיכער אַרויסגיין, און דעריבער זאָג איך צו אויסצושרייבן מונקען ווענדטן.

תיכף-ומיד! — ענטפער איך. — ווי איך וועל נאָר אויפשטיין.

— אפשר קאָנט איר נעמען די ביקס אויפֿן אַקסל און אַרויס-גיין אים אַנטקעגן? — האָט זי געפֿרעגט.

— אדרבא, דאָס איז אויסגעצייכנט!

אָך, דאָס איז כּלל נישט אויסגעצייכנט: איצט ווילט זיך מיר חייניקער איידער אַלעמאָל אַוועקגיין פֿון די דאָזיקע ערטער, צו וועלכע איך בין אַזוי שטאַרק צוגעטשוואָקט געוואָרן. אין אַ חודש אַרום וואָלט מיר אפשר געווען לייכטער.

די באַראָנעסע פֿרעגט:

— ער איז אַ סטודענט?

— מונקען וועגדט? — יאָ, אַ סטודענט.

— וואָלט ער געקאָנט ווערן מאַרטעס לערער. בענאָני חיל אויך האָבן אַ לערער. — זאָגט זי און פֿאַרקרימט אַביסל די ליפּן.

אַ ציטער נעמט מיך דורך: מונקען וועגדט ביי ראָזען אין הויז! ער איז דאָך פֿעיק... ער איז אַזאַ יונג... אַן אמתער פּיי-ער, אַ מייווער! אפשר קאָן מען ווי נישט איז אַרויסשטעלן זיך קעגן דער באַראָנעסעס מיינונג? דער בריוו ליגט אויף דער פּאָד-לאָגע מיטן אַדרעס אַרויף. אָבער ס'האָט אויסגעוויזן, אַז זי האָט נישט געזען און נישט געהערט, און דאָס האָט מיר ביז אַ געוויסן גראַד צוגעגעבן חוצפּה.

— מונקען וועגדט טויג אפשר גאָרנישט פֿאַר קיין לערער, — זאָג איך — איך וועל זיך דערלויבן, ווען איך וועל אויפֿשטיין...

— דעמאָלט וועל איך שוין נישט זיין אין שטוב, איך גיי אַוועק. איר שרייבט איצט נאָר אָן אַ בריוו. יענס-דער-פּאָטערל וואַרט דאָרט אונטן, ער וועט אָפּטראָגן. ער וועט גיין טאָג און נאַכט. און איר גייט נאָך אים פֿון הינטן.

— רעכט. — זאָג איך.

— ווי נאָר איר וועט באַגעגענען אייער פֿריינט, פֿירט אים גלייך אַהער. און דאַן וועלן מיר שוין זען. ער קאָן ביי אונז בלייבן צו גאַסט אַביסל צייט.

— רעכט, — זאָג איך.

אין אירע אויגן האָט זיך כּלומרשט באַוויזן מער באַוווסטזיין.

ווי עמעצער וואָלט זיי ארויסגערופן פון ערגעץ ווייט. זי האָט באַטראַכט דאָס צימער.

— אָ, אָט איז אַלינעס בילד! — האָט זי געזאָגט, מיט אַ שמייכל קוקנדיק אויף דער וואַנט, אויף מיר האָט זי גאָרנישט געקוקט. לסוף האָט זי געפרעגט: — איז ווי, ווערט איר היינט גיין?

— יאָ, תּיכּף! — האָב איך געענטפערט.

— נו, איז דערווייל אַ גוטן טאָג! פאַרצייט מיר.

זי איז אַוועק.

איך האָב מיך אַראָפּגעכאַפּט, פאַרברענט דעם בריוו, אָנגעטון זיך און אַרויס. ס'איז געווען אַכט דער זייגער. די באַראַנעסע איז ערגעץ אַוועק. איך האָב געוואָלט דורכמאַכן אַ קורצן באַקאַנטן וועג, געוואָלט אָנזאָגן אין איין אָרט, אַז איך גיי אַוועק ווייט אין די וועלדער אויף צפון, ערשט פּלוצלינג דעריאָגט מיך אויפן וועג יענס-דער-פּאַטערל און בעט ביי מיר דעם בריוו, וואָס ער דאַרף אָפּטראָגן. אָ, ס'אַרא לאַנגאָטש דאָס איז! מען קאָן זיך פון אים נישט באַהאַלטן: ער גייט דאָך אין דער שליחות פון זיין הערשערין. איך בין אַוועק נאָך אים צוריק און האָב אָנגעשריבן דעם בריוו, איך האָב געוואָלט אָנשרייבן קורץ און קאַלט. אָבער צו וואָס מאַכן אַ זויערע מינע? דער גורל איז איבער אונז אַלעמען, און דער דאָזיקער קינעכט דער באַראָנעסעס וועט אַלצאיינס ברענגען מונקען ווענדטן אַהער, אַ לעבעדיקן צי אַ טויטן. ער וועט פּונקט אַזוי נישט דערלאָזן, מען זאָל אים זאָגן „ניין", ווי דעמאָלט, ווען ער קומט אויפן הויף און פאָדערט ביינער.

איך בין אַוועק צו ראָזען, און האָב געזאָגט:

— איך בין נאָר געקומען זאָגן אייך, אַז איך גיי אַוועק. דעריבער בין איך עס פּשוט געקומען און זאָג אייך.

— אַזוי גאָר? — פרעגט ראָזע. — איר גייט אויף יאַגד?

— יאָ, איך גיי נאָך אַ לערער פּאָר מאַרטען. ער וועט וווינען דאָ ביי אייך, אונטער איין דאַך מיט אייך!

— איך פאַרשטיי נישט... ער וועט אַהער קומען?

— איך גיי איצט באַגעגענען אים, אַז ער זאָל זיכער דאָ זיין. איר זענט דען נישט צופרידן דערמיט?

ראָזע שמייכלט פון מיינע מאָדנע ווערטער. איך פיל, אז מיין פּנים ענדערט זיך און ווערט מיאוס.

— איך פאַרשטיי נישט, — חזרט זי איבער — דאָס האָט בענאָני אזוי געזאָגט?

— דאָס האָט געזאָגט די באַראָנעסע. הייסט עס, מאַרטע וועט האָבן אַ לערער. דאָ, ביי אייך, יעדן טאָג מיט אייך.

— יאָ, איצט דערמאָן איך מיך, אז בענאָני האָט גערעדט וועגן אַ לערער, — זאָגט ראָזע, כּדי צו באַווייזן, אז זי איז אויך באַטייליקט אין דער זאַך — איר דאַרפט דערפון נישט זיין אומרויק, פאַרוואָס זענט איר אזא מאָדנער?

— אָט וועט איר זען, אז איר וועט זיך איינליבן אין דעם לערער. ער איז עלטער פאַר מיר און זעט גאָר אַנדערש אויס. אָט וועט איר זיך אין אים פאַרליבן.

דאָ לאַכט זיך ראָזע הויך פונאַנדער, פאַרשאַפנדיק מיר גרייליכן עגמת נפש מיט איר לייכטזיניקייט.

— וואָס לאַכט איר? — פרעג איך.

זי ענטפערט ערנסט.

— קיינמאָל נישט! נישט אין אים, נישט אין קיין אַנדערן.

איך האָב שוין געהאַט אָפּגעעפנט די טיר. נאָר איך בין צוריק אַריין און שנעל און פעסט אַ דריק געטון איר די האַנט.

— אויף ווידערזען! אויף ווידערזען! אַ גליקלעכע יאַגד! — האָט זי געענטפערט.

— ניין, איך האָב אייך נאָר געוואָלט אָפּדאַנקען.

און איך בין אַוועק.

ראָזע איז געגאַנגען מיט מיר. זי האָט, אפּנים, מורא געהאַט, אז זי האָט מיר געגעבן אַ האָפנונג און פאַרפירט אין אַ טעות.

— פאַרוואָס דאַנקט איר מיר? — האָט זי געפרעגט.

— דערפאַר, וואָס איר האָט נישט געפרעגט, ווי מען רופט אים, ווי אַלט איז ער און ווי זעט ער אויס.

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— דאָס איז מיר גאָרנישט אינטערעסאַנט. איך אינטערעסיר מיך מיט קיינעם נישט.

שוין דאָס צווייטע מאָל, אַז זי באמת זיך צו רעדן מיט מיר אָפענע דיבורים!

בכן גיי איך מיר אויף צפון אין די וועלדער. איך גיי אויסגעשטאַט פונקט אַזוי, ווי איך בין געווען אין פרילינג, בעת איך בין געקומען קיין סירילונד. איך בין פונקט דער זעלביקער וואָס אַמאָל, און איך האָב די ביקס מיט זיך.

דער ציטערבוים וואַרפט פון זיך אַראָפ זיינע הערבסטיקע פלאַמענדיקע בלעטער. זיי שיטן זיך פון די צווייגן מיט אַ שטילן שושקען. זיי שושקען זיך איבערן גאַנצן וואַלד. ערגעץ קיין איין פויגל נישטאָ. צווישן בערגלעך, הינטער בערגלעך ציט זיך אַ שטעגל. אַ הוידזשעניש דערטראָגט זיך צו מיר פון פאָרנט און פון רעכטס, דאָס איז דער ים. קיין מענטשן, קיין הייזער, גאָרנישט נישטאָ, אויסער דער דאָזיקער אויסגעצויגענער הוידזשעניש אין דער לופטן. דער וואַלד, איבער וועלכן איך גיי, איז אַ נישט-גערירטער וואַלד. ער אַליין געבוירט זיך, לעבט אויס זיין צייט און געבוירט זיך ווידער. דאָ זענען פאַראַן נאָדל-ביימער, ציטער-ביימער און ראַבינעס. מאָזשעוועל שטייט דאָ אויך אומעטום, וווהין נאָר דער בליק פאַלט. די הויכע סאָסנעס זענען גלייכע און אומבאַוועגלעכע. גרויסע שטיינער און בערג ליגן אינם מאָך, איינגעזונקענע אין זייערע נעסטן. אָפגעגאַנגען עטלעכע שעה און אין ערגעץ נישט באַגעגנט קיין שפור פון לעבן, נעם איך מיר אויסקערן פון די ערטער די שטיינער, וואָס טרעפן זיך אין וועג, כדי צו זען, צי איז אונטער זיי נישטאָ קיין ווערעם אָדער רויפעס. איך באַרויִק מיך אַלץ מער, און קאָן טראַכטן וועגן עפעס אַנדערש.

„נאָך וואָס, אייגנטלעך, גיי איך? — טראַכט איך — מיין ווירטין, די באַראָנעסע, וויל זען מיין חבר און איבערצייגן זיך, צי איז ער אַ מין גלאַן. זי האָט בכיוון צוזאַמען געאַרבעט מיט האַרמוויגסענען, און האָט עס אַלץ אַזוי אויסגעקאָמבינירט. ווי די באַראָנעסע האָט זיך אַליין פאַרפלאָנטערט אין אירע שטיק! זי האָט קיינמאָל קיין עסקים נישט מיט אַנדערע פרויען. מיט איר פאָטער רעדט זי נאָר געציילטע נייטיקע ווערטער. ביים טיש דאַנקט איר מאַק נאָר דאַן, ווען זי וויזט אים אַרויס עפעס אויפמערקזאַמקייט, דער-

לאַנגט אים דאָס ברויט, אָבער אַזוי פלוידערט ער גערנער מיט די מיידעלעך, אָדער ער שווייגט און איז העפלעך. קיינמאָל וועט ער נישט צוציען די טאָכטער צו זיך און נישט פרעגן: — „פאַרוואָס איז ביי דיר אַזאַ אויסגעמאַטערטער אויסזען, מיין קינד?" אי־בער דעם הויז אין סירילונד הויערט עפּעס אַ סוד. און פאַרוואָס זע־נען זיך די דאָזיקע צוויי חברטעס, ראָזע און די באַראָנעסע, איצט נישט גוט איינע מיט די אַנדערע. זיי שמועסן שוין נישט צווישן זיך, הגם זיי זענען דאָך קיין שונאים אויך נישט צווישן זיך? עס ציט זיי נאָר שוין נישט מער איינע צו דער צווייטער. ס'איז זיכער אַזוי!

גייענדיק און גייענדיק ביז סאַמע אָוונט, בין איך דערגאַנגען צו אַן ערד־שטיבל, ווו יענס־דער־פּאָטערל האָט פאַר מיר, לויט ווי ס'איז אָפּגערעדט געווען, איבערגעלאָזן שפּייז. איך לייג פונאַנדער אַ פייער, וואַרעם אָן אויף די קוילן געקאָכט פלייש און טרינק מיך אָן פון טייכל. נאָכדעם וואַרף איך אָן פיל צווייגן אויפן פייער, ברעך אָן נאָדל־צווייגן אויף אַ געלעגער און לייג מיך אַוועק אויף עטלעכע שעה.

איך כאַפּ מיך אויף אין דער פינסטערניש. איך בין דערפרוירן. איך לייג אַרויף נאָך אַ הויפן צווייגן אויפן פייער און ווער ווידער אַנטשלאָפן. איך כאַפּ מיך אויף אַ צווייטן מאָל פונקט אין אַזאַ פינסטערניש, אָבער איך פיל מיך גוט אויסגעשלאָפן, און דערי־בער שטיי איך אויף, בראָט מיר ווידער אָפּ פלייש, נאָכדעם גיי איך אַרויס אויף דער פרייער לופט און וואַרט אַביסל. לסוף הויבט זיך אָן הינטער מיר אויף מזרח דער זון־אויפגאַנג. די פינסטערניש ווערט שיטערער, איך הויב ווידער אָן מיין וואַנדערן צו צפון.

אַזוי גיי איך צוויי טעג, און מונקען ווענדט איז נאָך אַלץ נישטאָ. איך שלאָף ווידער אין אַ פאַרלאָזענעם ערד־שטיבל. איך בין געגאַנגען נאָך אַ טאָג, און הינטער מיר איז שוין געבליבן אַ היפּש ביסל מיילן. פון צייט צו צייט זע איך דעם ים פון דער הויך. אָפּטמאָל באַגעגן איך שוין פייגל. איך קום צו אומבאַקאַנטע דערפער. און אָט גייט מונקען ווענדט. און מיט אים, יענס־דער־פּאָטערל.

דאָ האָב איך אין אַלץ פאַרגעסן! מיר, חברים, גריסן אי-
נע די אַנדערע פון גאַנצן הארצן. מיר זעצן זיך צו רוען אויף אַ
שעה און פאַרלירערן וועגן אַלץ אין דער וועלט. די שעה איז אַרי-
בער אומבאַמערקטערהייט, און מיר פירן ווייטער דעם שמועס אין
וועג. מונקען ווענדט איז אַלץ אַזאַ ווילער יונג. ער גייט ווי פרי-
ער אין הענטשקעס, הגם ער האָט נישט קיין מורא אַראָפּנעמען
זיי און טון עפּעס מיט די הענט. ער האָט אַ שיינע באָרד און
אויגן מיט גרויסע שוואַרץ-אַפּלען. דער גאַנג זיינער איז אַזאַ שטיי-
פער און לייכטער, אַז ער יאָגט אונז איבער. נאָר ביי יעדן טריט,
וואָס ער מאַכט, זעט זיך אַרויס פון הינטן אַ ריס פון די הויזן.
ער איז אַזאַ אָפּגעריסענער, אַזאַ אָרעמער! קיין ווערט האָט ער
גאָרנישט. מונקען ווענדט, ווי איך, האָט לחלוטין גאָרנישט אויף
דער וועלט.

אָבער די הענט זענען ביי אים אומגעווייגלעך שיינע, און
די הענט וועלן זיך באַגעגענען מיט ראָזעס!

וואָס ווייטער מיר גייען, אַלץ ווייניקער רעדן מיר צווישן
זיך, מחמת אונז קומט אויס צו גיין איינער נאָכן צווייטן איבער
אַ שמאָל וועגעלע, און דער, וואָס גייט דער ערשטער, מוז זיך יע-
דעס מאָל אויסדרייען, ווען ער וויל עפּעס זאָגן. דאָ ווייזט זיך
אין מונקען ווענדטן אַרויס זיין יעגערשע טבע. אַלע פינף חושים
זענען ביי אים אַזעלכע שאַרפע! אין דעם זעלביקן וואַלד, וווּ איך
האָב נישט געפונען קיין שפּורן פון לעבן, האָט ער פאַרא פערטל
צי פאַרא האַלבע שעה אָנגעשאָסן וואַלד-הינער אויף אַ גאַנצן
מיטאָג.

ווייטער, אין וועג, דערציילט ער מיר וועגן אַ מיידל, וואָס
ער האָט איבערגעלאָזן דאָרט אינדערהיים. מען רופט זי בלים,
און זי גייט ביי אים נישט אַרויס פון זינען. אַז איך האָב אים גע-
פרעגט, צי וויל ער אפשר ווערן אַ לערער ווי איך, האָט ער גע-
ענטפערט: „ניין." ער האָט זיך הויך און ווויל פונאַנדערגעלאַכט
און געזאָגט: — „דו ביסט פון זינען אַראָפּ! מיר וועלן זיך ביידע
אַוועקלאָזן וואַנדערן!"

דערזען זיין גרויסע ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט צום וואַלד;

דערזען, אז די דאָזיקע אַלע בוימער און יעדער קוסט און די שטיינער און די בערג זענען פאַר אים געווען מער ווי פשוט בוימער און שטיינער, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אז ער וועט נישט קאָנען איינזיצן אויף איין אָרט צווישן פיר ווענט. דער אָדער יענער שטיין איז אים געפעלן געוואָרן מער, איידער אַנדערע. זיי זענען אים טייער געווען נישט בלויז דערפאַר, וואָס מען קאָן אויף זיי זיצן, נאָר דערפאַר, וואָס מען קאָן זיי האָבן ליב זיך. ער האָט אויף זיי געקוקט און בעשיינפערלעך געפילט צו זיי א גאַנצקייט. איך האָב קיינמאָל אַזוי אויף שטיינער נישט געקוקט. מסתמא, בין איך פאַר זיי געווען א פרעמדער, איך בין געווען א „צימערמענטש“, און כּלל נישט קיין יעגער.

„לאָמיך אים ווייזן א שטיין, און זען וואָס וועט ער וועגן אים זאָגן!“ — טראַכט איך.

גייענדיק אַזוי צוויי טעג, האָבן מיר זיך, שפּעט ביינאַכט, דערנענטערט צו סירילונד. דאָ האָב איך איינגערעדט יענס-דעמפאַטערל, ער זאָל זיך מיט אונז שיידן און אָנקומען פריער פאַר אונז. מונקען ווענדט איז נאָך מיר אַוועק צו דעם ווייב פון דעם יינגערן מילנער פאַרריכטן די זאַכן. נאָכדעם האָב איך אים גלייך אַוועקגעפירט אויף דער הייך צו דער שטיינערנער פיגור אין הושענא-וועלדל.

מיר זענען צוגעקראָכן צו סטאָול. דאָ איז געווען די זעלביקע רויקייט און שטילקייט. מונקען ווענדט. האָט זיך אַוועקגעזעצט. זיינע נאָזלעכער האָבן זיך אַזוי ברייט געעפענט און פאַרמאַכט, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ דערפילט נאָך עמעס חוץ אונז.

— מיר זענען דאָ, אַפּנים, נישט אליין? — האָט ער געפרעגט.

— זיכער אליין. ווער קאָן דאָ נאָך זיין? איך האָב איינמאָל באַמערקט א שפּין, וואָס האָט אויסגעשפּרייט א נעץ. איז זי שוין איצט אויך דאָ נישטאָ.

— ווי שטיל דאָ איז! — האָט מונקען ווענדט געזאָגט. — דו ווייסט, גוט, וואָס די שפּין איז שוין אויך אַוועק, אַנישט וואָלט זי אפילו געקאָנט דאָ אָנמאַכן א גערודער.

איך האָב אַ קוק געטון, ווי ווּנדערלעך פֿײַן און ווײַס עס זענען די הענט בײַ אים, און געזאָגט:

— נעם אַראָפּ די הענטשקעס.

ער האָט אַראָפּגענומען בײדע הענטשקעס און האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט דערפֿון.

דעמאָלט האָב איך אים אַריבערגעפֿירט איבער דעם סטאַוו, באַוויזן אים דאָס שטײנערן מענטשל און געזאָגט:

— אָט איז אַ שטײן, וואָס וועסטו וועגן אים זאָגן?

מונקען ווענדט האָט גאַנץ רויִק אַראָפּגענומען מיט די נאַקעטע הענט דאָס שטײנערנע מענטשל פֿון זײַן אונטערלעגן און באַטראַכט עס פֿון אַלע זײַטן, איך בין געשטאַנען דערבײַ מיטן פּנים אָן אַ זײַט.

— אַ הײדנישער געץ, — האָט ער געזאָגט — איך האָב זײ פֿריער אויך געזען. אַ לאַפּישער אַפּגאָט. אפֿשר נעמען אים מיט זיך?

— נײן! — האָב איך געענטפֿערט.

ע׳ר האָט דאָס געצל אַוועקגעשטעלט אויפֿן אָרט, אַ קאַך געטון פֿון זײַן מיאוסקײט, אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ.

— וואָס האָסטו דערפֿילט, בעת דו האָסט עס גענומען אין האַנט? — האָב איך געפֿרעגט. — דו האָסט נישט געהאַט קײן אומאָנגענעם געפֿיל אין די הענט?

— נײן. פֿאַרוואָס זאָל עפּעס זײַן אַן אומאָנגענעם געפֿיל? — האָט ער געענטפֿערט, צוריק אָנטוענדיק די הענטשקעס. — ער איז, אמת, עפּעס אַ קלעפּיקער.

מיר זענען אַוועק. יענס־דער־פּאָטערל האָט איצט געהאַט אַן ערך צווײ שעה פֿאַר לגבי אונז, אַזוי אַז ער האָט אונז, מסתּמא, לאַנג איבערגעיאָגט. סירילונד איז געלעגן פֿאַר אונז מיט אַלע זײַנע בנינים. ווײַטער אָן אַ זײַט האָט זיך געזען האַרטוויגסענס הויז מיט די הויף־געבײַדעס.

— אָהאָ, ווי גרויסאַרטיק דאָ איז! — זאָגט מונקען ווענדט.

ער גײט פֿרײַ און זאָרגלאָז, גלײַך ווי ער וואָלט געהאַט אויף זיך טײַערע קלײדער, און נישט קײן שמאַטעס. ער איז

אין דער בעסטער שטימונג, ווייל ער האָט שוין צוויי מאָל היינט געגעסן צוזאַמען. — „איך בין דערצו נישט געוווינט“, — זאָגט ער און לאַכט. דאָ קומט אונז לאַנגזאַם אַנטקעגן אַ פרויען־פיגור. זי איז הויך און דין, און מונקען ווענדט שרייט צו איר צוויי מאָל: „היי!“, איידער מיר באַוויזן נאָך צו דערזען, אַז דאָס איז די באַראָנעסע.

— דאָס איז די באַראָנעסע, — זאָג איך — זי איז אַרויס באַגעגענען אונז!

ווען מונקען ווענדט האָט אַ געשריי געטון, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף אונז וואַרטנדיק.

— דאָס זענט איר! — זאָגט זי, ווען מיר זענען צוגעגאַנגען און געבליבן שטיין פאַר איר. אָבער זי רעדט זיכער, אַפּנים, כדי צו פאַרבאָרגן איר שעמעוודיקייט. דער שמייכל איז ביי איר אַרויס עפּעס אַן אומנאַטירלעכער, בעת איך האָב פאַר איר פאָרגעשטעלט מיין חבר.

מונקען ווענדט האָט געטון ווי איך—ער האָט געהאַלטן דעם הוט אין האַנט.

— איך האָב, צום באַדויערן, אַ געשריי געטון: „העי, העי!“ — האָט ער געזאָגט פּשוט מיט אַ שמייכל. — איך האָב נישט געוווּסט, ווער עס גייט. איך האָב נאָר דערזען אַ הויכע... איך האָב דערזען, אַז עס גייט אַ שלאַנקע...

אָך, מונקען ווענדט האָט עס אַלץ געזאָגט אַזוי ליב, אָנטוענדיק דאָס היטל. און די באַראָנעסע האָט זיך אַביסל איינגעשרומפּן און אפילו אַריינגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען, די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט אויף איר געקוקט.

— איך בין, אייגנטלעך, געגאַנגען ווייטער,—האָט זי געזאָגט און אַ שאָקל געטון צו אונז מיטן קאָפּ אַוועקגייענדיק.

אָבער געזאָגט האָט זי עס זיכער כדי נישט צו באַווייזן, אַז זי איז געגאַנגען אונז צו באַגעגענען.

זענען מיר אַזוי אַוועק יעדער אין זיין וועג. און מונקען ווענדט איז געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק. איבעריקנס, אים האָט אויסגעוויזן, אַז די באַראָנעסע איז עפּעס אַן אַלטע און אַ משונהדיקע.

# XVIII

ס'זענען אריבער עטלעכע טעג. מונקען ווענדט איז פריי־לעך און אלעמען געפעלן. די באַראָנעסע האָט ווידער אויפגע־לעבט אין זיין אָנוועזנהייט, זי איז אפילו יינגער געוואָרן און אָנ־געהויבן רעדן מיט א סאַמעטענער שטים.

ביים טיש האַלטן זיי זיך ביידע גלייך אומדערצויגן, ווי פּויערן, אַרויפגעלייגט די עלנבויגנס אויפן טיש. זיי פרעסן אַזוי, אַז מען קאָן נישט צוקוקן, שמירן מיט פּוטער דאָס שטיקל ברויט, פון וועלכן זיי האָבן ערשט אָפּגעביסן, און נאָכדעם לייגן זיי דאָס מעסער אויף דעם טישטוך, אַנשטאָט צו לייגן אים אויף דעם טע־לער. די באַראָנעסע טוט עס זיכער צוליב איר אומגעלומפּערטקייט, און נישט מחמת גרינגשעצונג צו אַלץ, צו וואָס מיר אַלע זענען געוואוינט. מאַק אַליין איז איידל און נאָכזיכטיק און מאַכט זיך, כלומרשט ער באַמערקט נישט.

היינט איז מונקען ווענדט אַליין אַוועק צו דער מיל, און איך בין מיט אים נישט געווען. ער האָט דאָרט באַגעגנט די באַ־ראָנעסע און א לאַנגע צייט שפּאַצירט מיט איר איבערן וועג. און איך האָב שפּאַצירט מיט די מיידעלעך, ביי מונקען ווענדטן אויף די הענט האָבן זיך באַוויזן עפּעס רויטע פלעקן, אָבער בכלל איז ער גליקלעך און האַלט דעם קאָפּ הויך. איינאָוונט זינגט ער ביי מיר אין צימער, אפנים, פון גרויסער צופרידנקייט.

איך גיי בכיוון אַוועק מיט די קינדער וואָס ווייטער. „ס'איז אַזוי ווויל — אַוועקצוגיין וואָס ווייטער," — דאַכט זיך מיר. אין א שעה צוויי אַרום קומען מיר צוריק, נאָר די באַראָנעסע און מונקען ווענדט זעט מען שוין ערגעץ נישט. דעמאָלט גייען מיר אַריין אין שטוב. איך טו א בליק אין זאַל, דאָרט זעט מען אויך קיינעם נישט, און איך גיי צו זיך אין צימער.

פונדאַנען זע איך דורך דעם פענסטער, ווי די באַראָנעסע מיט מונקען ווענדטן קערן זיך אום אַהיים פון [illegible]

הויז, און ראָזע שטייט הינטער זיי אויף דער שוועל פונם גאַניקל. מונקען ווענדט טראָגט דער בּאַראָנעסעס שאַל, אָ, דאָס וועטער איז געוואָרן אַזוי קיל! איך האָב געזען, ווי זי האָט אַליין אויסגעגלייכט דעם שאַל בּיי אים אויף די אַקסלען, אַז ער זאָל הענגען אויף פאָרנט און אויף הינטן. אָבער זיכער איז שוין, אַז זי האָט עס געטון כּדי דער שאַל זאָל זיך נישט צעקנייטשן.

זיי האָבן זיך צעשיידט אויף דעם סירילונדער הויף. די בּאַראָנעסע האָט זיך אויפגעהויבּן איבער די טרעפּ אויפן גאַניק, און מונקען ווענדט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַראָפּ, אין קלייט, מיטן שאַל אויף די אַקסלען.

אין אַ גוטער שעה אַרום גיי איך אויך אַראָפּ אין קלייט און געפין מונקען ווענדטן נעבן שענק-טיש. ער האָט גוט אויסגעטרונקען און שוין פאַרלוירן יעדע מאָס, פונדעסטוועגן שטייט ער אַזאַ גלייכער ווי אַ טורעם. ווען איך לייג פאָר היטן דער בּאַראָנעסעס שאַל, וועלכן ער שלעפּט איבער דער פּאָדלאָגע, פּראָטעסטירט ער און זאָגט: — „לאָז, זאָל הענגען: ער וואַרעמט!" דאָס איז אַן אמתער לץ. ער מאַכט פריילעך ביידע קלייט-משרתים און לאַכט אָפּ פון גאָט אפילו.

לסוף געלינגט מיר אַוועקצופירן אים צו זיך, וווּ ער ווערט אַנטשלאָפן און שלאָפט אָפּ אַ גאַנצע שעה. דערנאָך שטייט ער אויף פונקט דער זעלבּיקער — אַ יונגער מיט גייסט און קערפּער, אינגאַנצן ווי פריער, אַ שטילער און אַ פריילעכער. אַך, ס'אַ משוגענער ס'איז מיין חבר מונקען ווענדט!

די פלעקן אויף דער האַנט זענען געוואָרן ערגער: די פינגער — אָנגעשוואָלן און דאָ און דאָרט האָבן זיך בּאַוויזן בּלאָטערס. — „שדים וויסן וואָס!" — שמייכלט ער. אַן אַנדערש מאָל זיצט ער און קוקט אויף זיינע הענט אַ פאַרוווּנדערטער.

דאָ זענען מיר געזעסן און האָבן אַביסל געשמועסט. אָבער איך בּין די גאַנצע צייט געווען צעשטרייט, און האָב געענטפערט נאָר דעמאָלט, ווען דאָס איז געווען נויטווענדיק. איך האָב פּלוצלינג אָפּגעגעבן מונקען ווענדטן מיין וועסט. זי ליגט אויף אים נישט גאָר גוט, פונדעסטוועגן איז עס בּעסער, איידער גאָרנישט.

נאָכדעם האָבן מיר ווידער געשמועסט, און אזוי איז אריבער א שעה.

— און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די דאָזיקע ראָזע? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס נישט, ריכטיק, — האָב איך געענטפערט.—ראָזע? זי איז געווים אַן אויסגעצייכנטער מענטש. וואָס פרעגסטו עפּעס וועגן איר?

— און די באַראָנעסע? — וואָס איז זי אַזוינס? — פרעגט ער ווייטער. — זייער אַ מאָדנע דאַמע!

— די באַראָנעסע איז אויך געווים אַן אויסגעצייכנטע פרוי,— האָב איך ווידער געענטפערט — זי איז אַן אלמנה, זי האָט צוויי פראַכטפולע מיידעלעך. אַ מאָדנע דאַמע? כ'ווייס שוין נישט, באמת, זי איז אַזאַ אומרויקע, און ברענגט מיט זיך פאַר אַלעמען אומרויקייט. זי איז אומעטום פול, דאָ און ביי הארטוויגסענען. אפילו איך האָב אָנגעהויבן בעסער אויסצודריקן זיך, זינט זי איז געקומען צופאָרן. זי טרויערט אַלץ נאָך עפּעס אַ לייטענאַנט, וועלכן זי האָט געקענט אין דער יוגנט.

— זי מאַכט פון אייך אַלעמען אַ דרייעקיקן קאַפּעליוש, — האָט מונקען וועגדט געזאָגט — ס'לאָזט זיך דען שיקן, אַז די־אָ אַלטע מכשפה זאָל דאָ אייך אַלעמען פירן פאַר דער נאָז? איך האָב איר מאַקע אַזוי געזאָגט.

— איר?!

— געווים! און וואָס האָט זי געענטפערט? — „דאָס זעלביקע האָט אויך געזאָגט איינער אַ דאָקטער, וואָס איז דאָ אַמאָל געווען". אָט־דאָס האָט זי געענטפערט... מילא! ווייזט אויס געווען אַ קלוגער מענטש.

— און זי האָט זיך נישט באַליידיקט? איז נישט אין כעס געוואָרן?

— דאָס ווייס איך שוין נישט, — האָט מונקען וועגדט געענטפערט — זי האָט מיך לחלוטין פאַררעדט, פשוט דער קאָפּ האָט זיך געדרייט... „איך גלויב אין משוגעת, אין דער קראַפט פון איר נויטווענדיקייט, — יאָ, אין איר אייגענעם שכל אַלס קעגנ-

געוויכט", — זאָגט זי, — „נו, גיי איך אין קלייט און וועל בעטן אַ גלעזל משקה", — האָב איך געענטפערט.

און מונקען ווענדט האָט, אַ זיכערער אין זיך זעלבסט, הויך פונאַנדערגעלאַכט זיך דערפון, וואָס ער האָט געזאָגט.

איך האָב געפרעגט:

— דו האָסט געזען די קליינע מאַרטען? דו וועסט ווערן איר לערער?

— נו, וואָס בין איך פאַר אַ לערער? — האָט ער געענטפערט. — דו ווייסט דאָך, וואָס איך קען און וואָס איך קען נישט. איבעריקנס, איך וועל בכלל קיין לערער נישט ווערן, איך וועל פשוט צוריק אַוועק אַהין, פונוואַנען איך בין געקומען. ניין, איך וועל דאָ לאַנג נישט פאַרבלייבן.

— ניין, ניין. — האָב איך מיך אָפּגערופן.

איך האָב אַ בליק געטון אויף זיינע הענט, וועלכע האָבן באמת געהאַט אַ קלאָגעדיקן אויסזען, און די פינגער זענען ביי זיי געוואָרן אַלץ מער און מער ענלעך צו ווורשטלעך. איצט האַלט ער שוין נישט געקאָנט אָנטון קיין הענטשקעס. איך האָב גע-קראָגן און געשענקט מונקען ווענדטן אַ פּאָר העמדער. ווען ער האָט מיר גענומען דאַנקען פאַר זיי, האָב איך מיר פונאַנדערגע-ווײַנט און גענומען בעטן ביי אים פאַר עפּעס פאַרצייונג.

מונקען ווענדט האָט זיך אַ פאַרוווּנדערטער צעלאַכט און געפרעגט:

— פאַרוואָס בעטסטו ביי מיר פאַרצייונג?

איך האָב דערויף נישט געענטפערט, נאָר געזאָגט:

— די ליבע איז אכזריש!

דעמאָלט האָט ער געפרעגט, קוקנדיק אויף מיר מיט ברייט אָפּגעעפנטע אויגן:

— זע אָבער, דו זאָלסט זיך נישט פאַרליבן אין דער דאָזי-קער אַלטער... אין דער... ווי זאָל איך זי אָנרופן?

— ניין, אין ראָזען! — האָב איך געענטפערט.

ס'זענען געגאַנגען טעג און נעכט. מונקען ווענדט האָט זיך געפיניקט צווישן פיר ווענט. אים האָט זיך געוואָלט אַ ביסל

שיסן, אָבער צוליב די קראַנקע הענט האָט ער נישט געקאָנט. ער האָט געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט דער באַראָנעסע. זיי האָבן אין קיין זאַך נישט געשטימט. מונקען ווענדט האָט זיך געקראָגן אפילו אַ גוט ביטשל. און האָט איר באַוויזן, ווי ער וועט אויסשמייסן גילבערט דעם לאָפאַר. דאָס איז געווען אין וואַלד לעבן דער מיל, איך האָב געהערט, ווי ער האָט דערציילט וועגן דעם מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם.

— די דאָזיקע משוגענע, די־אָ פרוי, איז געקומען און... זי האָט סוף־כּל־סוף באַמערקט די קרעץ אויף מיינע הענט, פּונקט ווי עפּעס אַ ליבט האָט פאַר איר אַ שיין געטון, און זי האָט געפרעגט: —„איר האָט דאָך אָבער נישט געקאָנט... אָדער איר זענט,ווירקלעך, געווען ביי דעם גאָט?‟ — „ביי דעם גאָט?‟ — זאָג איך. —„ביי דעם שטיינערנעם גאָט‟,—מאַכט זי.—„נו, יאָ, איך בין דאָרט געווען, וואָס איז דען?‟ — „אומגליקלעכער!‟ שרייט זי אויס. און אַ גאַנצע שעה רעדן מיר — וועגן וואָס? פאַרשטייט איר, איך האָב מיך צוגערירט צו דער גאָטהייט, צו גילבערט דעם לאָפּאַרס גאָטהייט. זי איז הייליק, און האָט פאַר זיך נקמה גענומען! איך האָב די גאַנצע צייט געלאַכט און געשפּאַסט, און האָב דערפירט דערצו, אַז זי האָט געזאָדן ווי אַ קעסל. דעמאָלט האָב איך אויסגעריסן אַ פרישע צווייג און גענומען זי גוט אָרומשיילן. איך האָב אָנגעהויבן פאָדערן דעם דאָזיקן לאָפאַר, גילבערט רופט מען אים, אַ גוטער הונט מסתמא. — „גיט מיר אים אַהער!‟ — שריי איך. און זי הערט מיך אפילו נישט, — רופט מיך אָן אומגליקלעכער און נעבעך, און באַדויערט מיך. —„דער שטיינערנער גאָט!‟— זאָגט זי,—אָט איצט זע איך, אַז דאָס איז אמת: „ער קאָן טאַקע באמת נקמה נעמען פאַר זיך, דאָס איז גאָרנישט קיין שטיין, זאָגט זי, צי דען איז געמאָלט, אַז ער זאָל זיין אַ פּראָסטער שטיין? איר באַמערקט אייך, זאָגט זי, אַז ער איז איצט אָנגעזעטיקט מיט דער גאַנצער הייליקייט, וואָס עס האָבן אין אים „אַריינגעמאָליעט‟ גאַנצע דורות לאָפּאַרן‟, — זאָגט זי. איצט איז אָנגעשטאַנען מיין צייט. איך פּרוביר אויס מיין ביטש, וועלכע פייפט אַזוי אינדערלופטן, אין דער זעלביקער צייט לויידן טאַקע

מיינע פינגער, נעבעך, דערפון שטאַרק, אָבער פון פאַרדרוס פיל איך גאָרנישט. — „גיט אַהער דעם לאָפּאַר!" — שריי איך. — „דעם לאָפּאַר? — פרעגט זי. — ער וועט אייך סיי־ווי נישט העלפן!" — „נו, גיי איך גלייך און איך זוך אים אַליין אויף!" — זאָג איך. און זי מאַכט: — „איר זענט פון זינען אַראָפּ! וואָס ווילט איר טון?" און זי כאַפּט זיך פאַר מיר אָן, האַלט זיך שטאַרק, לאָזט מיך נישט. אַ פרוי איז זי אַ שטאַרקע, אַ וואונדערלעך שטאַרקע. און איך בין אויף אַלע מיינע הענט אַן אמתער קאַליקע. — „גיט מיר אַהער דעם לאָפּאַר, אָדער איך וועל אַליין אים ברענגען צו טרייבן מיט דער בייטש צו אייער הויז!" — זאָג איך. — „דעם לאָפּאַר? אָבער אויף וואָס דאַרפט איר האָבן דעם לאָפּאַר?" — פרעגט זי, און אָטעמט אויף מיר, ווי אַ ווילדע חיה. איך דריי די בייטש, און זי קלאָגט ביי מיר אין דער לופטן. — „איך שווער ביי גאָט!" — זאָג איך און מער גאָרנישט. — „אָבער דערקלערט זשע מיר, אויף וואָס דאַרפט איר דעם לאָפּאַר?" — שרייט זי אויסער זיך. איך דערקלער איר, אַז איך וויל גוט אויסשמייסן גילבערט דעם לאָפּאַר. — „אָ, איך וועל אים דאָך אונטערבעטן ווייבע נאָדל־צווייגן און מאָך, ווען איך וועל מיך מיט אים אָפּפּאַרטיקן, — זאָג איך — דער דאָזיקער מנוול האָט זיין געטשקע אויסגעשמירט מיט גיפט, כדי אומגליקלעך צו מאַכן יעדן, וואָס וועט זיך צו אים צורירן. איך האָב אפילו דעם פאָרגעפיל, אַז איך וועל דעם דאָזיקן לאָפּאַר גילבערט צודעקן מיט מיין אייגן יאַקל, נאָכדעם ווי איך וועל מיך מיט אים אָפּרעכענען, ווייל ער וועט זיך מוזן אַביסל וואַלגערן נאָכדעם!" — ביי די דאָזיקע ווערטער האָט זיך די באַראָנעסע געענדערט אין געזיכט, איינגעהאַלטן דעם אָטעם, און די אויגן זענען ביי איר געוואָרן פונקט ווי ביי אַ משוגענער. — „מיט גיפט? — זאָגט זי. — אויסגעשמירט מיט גיפט?!" — „נו, יאָ, — זאָג איך, — אויסגעשמירט מיט פעך און צום פעך צוגעגעבן אַזאַ גיפט און קוועקזילבער". — „איך וועל שיקן נאָך דעם לאָפּאַר," — זאָגט זי. דאָ זענען מיר ביידע אַרויס פון וואַלד און אַוועק אַהיים. מיר איז, נישט ווילנדיק, אפילו אַ רחמנות געוואָרן, קוקנדיק אויף איר נאַרישן קאָפּ. זי האָט, ווייזט אויס, נישט אין אַ שפּאַס גע־

גליובט אין אלע שפּיצלעך פון דעם דאָזיקן לאָפּאַר, דעם מנוול. איצט האָט זי אויעקגעשיקט יענס־דעם־פּאָטערל, ער זאָל טאָג און נאַכט זוכן דעם לאָפּאַר און ברענגען אים אהער, תיכּף ווי ער וועט אים געפינען. — „איר זייט מיר מוחל, וואָס איך בין געווען מיט אייך אַזוי גראָב", — האָב איך געזאָגט צו דער באַראָנעסע. — „יאָ, איר זענט אַ שרעקלעכער מענטש," — האָט זי געענטפערט. דאַן האָבן מיר ביידע אַביסל געשוויגן. — „איר ווילט באמת שלאָגן דעם לאָפּאַר?" — האָט זי געפרעגט. — „אומבאַדינגט!" — האָב איך געענטפערט.

איך האָב ווידער אַ קוק געטון אויף מונקען ווענדטס הענט. עטלעכע בלאָטערס האָבן איצט געפּלאַצט, און עס זענען געוואָרן בלוטיקע וואונדן. איך האָב געוווּסט, אַז ער האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה, האָב איך אים געגעבן צוויי דאָלאַר, וועלכע איך האָב אַליין מיט אַ טאָג פריער געגומען ביי מאַקן אַן אַוואַנס, און האָב מיך ווידער צעוויינט פון אומרויִקייט און צער. איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט: — „יאָ, די ליבע איז אַבוריש!" איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידעריקער און נידעריקער, און אין מיר איז שוין נישט געווען קיין שום שטאָלץ; נישט גרויס איז שוין איצט געווען אויך מיין באַרימטע איידלקייט. אָפּגעטון עמעצן אַ רעה, האָב איך שוין נישט געאיילט מודה צו זיין זיך אין דעם. איך האָב דורכגעלאָזן אַ טאָג נאָך אַ טאָג... זיי מיר מוחל, גאָט!

איצט, ווען עס איז געווען אַזאַ גוטע געלעגנהייט צו רעדן מיט מונקען ווענדטן אָפנהאַרציק, וואָלט איך אפשר אויסגענוצט דעם מאָמענט, נאָר ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט דער באַראָנעסע, אַז ער האָט מיך, דאַכט זיך, אפילו חושד געווען: צי ווייס איך עס אָפּטמאָל נישט צוליב איר?

— געגוג דיר! — האָט ער געזאָגט — מען וואָלט איר אַליין אויך געדאַרפט אַביסל אַריינשיטן.

צו מיטאָג איז די באַראָנעסע דאָס ערשטע מאָל זינט אַ לאַנגער צייט געזעסן ווי עס באַדאַרף צו זיין און האָט זיך געפירט אָנשטענדיק. איך האָב אַ טראַכט געטון: „זי וויל אוודאי באַווייזן מונקען ווענדטן זיין אָרט בנוגע צו איר. נאָר דאָס איז אומזיסט:

ער באמערקט גאָרנישט, ער וועט זיך דערפון גאָרנישט אָפּלערנען און וועט בלייבן אַלץ דער זעלביקער! דערפאַר ס'אַרא יונגטלעכע זאָרגלאָזיקייט, ס'אַרא געלעכטער ער האָט! אפילו מאַק הערט זיך פריינטלעך צו, וואָס ער רעדט און ענטפערט מיט אַ שמייכל אויף זיין לעבנספרייידיקייט. מאַק האָט אים אפילו געשענקט עפּעס פון זיינע קליידער, און מונקען ווענדט האָט אים פון האַרצן באַדאַנקט און געפילט זיך זייער גוט.

אינאָווענט האָט אים די באַראָנעסע געבראַכט בלוי-וואַסער, ער זאָל אויף דער נאַכט צולייגן אַ קאָמפּרעס צו די הענט.

ער איז תּיכּף-ומיד געוואָרן צערודערט.

— ווו זשע איז דער לאָפּאַר? — האָט ער געפרעגט און איז אויפגעשפּרונגען.

— דער לאָפּאַר? — האָט די באַראָנעסע איבערגעפרעגט — ער איז נישט געקומען.

ער האָט מורא געהאַט ווייטער צו רעדן וועגן דעם לאָפּאַר, און איך האָב געזאָגט עטלעכע ווערטער, כּדי צו באַרויִקן מונקען ווענדטן.

— ער איז אַזאַ נישט איינגעהאַלטענער, אייער חבר! — האָט די באַראָנעסע געזאָגט און אַ שמייכל געטון.

— מיט וואָס בין איך שלעכט? — האָט מונקען ווענדט געפרעגט אין שפּאַס. — טוט אַ בליק ס'אַרא פּראַנט איך בין געוואָרן אין אייער פּאָטערס זאַכן. איך בין גאָרנישט שלעכט!

ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס. די דאָזיקע פרעמדע קליידער האָבן אים, אמת, געמאַכט גאָר פאַר אַן אַנדערן. נאָר היות ווי ער האָט אין זיך גאָרנישט געהאַט קיין גאווה, האָט ער זיי געטראָגן פּונקט אַזוי, ווי ער האָט געטראָגן זיינע אַלטע שמאַטעס, צו וועלכע ער איז געוווינט געווען.

— לאָזט זשע מיר פאַרבינדן דעם קאָמפּרעס אויף אייערע הענט. — האָט די באַראָנעסע נאָך אים געזאָגט. זי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דער גוטסקייט גופא.

און אינאָווענט איז באַשערט געווען, עס זאָל זיך צווישן זיי ווידער אָפּשפּילן אַ מלחמה.

מונקען ווענדט איז אריין צו מיר אַ זייגער עלף, ווען אין הויז איז שוין אַלץ געווען שטיל, און גענומען דערציילן. אויף די הענט זענען ביי אים געווען קאָמפּרעסן. נאָר די טיכער זענען געווען אַראָפּגערוקט, און ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל זיי אים גוט איבערבינדן.

— ציִ דען איז עס די באַראָנעסע אַזאַ אומגעשיקטע? —האָב איך געפרעגט.

מונקען ווענדט האָט עפּעס געזונגען אונטערן נאָז, פּונקט ווי פון גרויסער באַפרידיקטקייט, איך האָב אָבער קלאָר געזען, אַז זיינע געדאַנקען זענען ווייט.

— אַך, ביי זיי איז מער נישט ווי געקרימט און געהנדלט זיך, ביי די דאָזיקע דאַמען! — האָט ער געזאָגט: — איך בין אַוועק צו דער דאָזיקער אַלטער... צו דער...

— צו דער באַראָנעסע? — האָב איך געפרעגט. — צו איר אין צימער?

— וואָס זשע האָב איך געזאָלט טון, אַז מען קאָן זי ערגעץ אַנדערש נישט געפינען? — האָט ער געזאָגט. — אגב, וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר אַ שרעק? „גייט אין זאַל!" — האָט זי געזאָגט. — „וואָס וועל איך דאָרט טון?" — זאָג איך. דעמאָלט האָט זי מיר צוגע-לייגט דעם קאָמפּרעס. — „אַ גוטע נאַכט!" — זאָגט זי, — „פאַרוואָס עפּעס?" — פרעג איך. אַך, נאָר זי קרימט זיך און מאַכט קונצן, די דאָזיקע פּריצטע!

פּויזע.

איך האָב איינגענעצט די טיכלעך אין בלוי-וואַסער און פאַר-בונדן אים די הענט. מונקען ווענדט איז דערווייל געשטאַנען, גע-פלוידערט און געזידלט די באַראָנעסע. ער האָט זיכער געפרווט זיך צושטיין צו איר, אָבער ער האָט גאָרנישט נישט דערגרייכט. אָ, איך האָב מיך געפרייט פאַר דעם נצחון אירן. איך האָב גע-ווּסט, אַז זי איז גאָרנישט אַזאַ, פאַר וועלכער מונקען ווענדט האַלט זי!

ער האָט אַלץ געפלוידערט און געפלוידערט אָן אַ סוף, און איך האָב אים געבעטן אַוועקגיין. אָבער אים האָט זיך נאָך

נישט געוואָלט שלאָפן און ער איז נישט געגאַנגען.

— מאָרגן אינדערפרי וועל איך זי נאָך צערייצן דערמיט, וואָס איך וועל קרום פאַרשפּיליען דאָס וועסטל, — האָט ער געזאָגט — איך וועל אויבן איבערלאָזן אַ לעכל, און אונטן — אַ קנעפּל. זאָל זי זאָגן, אַז איך בין אוממעגלעך. דו גלויבסט אין דער אמתן נישט, אַז זי איז אויף אַלץ גרייט? אָהאָ, נאָך ווי גרייט!

— בשום אופן נישט! — האָב איך געזאָגט.

— נאָך ווי! נאָך ווי! נאָר מען דאַרף פריער אַביסל מאַכן אָן אָנשטעל. איך בין ביי איר גאַנץ לאַנג געזעסן. — „איר דאַרפט דאָ נישט זיצן", — האָט זי געזאָגט. דעמאָלט האָב איך מיך אוועקגעזעצט נאָך באַקוועמער. „נו, רעכט, אָבער נישט לענגער ווי איין רגע", — זאָגט זי. „פאַרוואָס עפּעס?" — פרעג איך. דאַן האָט זי זיך געכאַפּט פאַרן גלעקל, אָבער זי האָט נישט געקלונגען. און נאָכדעם האָט זי אויף זיך אָנגעצויגן אַ פינסטערקייט און איז אוועק צו דער טיר, אָבער די טיר האָט זי נישט געעפנט. און אַלץ אָט אַזוי! די גאַנצע צייט פּאָקוסן!

— און נאָכדעם? — האָב איך געפרעגט.

— נאָכדעם! — האָט ער איבערגעקרימט. — וואָס האָב איך דען געקאָנט מאַכן מיט די קאָמפּרעסן! אָבער דאָס איז אַלץ געווען מער נישט ווי עקשנות פון איר זייט.

— און דו טראַכסט גאָרנישט, אַז דו דאַרפסט מאָרגן אינדערפרי גיין בעטן, זי זאָל דיר מוחל זיין? — האָב איך הייס געזאָגט. — היינט פייפסטו מיט דער בייטש ביי איר אונטער דער נאָז, מאָרגן... דאָס נאָך? וואָס ביסטו דאָ פאַר אַ פּריץ? אָדער מיינסטו אפשר, אַז דו האָסט דאָ צו טון מיט אַ דאָרפישער מויד?

— ניין, ניין! — האָט מונקען ווענדט געענטפערט מיט אַ טאָן נידעריקער, — דו זאָגסט: זי זאָל מוחל זיין? אדרבא, ס'קאָן זיין.

— מאָרגן גאַנץ פרי.

— היינט נאָך! תיכּף! — זאָגט מונקען ווענדט פלוצלינג. — וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם, אַלץ מער ווילט זיך מיר דאָס מאַכן היינט נאָך אין אָוונט! דו ביסט גערעכט. ס'איז נישט גוט געווען פון מיין זייט. איך פאַרשטיי דאָך נישט אַזעלכע לייט. און

ווי האָב איך מיך דען געקאָנט אויסלערנען פאַרשטיין זיי? בעת איך האָב איר געגעבן אַ קוש, האָט זי פאַרביסן די ליפּן ביז בלוט. איך האָב מיך אפילו דערשראָקן: זי שטייט, און דאָס בלוט שפּריצט אויף מיר. איר מויל האָט דערביי זיך פּונקט ווי פונאַנ־דערגעבליט. און איצט ווען איך גיין און בעטן ביי איר פאַר־ציִיונג. ווי מיינסטו, ס'וועט דען נישט בעסער זיין עס טון תּיפף אויפן אָרט?

— ניין. — האָב איך געענטפערט.

# XIX

איך האָב מיך בפּיוון אַ לאַנגע צייט דערווייטערט פון ראָזעס הויז. יאָ, איך האָב געוואָלט אויסשטיין פיל נסיונות. איך האָב עס מער איידער פאַרדינט! איך האָב מיר צוגעזאָגט ווערן צוריק ערלעך, געדענקען מיין חוב און מער נישט אריבערטרעטן ראָ־זעס שוועל מיט הינטערשטע כּוונות.

איך האָב באַגעגנט הארטוויגסענען. ער האָט מיך גענומען רופן מיט זיך, איך האָב באַדאַנקט און בין נישט געגאַנגען.

— דאָ האַנדלט זיך, פאַרשטייט איר, אום איינרייידן אייער חבר, ער זאָל ווערן ביי אונז לערער. — האָט ער געזאָגט.

— און איר אליין האָט מיט אים נישט גערעדט?

— ווי דען! ער וויל נישט.

— און וואָס זאָגט דערויף אייער פרוי?

— מיין פרוי? — חזרט הארטוויגסען איבער, באַשיינפּערלעך מיענדיק זיך צו פאַרהאַלטן דעם דאָזיקן אויסדרוק אין זכּרון. און, ווירקלעך, פון דעם טאָג אָן זאָגט ער אַלע מאָל: „מיין פרוי", — מיין פרוי, און נישט ראָזע ווי פריער. — מיין פרוי זאָרגט שוין איצט מער נישט וועגן אַזוינע זאַכן: זי איז איצט פול מיט אַלערליי אימות פאַר עפּעס אַנדערש. ניין, מיין פרוי האָט וועגן דעם גאָרנישט נישט געזאָגט.

— איך וועל רעדן מיט מונקען ווענדט. — האָב איך געענטפערט.

אָבער מונקען ווענדט איז נישט פון די, וואָס מ'קאָן זיי ברעכן. ער האָט זיך דאָ גאַנץ ערנסט פאַרבענקט און וויל צוריק אַהיים. איך—אַז איך פריי מיך, אַז איך האָב עגמת-נפש פון דעם דאָזיקן באַשלוס, און דאָס פּייניקט מיך טאָג און נאַכט. נאָר איך דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס זיינע הענט האָבן זיך כמעט אינגאַנצן אויסגעהיילט.

מונקען ווענדט האָט טאַקע געבעטן ביי דער באַראָנעסע פאַרצייונג פאַר זיין שלעכטער אויפפירונג. אָבער פון דעמאָלט אָן איז אים געוואָרן נאָך אומעטיקער, דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ שענדלעכן טעות און פאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פיס. ער פרייט זיך, וואָס זיינע הענט וועלן אים קאָנען ווידער דינען ביי אַ באַגעגעניש מיט גילבערט דעם לאָפאַר. אָבער גילבערט דער לאָפאַר באַגעגנט זיך אים ערגעץ נישט. יענס-דער-פאָטערל האָט זיך שוין לאַנג צוריקגעקערט מיט גאָרנישט. אָ, די באַראָנעסע האָט שוין זיכער דאָ אויך צוגעלייגט איר האַנט: זי האָט יענס-דעם-פאָטערל אַוועקגעשיקט נישט כדי צו ברענגען אַהער דעם לאָפאַר, נאָר כדי צו וואָרענען אים, ער זאָל נישט קומען. זי האָט געהאַט דעם חשבון, אַז אויב דער לאָפאַר וועט קומען און מען וועט אים צווינגען, וועט ער אַלץ דערציילן און וועט זי אויך אַריינפּלאָנטערן אין דעם ענין. אָרעמע, פאַרבלאָנדזשעטע באַראָנעסע עדוואַרדע!

איינמאָל האָט זי מיך געפרעגט, צי וועט דאָ מונקען ווענדט נאָך לאַנג פאַרבלייבן. — „איך ווייס נישט, — האָב איך געענטפערט, — ער וויל נישט אַוועקגיין — אָן מיר”, אויף מאָרגן ווייזט זי אַרויס נאָך מער אומרויקייט און זאָגט אַרויס דעם פאַרלאַנג, אַז מונקען ווענדט זאָל אַוועקפאָרן. — „ער איז אַזאַ אומרויקער”, — חזרט זי איבער. פונדעסטוועגן, כאָטש זיין אויפפירונג גיט איר דאָס פולע רעכט צו הייסן אים אַוועקגיין, טוט זי גאָרנישט, כדי דאָס צו פאַרווירקלעכן. דאָס איז געווען אַ דערצויגענע דאַמע. דערפאַר איז זי אַרומגעגאַנגען אין שטענדי-

קער אימה, עס זאָל זיך אין אײן שײנעם פרימאָרגן נישט באַווײַזן גילבערט דער לאַפאַר און נישט קומען מונקען װענדטן אױף די אױגן. — „אײער חבר װײס אין קײן זאַך קײן מאָס נישט, — זאָגט זי — ער קאָן אָנמאַכן צרות״ — „איך װעל רעדן מיט מונקען װענדטן״, — ענטפער איך.

האָב איך מיט מונקען װענדטן גערעדט. ער האָט מיך אױסגעהערט מיט גרױס פאַרדרוס: אים האָט זיך זײער נישט געװאָלט אָפּזאָגן זיך פון דעם באַשלוס אָפּצורעכענען זיך מיט דעם לאַפאַר. ער האָט דערקלערט, װי אַזױ ער האָט עס געװאָלט מאַכן: איך, פאַרשטײט איר, זאָל דרײען דעם שלײַפשטײן, און מונקען װענדט אַלײן װעט דעם לאַפאַר גוט אָפּשלײַפן די הענט, ביז זײ װעלן אָנגעשװאָלן װערן, און עס װעט זיך בײַװײַזן בלוט. דעמאָלט דאַרפן די דאָזיקע הענט לערך בײַ אַ האַלבע שעה האַלטן דעם שטײנערנעם גאָט, דערבײַ זאָל ער דעם גאָט לאַשצען און גלעטן פון גאַנצן האַרצן. און דעמאָלט דאַרף איך אַװעקגײן און נישט אַרומקוקן זיך. פונדעסטװעגן האָט מונקען װענדט געגעבן אַ פײַערלעכע הבטחה, אַז ער װעט דעם לאַפאַר צודעקן מיט זײַן רעקל, בשעת ער װעט אים לאָזן אױסליגן זיך נאָך דער עקזעקוציע אין דעם הושענאַװעלדל.

— די באַראָנעסע װיל נישט, אַז דו זאָלסט שלאָגן דעם לאַפאַר,—האָב איך נאָר דערױף געענטפערט.

דעמאָלט איז מונקען װענדט אין אַ שײנעם טאָג אַװעק אין װאַלד, נעמענדיק מיט זיך אַ האַק. איך בין אַװעק נאָך אים אין אַ שעה אַרום און האָב געהערט, װי ער האַקט דאָרט אינעם הושענאַ-װעלדל, ער האָט צעבראָכן אױף שטיקלעך דעם שטײנערנעם אָפּגאָט נעבעך, און די ברעקלעך אַרײַנגעװאָרפן אין סטאַװ. און דאַן האָט ער אױסגעהאַקט די הושענאַ-בײמער, און דורכגעלײגט אַ פרײען װעג צום הײליקן װעלדל. מען האָט עס געמוזט פון אים דערװאַרטן.

— אױב דו װילסט גײן מיט מיר, טאָ קום מאָרגן אינדערפרי.—האָט מונקען װענדט געזאָגט אין װעג, גײענדיק אַהײם.

— איך קאָן נישט. — האָב איך געענטפערט.

— גיי איך אַליין! — האָט ער געזאָגט.

מונקען ווענדט האָט אין הויף נישט געמאַכט קיין סוד דערפון, אַז אינדערפרי גייט ער אַוועק. די באַראָנעסע האָט, דאַכט זיך, לייכטער אָפּגעאָטעמט. זי איז געקומען זיצן ביי אונז אַביסל אָוונטצייט און איז געווען זייער פריינדלעך. און — אָ, די דאָזיקע ענדערלעכקייט פון דער פרויס נשמה! — איצט, ווען מונקען ווענדט גייט אַוועק, האָט ער נישט געטאָרט אַוועק־גיין מיט דעם איינדרוק, אַז זי איז בלומרשט אַ קאַלטע און אַן אָנגעבלאָזענע דאַמע. ניין, בשום אופן נישט! איך האָב געטראַכט: „בכן, זענען איר אין דעם אויגנבליק גאָרנישט שווער מונקען ווענדטס שרעקלעך ברענענדיקע אויגן?"

זי איז געזעסן, פאַרלייגט איבער זיך די הענט ווי אַ געוועלב. דאָס קלייד איז אויף איר געווען אַזוי שמאָל, אַז עס האָט שטייף אַרומגעצויגן אירע שענקלען.

— אַי־אַי־אַי! — האָט מונקען ווענדט זיך אָפּגערופן.

די באַראָנעסע האָט דערציילט וועגן פינלאַנד, ווי וועגן איר געבורטס־לאַנד; זי האָט דאָרט געבוירן איר גרויסע צאָל טעכטער, רופט זי דעריבער פינלאַנד איר געבורטס־לאַנד!

— דעם מענטשן, וועלכן איך וואָלט ליב געקראָגן, וואָלט איך אומגעבראַכט מיט מיין צערטלעכקייט. — האָט זי געזאָגט.

— אַי־אַי־אַי! — האָט זיך ווענדט אָפּגערופן.

אָ! איך בין זיכער, אַז די באַראָנעסע האָט אַזוי גערעדט דער עיקר צוליב דעם געפיל פון דערלייכטערונג, פון פרייד, וואָס זי האָט זיך באַפרייט: מונקען ווענדט האָט צעבראָכן דעם געטש און פאַרניכטעט יעדן שפור זיינעם, האָט אפילו אויסגעהאַקט כמעט דעם גאַנצן הייליקן וואַלד. איצט וועט ער אַוועק, און מער וועט זי אים שוין קיינמאָל נישט זען! מיט אים איז געווען אַזוי נישט רויק... דאַנקען גאָט, וואָס ער גייט אַוועק!

זי האָט אונז מכבד געווען מיט וויין און האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס איר פאָטער האָט נישט קיין צייט מיט אונז צו זיצן. פאַר מונקען ווענדטן האָט זי אָנגעפילט אַ לאַנגע ליולקע, האָט

אים דערלאַנגט, און מיר האָט זי געגעבן געבעקס, ווייל איך רוי־בער נישט.

— איצט הערט! — האָט די באָנאָנעסע געזאָגט און האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל. — דאָס איז אַ פיניש ליד. איך האָב עס איבערגעזעצט אויף מיין שטייגער. ס'איז אַזאַ מאָדנע ליד.

יאָ, ס'איז טאַקע געווען אַ משונה ליד. און די באָנאָנעסע האָט עס איבערגעלייענט מיט איר סאַמעטן קול, אויסרעדנדיק אייניקע ווערטער לאַנגזאַמער. גלייך ווי זי וואָלט געזונגען:

„אַלץ וואָס דאָ אויף דער וועלט.

„שטיץ מיך, האַלט מיך, שטיץ מיך.

„דער פרילינג איז אַזוי שטיל, אַזוי שטיל ליגט ער איבער דער נאַכט, און גאָרנישט אַנטשיידט ער נישט, און נאָר ער וואַרפט מיך אין אומעט און אין פּיין. אָך, דער פרילינג! ער באַפאַלט מיך נישט גלייך און איינפאַך, ער קומט נאָר און... טרעט נישט אָפּ, ביז ער איז מיך מנצח.

„אַזאַ איז דער פרילינג!

„אָ, אַלץ וואָס דאָ אויף דער ערד...

„ווען איך וואָלט דיך געקאָנט דערפרייען מיט מיינע טרערן, דאָרט ווו דו בלאָנדזשעסט אַרום ווייט פון מיר! דו, וואָס דו האָסט מיר געשענקט גליק אויף אַ רגע אין די טעג פון מיין יוגנט! דו, וואָס דו האָסט אויסגעבראַכט דיין לעבן אויף דריי גרויסע שטימונגען!... אָבער קיין טרערן האָב איך מער נישט... צי געדענקסטו, ווי איך בין געקומען, האָב דיר אַ קוש געטון און געוואָלט צוריק אַוועקגיין? דו האָסט דעמאָלט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און איינגעגעסן זיך אין מיר מיט די אויגן, זעענדיק ווי טיף איך ליב דיך.

„אַזאַ בין איך!

„אַ האַק איז פריינטלעך און גוט, זי האָט אין זיך נישט קיין גיפט. זי איז נישט קיין געצייג פון זעלבסטמאָרד. זי האַקט נישט, נאָר זי קושט. דאָרט, ווו זי טוט אַ קוש, בלייבט אַ רויט מויל, צוויי רויטע ליפּן עפענען זיך דאָרט, ווו זי טוט אַ קוש.

„אַזאַ איז די האַק. -

„און אָט האָב איך אַ האַרץ פֿאַר דער האַק!

„אַך, אָבער דאָס לעבן איז שוין אַזאַ:

„אייביק געשיידט פֿון דיר! אַזאַ איז דאָס לעבן. און קיינער איז נישט אומשטאַנד איבערלעבן עס, אויב אין קאָפּ איז ביי אים נישט אַזוי קלאָר פֿון נאַרישקייט, אַז ער פֿאַרשטייט גאָרנישט אויסער רעטענישן. אָ, קום זשע צו פֿרילינג, גרויסער געליבטער מיינער, און ברענג מיט זיך די האַק! איך שטעל מיך אונטער די שטערן און וואַרט, און מיין צונג טריקנט פֿון דורשט נאָך דער האַק. אַזאַ בין איך!

„אַזאַ איז דאָס לעבן.

בשעת די באַראָנעסע האָט געלייענט, האָט זיך איר געזיכט פֿאַרדעקט מיט אַ געדיכטער רויטקייט. פֿיל ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט זינגנדיק. זי האָט דאָס פּאַפּירל דערלאַנגט מונקען ווענדטן. ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ מער נישט ווי קרומעניש און קונצנמאַכעריי!

דאָס פּאַפּירל איז אַריבער צו מיר.

די באַראָנעסע איז געזעסן אַ דערשלאָגענע. זי איז מטושטש געוואָרן פֿון די דאָזיקע ווערטער, וואָס מונקען ווענדט האָט געזאָגט, פּונקט ווי זי וואָלט עפּעס אומאָנשטענדיקס אָפּגעטון מיט איר לייענען. אפשר האָט זי זיך אַליין אויסגעוויזן קאָמיש, דערפֿאַר וואָס זי האָט עטלעכע ווערטער כמעט ווי געזונגען.

— באַדאַנקט זשע מיך פֿאַרן לייענען! — האָט זי געזאָגט, כדי צו זיך צו קומען.

מיר האָבן זי ביידע באַדאַנקט.

— אפשר וואָלט מען דאָס געדאַרפֿט דעקלאַמירן אונטער דער באַגלייטונג פֿון מוזיק? — האָב איך געזאָגט.

— געוויס! — האָט מונקען ווענדט תיכּף ומיד אונטערגעכאַפּט. — ווייל דעמאָלט וואָלט עס פֿיל ערגער געווען. דעמאָלט וואָלט עס אויך מיין מיידל בלים געזונגען, האַ-האַ-האַ!

אָבער היות ווי מונקען ווענדט האָט געוואָלט אַוועקפֿאָרן,

האָט די באַראָנעסע פריער פאַר אַלץ געפילט איר חוב צו פאַר־ווײלן אים: זי האָט אָנגעגאָסן זײן גלאָז ביז די ברעגן פול און האָט צו אים געטרונקען.

— דער אויפזעער האָט מיר אײנמאָל דערצײלט וועגן דעם לאַנד, ווו עס וואַקסן ווײנטרויבן,—האָט זי געזאָגט — אָבער אונזער רײזע וועט נישט צושטאַנד קומען, אַנישט וואָלטן מיר דאָרט אויך געזען.

מונקען וועגדט האָט געענטפערט:

— אַז דאָ איז אויך גוט. נאָדל־וועלדער, פעלזן, צפון־שײן. דאָרט, בײ מיר אינדערהײם איז פאַראַן אַ הײל, איז זי אַזאַ שײנע!

ווען מונקען וועגדט האָט עס געזאָגט, האָט, אפנים, דער ווײן אין אים אויפגעוועקט זכרונות: ער איז געזעסן אַזאַ צעהיצ־טער, אַ שײנער, אפילו אָטעמען האָט ער אָנגעהויבן שווער פון דער שפּע געפילן.

— יאָ, אָבער דאָ איז ווינטער שני. דאָס איז שלעכט. און די וואַסערן אַלע ווערן פאַרפרוירן. אוי־וּ! אין אַנדערע ערטער איז זון און רעגן, זון און רעגן, זאָגט דער אויפזעער פונם ליבט־טו־רעם. אין מאַנסבילן גײען אין װײסע קלײדער, מײדלעך טראָגן נאָר אַ העמד און אַ קלײדל.

— אײ־אײ־אײ. — האָט מונקען וועגדט געזאָגט.

באַלד טרינקט ער אויס זײן גלאָז, באַדאַנקט און גײט אַרויס פונם צימער. ס'איז שוין שפּעט. די פײערן אין קלײט לעשן זיך אויס אײנס נאָכן צווײטן. בלויז אינם לעצטן פענסטער, ווו ס'איז די שענק, בלינצלט אַ פײערל. נאָכדעם פאַרלעשט זיך דאָס אויך.

מונקען וועגדט קומט אַרויף אויבן אין מײן צימער. ער איז געווען אין שענק און האָט אַ גוט ביסל בראָנפן אויסגעטרונקען, און דעריבער איז ער אין אַ געהויבענער שטימונג.

— דו האָסט עס נישט געדאַרפט טון. — זאָג איך.

— שווײג בעסער! — ענטפערט ער. — דו ביסט פונקט ווי אַ פרײלין, פון אַלץ האַלטסטו זיך אָפּ, און דער סוף איז, אַז דאָס געזיכט איז בײ דיר פול מיט ווערימלעך, דאָס איז אַלץ! דו באַשמירסט די ווערימלעך מיט אַ שמירעכץ, ווערן זײ פאַר־

פאלן, אָבער נייע באַווייזן זיך אויף אַן אַנדער אָרט. און מיט די־
פּונקט די זעלביקע געשיכטע. מיין שטילינקער!

— גיי לייג זיך, אויב דו גייסט מאָרגן אַוועק, — האָב איך
דערמאָלט געזאָגט.

— איך גיי נישט אַוועק. אָדער ס׳קאָן אפשר זיין, אַז די
באַראָנעסע איז גערעכט: דו ביסט אפשר גאָרנישט קיין בחור.
שפּילטסט ראַיאַל פּונקט ווי אַ פריילין, — זאָגט זי.

מיר האָט ווי געטון פון די ווערטער: עס איז מיר גאַנץ
שווער אָנגעקומען אויסצולערנען זיך שפּילן, און לסוף האָט מען
עס מיר קנאַפּ וואָס נישט גערעכנט פאַר קיין מעלה, נאָר גיכער
פאַרקערט — פאַר אַ חרפּה! יאָ, יאָ! איך בין אַלעמאָל געווען
זייער אַ סטאַטעטשנער און אַ פלייסיקער יונג. אַזאַ האָט מיך באַ־
שאַפן און אַרויסגעלאָזן אויף דער וועלט די געטלעכע השגחה
גופא. אָבער מונקען ווענדט איז געווען אַ מאַנסביל!

— גייסטו מאָרגן נישט אַוועק? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, נישט מאָרגן, נישט איבערמאָרגן. ניין, פאַרשטייסטו,
איך וואַרט אויף דעם לאָפער. און חוץ דעם האָט זי מיר גע־
זאָגט נאָר וואָס אויף די טרעפּ, אַז איך בין היינט געווען אַזאַ
שיינער! די אויגן האָבן ביי מיר אַזוי געברענט, — זאָגט זי.
האַ־האַ־האַ!

— ווער זאָגט עס?

— ווער? די באַראָנעסע!

— און וואָס האָסטו געענטפערט?

— וואָס? איך האָב געזאָגט: „אי־אי־אי!" אָבער דו פרעגט
בעסער, וואָס האָב איך געטון! הער: וויפל צייט, מיינסטו, זיץ
איך שוין דאָ איצט ביי דיר?

— ביי אַ פערטל שעה, — האָב איך געענטפערט — נישט
מער ווי אַ פערטל שעה.

— נו, וועל איך שוין גיין.

אַך, ער האָט זיבער עפּעס געהאַט אין זינען. וויבאַלד אַז
ער האָט געפרעגט דעם זייגער. איך האָב געהערט, ווי ער איז
שטילינקערהייט געגאַנגען איבערן קאָרידאָר. דעריבער האָב איך

מיך אויך נישט געלייגט שלאָפֿן. פֿאַרקערט, איך האָב מיך אָנגע־טון וואָס וואַרעמער, כּדי תּיכּף ומיד אַרויסצוגיין, ערשט מונקען ווענדט איז צוריקגעקומען.

— נו, האָב איך דען נישט געזאָגט, אַז דאָס אַלץ איז מער נישט ווי קונצנמאַכעריי ביי די גרויסע לייט? — האָט ער אויסגעשריגן מיט פֿאַרביטערטקייט. — שווייג, זאָגט מען דיר! איך האָב געהאַט דאָס פֿולע רעכט צו טון, דאָס וואָס איך האָב גע־טון! אָבער דאָס זענען אַלץ מער נישט ווי קונצן. זאָלן זיי גיין צו אַלדי רוחות! דו גייסט אַוועק?

— יאָ.

— יאָ! דו „גייסט" עס אַלץ פֿון זיך אַרויס! דאָס איז דיין מיטל! נאָכדעם וועסטו באַזאָלבן די ווערימלעך. און וועט נייע וועלן ווערן...

מיט איין רוק האָב איך ברייט אויפֿגעעפֿנט די טיר. מונקען ווענדט קוקט אויף מיר, און כאָטש ער איז גרייט פֿונאַנדערצופּלאַצן זיך מיר אין פּנים און פֿאַלן אויפֿן שטול, ווערט ער דאָך אָבער פּלוצלינג ערנסט און זאָגט:

— יאָ, דו ביסט גערעכט: איך וועל מיך איצט גיין לייגן. פֿונדעסטוועגן שטעל זיך אָבער פֿאָר: די טיר איז געווען פֿאַר־שלאָסן!

— אויב זי האָט דיר אפֿילו צוגעזאָגט לאָזן די טיר אָפֿן, איז עס אויך געווען מער נישט ווי כּדי אָפּצושעפּן זיך פֿון דיר, דו ביסט דאָך אַ ווילדע חיה!

מונקען ווענדט האָט זיך איבער דעם פֿאַרטראַכט

— דו מיינסט אַזוי? — האָט ער געזאָגט. — פֿונדעסטוועגן האָט זי זיך מיר געלאָזן אַ קוש טון. און אַזאַ לאָזן זיך... אָבער דאָס איז אפֿשר אויך געווען נאָר אַבי אָפּצושעפּן זיך פֿון מיר?

— געווים.

— מילא! — ס'קאָן זייער מעגלעך זיין! איך פֿאַרשטיי לגמרי נישט די דאָזיקע פּריצים. אין איצט גיי איך מיך לייגן!

איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזן איבערן וועג צום האָפֿן, אַ בליק געטון אויף באַלויכטענע פֿענסטער ביי האַרטוויגסענען אין

הויז, נאָר איך בין אַוועק פאַרביי. אייך צוריקוועגס האָב איך מיך אָפּגעשטעלט, בין געשטאַנען און אַביסל געקוקט אויף די שטערן, פּונקט ווי דער וועג פאַרקירעוועט זיך צו הארט־וויגסענס הויף. אָבער איך האָב קיין פוס נישט אַוועקגעשטעלט אויף זיין וועג, איך בין נאָר געשטאַנען און געקוקט אויף די שטערן.

## XX

מונקען ווענדט איז אַוועקגעגאַנגען.

איך האָב שוין געהאַט געמיינט, אַז ער וועט פאָרט בלייבן פאַר אַ לערער ביי הארטוויגסענען. אָבער אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַריבער, און ער האָט זיך אַלץ אָפּגעזאָגט. ער האָט אויך מיין לאַגע אויסגעלאַכט און האָט מיך געפרעגט, צוליב וואָס, אייגנט־לעך, בין איך געקומען אין די דאָזיקע מקומות!

— כדי צו באַגעגענען דאָ מיין גורל.—האָב איך געענטפערט.

די באַראָנעסע האָט אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ דערויף, וואָס מיין חבר פאַרבלייבט דאָ. אָ, זי האָט זיך פאַר מיר אפילו אָפן געקלאָגט אויף אים.

— ער האָט פול מעלות. — האָב איך געזאָגט.

— ניין... איבעריקנס, ס'קאָן זיין, געוויס, — האָט זי געענט־פערט — ער איז אָבער אַזאַ גאָטלאָזער. איך וואָלט נאָר וועלן פאַרשטיין: ווי איז דאָס — אַרומגיין איבער בערג און וועלדער און בלייבן אַ גאָטלאָזער.

— יאָ, ער איז אַ גאָטלאָזער.

— יאָ, און מיך האָט ער געמאַכט פאַר עפּעס אַ לייכטזיני־קער. איך האָב נאָכדעם חרטה אויף אַלץ, וואָס איך רעד און וואָס איך טו. ניין, זאָל ער בעסער אַוועקגיין. ער חזרט אַלץ איבער: „אַי־אַי־אַי!" צו וואָס נאָר זאָגט ער עס? ער האָט אַ גרויסן טעות... אָ, גאָט מיינער, איך לייקן נישט, אַז איך... אַז ער... איך באַ־האַלט גאָרנישט: זיין אויסערלעכקייט, זיין באָרד... אָבער פאַר אַן

אונטערשיד: װי צװישן הימל און ערד... גייט אַרום איבער בערג און װעלדער מיט אַזעלכע געדאַנקען און געפילן!

נאָכדעם האָט מען מיר געזאָגט, אַז די באַראָנעסע האָט גערעדט מיטן פאָטער. דאָס האָט געקלעקט. מאַק האָט זיין װאָרט רויק און אַנטשלאָסן געזאָגט מונקען װענדטן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

און מונקען װענדט איז געקומען צו מיר, האָט זיך װידער געװוּנדערט, װאָס די װעלטלעכע מענטשן זענען אַזעלכע, און געמאָלדן, אַז ער װיל אַװעקגיין. װעגן דעם לאָפּאַר האָט מען דערװייל געדאַרפט אויפהערן צו טראַכטן.

— װען װעסטו קומען? — האָט ער מיך געפרעגט.

— שפּעטער, — האָב איך געזאָגט — אינגיכן. איך האָב נאָך דאָ מיין עסק נישט געענדיקט. װאַרט אויף מיר אַביסל.

אַזוי איז מונקען װענדט אַװעק.

---

עס איז שוין געװען אַזוי שפּעט אין הערבסט, אַז סער גיז טרעװעליאַן האָט אויפגעהערט צו כאַפּן פיש אין דעם שבנישן ישוב און איז אַראָפּגעקומען קיין סירילונד װאַרטן אויפן פּאַסט־דאַמפּער. ער האָט עטלעכע טעג געװוינט ביי מאַקן אין הויז און מיט קיינעם נישט גערעדט, נאָר געזעסן ביי זיך אין צימער און פיל געשיכורט. נאָך דעם װי ער איז דאָס לעצטע מאָל געװען אין סירילונד, האָט ער זיך איינגעהאַלטן און קיינע שאַרפע משקאות נישט געטרונקען גאַנצע צװיי חדשים. איצט האָט ער זיך װידער אָנגעטון דאָס פאַרגעניגן און האָט אויסגעליידיקט פיל־פיל פלעשער קאָניאַק. די באַראָנעסע האָט אַרויסגעװיזן גרויס מיטלייד צו אים, און פלעגט מיט אים אַלע טאָג שמועסן. לסוף האָט זי מיט די אייגענע הענט אָנגעהויבן נעמען די טאַץ און ברענגען אים עסן און קאַװע אין זיין צימער. דאָס האָט זי זייער פאַרװיילט, און איר געװיינלעכע אומרויקייט און בענקעניש איז אַריבער. זי האָט לאַנגע שעהן גערעדט צו סער גיזען פאַר דער צייט, װאָס ער איז געלעגן אין בעט, און לסוף האָט זי זיך פאַרט דערשלאָגן

דערצו, אַז ער זאָל איר ענטפערן — זי האָט מיט אים פאַרבראַכט, ווי מיט אַ געוויינטלעכן אַנשטענדיקן מענטשן. ער האָט איר דערציילט וועגן די זילבער-בערג, וואָס ער האָט געקויפט ביי האַרטוויגסענען; וועגן דעם, אַז ער האָט פאַר זיי באַצאָלט אַ מאַסע געלט, נאָר דאָס איז גאָרנישט, ווייל די בערג זענען ווערט אָן אַ שיעור. און ער האָט דאָ אויף צפון אַ זון, וועלכן מען רופט גיו— דער אמתער באַלעבאָס פון די זילבער-בערג: דער קויף-אַקט איז אויף זיין נאָמען. זאָלן זיך די בערג דערווייל שטיין. זייער פרייז וועט זיך בלויז הויבן, און שפּעטער וועט דאָס בחורל זיי באַקומען! סער גיו האָט אָפן געזאָגט, אַז דאָס קינד איז ביי דער מוטער, ביי עדוואַרדען, אין טאָרפּעלוויקען. איצט קלויבט ער זיך גראָד אויסבויען פאַר אים אַ הויז אויף די דאָזיקע בערג. דאָס וועט עס זיין אַ מאַיאָנטעק: אַ הויז אויף זילבער! סער גיו אַליין האָט עס אַנטדעקט די דאָזיקע עשירות. דאָס איז די גרעסטע זאַך וואָס ער האָט אויפגעטון אין זיין לעבן. ער האָט זיי טאַקע געזוכט דאָ אין נאָרוועגיע. נו, זאָל אָקאָרשט עמעצער אַנדערש אויפטון אַזאַ זאַך! — האָט ער געזאָגט.

די באַראָנעסע האָט צו אַלץ איינגעשטימט, און אַזוי אויפגעמונטערט דעם חולה, אַז ער איז אויפגעשטאַנען פון געלעגער און האָט זיך אָנגעטון.

אויף מאָרגן איז אָנגעקומען דער פּאָסט-דאַמפער, און סער גיו איז אַוועקגעפאָרן.

ס'האָט אויסגעזעין, אַז די באַראָנעסע האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם דאָזיקן ענגלישן דזשענטלמען. ער איז נישט געווען קיין יעגער, דערפאַר איז ער געווען אַ פישער, און אַ משונהדיקע איינזאַמע נשמה, ווי גלאַן. זי האָט גאָרנישט געקוקט אויף סער גיו'ען ווי אויף אַ שיכור, זי האָט געזאָגט, אַז ער טרינקט אַזוי פיל נאָר דערמאָלט, ווען ער בענקט אין ווייט ענדערן דעם לעבנסשטייגער. אינדערהיים, אין ענגלאַנד, האָט ער פיל שלעסער.

די צייט האָט שוין געהאַלטן אַרום האַלב סעפּטעמבער, און מען האָט פון שעה אויף שעה געוואַרט, אַז די שיפן זאָלן אָנקומען פון בערגען. האַרטוויגסען האָט זיך געפרייט, וואָס עס איז אַ

שטיל וועטער. אַלץ גייט אויסגעצייכנט, און די פאַרזיכערונגס־פּרעמיע וועט ער באַקומען. אָ, הארטוויגסענען איז דאָ כּלל נישט געגאַנגען אין דער קליינינקער סומע געלט, נאָר אין כּבוד — מאַכן אַ גוט געשעפטל פאַר מאַקן אין די אויגן. אין תּוך איז עס אַפילו נישט געווען קיין עסק, נאָר אַ שפּיל אין גורל, אַ לאָטעריי.

און אָט איז ווירקלעך אָנגעקומען סוון דעם וועכטערס נייע גרויסע שיף, אויפהויבנדיק אַ שוים אויף די כוואַליעס און מיט פונאַנדערגעלאָזענע זעגלען. מיר זענען אַלע געשטאַנען נעבן הארטוויגסענס שפּייכלער פאַר די שיפלעך, און געקוקט ווי די שיף קומט אָן. סוון דער וועכטער האָט כּמעט נישט אָנגערירט די זעגלען, ווען ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צום ווינט און אַרויסגעוואָרפן דעם אַנקער. די מאַנשאַפט האָט זיך תּיכּף אַ לאָז געטון איבער די שטריק און די מאַסטן צוקלויבנדיק די זעגלען. און באַלד איז די שיף פיל מיט סחורה געבליבן שטיין פעסט און זיכער האַלטנדיק זיך אין וואַסער.

— איך אַליין וואָלט נישט געקאָנט בעסער צושטיין! — האָט הארטוויגסען געזאָגט.

ראָזע איז אויך געווען מיט אונז, זי איז געווען אַלץ די זעלביקע וואָס פריער, נאָר געגאַנגען אין אַ גרויסן שאַל איבער דעם קלייד, צוליב איר לאַגע. זי איז געווען רויק און פריינטלעך, אַרויסווייזנדיק שוין מיט איר גאַנצן וועזן די מוטער.

ווען זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, האָט זי נישט בלויז שנעל אַ דריק געטון מיינע, נאָר גאַנץ לאַנג איבערגעלאָזן איר האַנט אין מיינער. אָ, גאָט, אין אַלץ אויף דער וועלט איז זי געווען טיפער און פיינער פאַר אַנדערע מענטשן. און איך האָב פאַר איר נישט געקאָנט טון קיין בעסערע זאַך, ווי אַוועקשטעלן זיך אין דער זייט פונוואַנען דער ווינט האָט געבלאָזן, און פאַרשטעלן זי פון דער קעלט.

— שוין אַזאַ לאַנגע צייט, אַז מען זעט אייך עפּעס נישט, אפשר וואָלט איר אַריינגיין איצט צו אונז שפּילן אַביסל? — האָט זי געזאָגט.

— איך שפּיל שוין איצט מער קיינמאָל נישט, — האָב איך געענטפערט.

און זי האָט, אַפּנים, באַמערקט, אַז איך האָב אַ געהיימען טעם צו ענטפערן אַזוי ווי איך האָב געענטפערט, און האָט דע־ריבער נישט געפרעגט קיין שאלות, דערפאַר האָב איך באַמערקט, ווי זי האָט זיך באמת פאַמעלעכקע איבערצוגיין אַרום און שטעלן זיך דאָרט, פונוואַנען דער ווינט בלאָזט, כדי מיך צו באַשיצן, ווייל איך בין געווען אָנגעטון לייכטער איידער זי. אָבער איך האָב עס נישט דערלאָזן. איצט, ווען שיר נישט אַ האַלב לעבן איז זינט דעמאָלט פאַרביי, געדענק איך עס אַלץ: ווען זי איז אַריבערגעגאַנגען מיך צו פאַרשטעלן, האָב איך געמוזט, בייטנדיק מיין אָרט, אָפּטרעטן אַלץ העכער צום באַרג־צו און אַזוי זענען מיר אַלץ ווייטער און ווייטער אָפּגעטראָטן פונם שפּייכלער.

— ווי לעבט זיך אייך, גוט? — האָט זי געפרעגט.

— גוט, אַדאַנק, און איר?

— יאָ, אַ דאַנק אייך. אַ טאָג נאָך אַ טאָג פאַרגייט. אַביסל אומעטיקלעך: בענאָני גייט אַלץ אַוועק פון שטוב מיט זיינע עסקים.

איך האָב אַ טראַכט געטון: פריער איז זי אַפילו געווען צופרידן, וואָס דער מאַן איז נישטאָ אינדערהיים, איצט איז זי, אַפּנים, אַנדערש. און איך האָב מיך געפרייט אי פאַר איר, אי פאַר אים, וואָס זיי לעבט זיך, הייסט עס, בעסער. מסתמא, איז עס טאַקע אַזוי: פרייליך גייען די טעג איינער נאָכן אַנדערן.

— בענאָני לויפט פון אינדערפרי ביז דער נאַכט אַרום מיט די עסקים, — האָט זי ווייטער געזאָגט — מען מוז דעם אמת זאָגן: פאַרבייטן קאָן אים קיינער נישט. איך האָב עס פריער נישט אַזוי גוט פאַרשטאַנען. איצט זע איך שוין אַליין: קיינער קאָן זיך אָן אים נישט באַגיין, אַלעמען מוז ער העלפן.

— דאָס איז אמת. ער העלפט אַלעמען.

— מען וואָלט אונז נאָר לאָזן צורו! אַן אַנדערש מאָל האָב איך אַזוי מורא. עס גייט נישט אַריבער קיין טאָג, איך זאָל נישט מורא האָבן.

— ס'איז דען אָנגעקומען נאָך אַ בריוו צו מאַלענע?

— ניין. אָבער ס'איז דען נישט אַלצאיינס? פֿונוואַנען קומט יענער, דער ערשטער? איצט האָב איך אַלץ דערציילט בענאָנין. און ער האָט זיך אַזוי פּאַטערלעך צו מיר באַצויגן! מיר איז איצט אַזוי גוט, ווי גוט עס קאָן נאָר געבן!

האַרטוויגסען שרייט דאָרט צו דער שיף:

— מיט גליק! און ווו זענען די איבעריקע?

איך און ראָזע שטייען מיר אויפֿן באַרג אַזוי הויך, אַז מיר הערן סוען-דעם-העבטערס ענטפֿער:

— די יאַכטע איז, אַפּנים, נאָר אויף עטלעכע מייל אָפּגעשטאַנען פֿון אונז. און די שבֿוגע האָט נאָך נישט געענדיקט אָנלאָדן זיך, ווען מיר זענען אַרויסגעשוווּמען.

— זיי וועלן שוין, מסתּמא, אַלע קומען! — זאָגט האַרטוויגסען און שאָקלט צו אונז מיטן קאָפּ פֿון אונטן. — מחמת ס'איז נישט קיין אומגליק, וואָס זיי האָבן דאָרט דעם ווייבערשן געשלעפּט צווישן דער מאַנשאַפֿט. דאָס איז זיכער. וואָס שטייט איר און פֿרירט דאָרט? — שרייט ער צו אונז אַרויף.

— זע, דו אַליין זאָלסט נישט ווערן דערפֿראָרן! — ענטפֿערט ראָזע. — דו גייסט אין איין רעקל בלויז. און איך בין אין מאַנטל און אין שאַל.

די דאָזיקע אויפֿמערקזאַמקייט איז, אַפּנים, האַרטוויגסענען געווען זייער צום האַרץ. ער האָט פֿונאַנדערגעשפּיליעט דאָס רעקל און אַ געשריי געטון:

— איך וועל דערפֿראָרן ווערן? זע!

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן צו אונז און האָט מיר געזאָגט:

— קומט בעסער אַריין צו אונז, באמת. מיין פֿרוי מאָר נישט שטיין אויף דער קעלט.

— פֿאַרשפּיליע זיך דו אָקאָרשט, גוט אויף אַלע קנעפּ! — זאָגט ראָזע און פֿאַרשפּיליעט אים מיט די אייגענע הענט.

מיך האָט די דאָזיקע צערטלעכקייט פּונקט ווי אין סאַמע האַרץ אַ שטאָך געטון. די ליבע הענט האָבן אַזוי פֿלינק און

געשיקט געשפּיליעט די קנעפּ, בעת הארטוויגסען איז זיך געשטא־
נען א שטאָלצער און א גליקלעכער.

— איר זאָלט קיינמאָל נישט חתונה האָבן, — ווענדט ער זיך
צו מיר אין א געלעכטער — מען וועט אייך צורו נישט לאָזן. זי
מיינט, אז מיר איז קאַלט. גייט זשע אריין ביידע אין שטוב. איך
קום תיכּף צו אייך.

איך האָב מיך אָפּגעזאָגט.

— דאכט זיך, אז אים איז שוין צייט אהיים. — האָט ראָזע
געזאָגט.

— יאָ. — האָב איך געענטפערט און האָב מיך געזעגנט.

ביים זעגענען זיך האָט ראָזע געזאָגט:

— וואָס מאַכט עדווארדע? גריסט איר!

אין דריי טעג ארום איז אויך די יאכטע אריין אין האפן.
און די שכונע איז נאָך אַלץ נישט געווען, און קיינער האָט זי
נישט געזען. הארטוויגסען האָט פונדעסטוועגן ווידער נאָר גע־
שאָקלט מיטן קאָפּ און גאַנץ צופרידן געזאָגט, אז אַלץ גייט
אויפן בעסטן אופן!

אין דער בוכטע האָט איצט דאָס לעבן געקאָכט ווי אין
א קעסל: שיפלעך זענען ארומגעפלויגן הין און צוריק פון די
שיפן און צו די שיפן, אויסלאָדנדיק די סחורות, און אויפן ברעג
זענען געגאנגען ביידע סירילונדער פערד, אריבערפירנדיק די
סחורות אין די שפייכלערס און אין די לאגערס.

און די טעג זענען אַלץ געגאנגען און געגאנגען.

איך האָב מיר אָרגאניזירט א קליין שולכל מיט די מיידע־
לעך. די עלטערע האָב איך געלערנט ליידענען אותיות, אותיות
און ווערטער, און די יינגערע—דערקענען די אותיות נאָכן סדר
אין אלף־בית. אָבער די קליינינקע טאָנא האָט זיך אַליין אויס־
געלערנט ביי דער שוועסטער דעם גאנצן אלף־בית, אזוי אז
איך האָב מיט איר מער נישט געהאט וואָס צו טון. ווען איך
האָלט מיט די קינדער נישט געשפּילט גאנצע שעהן, און ווען
איך האָלט נאָך חוץ דעם נישט געהאט מיין מאַלעריי, וואָלט
איך בכלל נישט געהאט וואָס צו טון. פארשטייט זיך, איך

האָב די קינדער אויך דערציילט פֿאַרשידענע מעשהלעך וועגן פֿייגעלעך, ליאַלקעס, און וועגן די בוימער אין וואַלד. אייניקע פֿון די דאָזיקע מעשות האָב איך אַליין אויסגעטראַכט. נאָר אַז די מיידלעך האָבן מיך געבעטן נאָכאַמאָל איבערדערציילן, און איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט איבערחזרן די דערציילונג פּונקט ווי פֿריער, זענען זיי געווען מלא שמחה, וואָס זיי קאָנען מיך כאַפּן אויף אַ טעות. און פֿלעגן נעמען אַליין דערציילן. קיינמאָל וועל איך נישט פֿאַרגעסן די דאָזיקע ווילדע געבענטשטע טעג. און דאָס רוב, ווען עס פֿלעגט קומען די צייט פֿון דערציילן אַ מעשה, האָבן זיך ביידע מיידעלעך געזעצט צו מיר אויף די קני.

דער הערבסט האָט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער גענומען געוועלטיקן. עס זענען אָנגעשטאַנען די רויִע טעג פֿון טאָג- און נאַכט-גלייכקייט. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן איבערן ים הענגען שניי-כמאַרעס.

די שבועה איז אַלץ ניט געקומען. האַרטוויגסען האָט שוין אָנגעהויבן ברוגז ווערן, וואָס די איבעריקע שיפֿן האָבן זי איבערגעלאָזן אַליין אין בערגען. דעם טיף-זיצנדיקן „פּונטוס" מיט זיינע שווערע זעגלען וואָלט מען, אדרבא, געדאַרפֿט פֿריער פֿאַר אַנדערע אָנלאָדן און אַוועקלאָזן דעם ערשטן, געבנדיק אים אַ וואָך צייט פֿאָר. נאָר איינמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די איבעריקע שיפֿן זענען נישט שולדיק: מאַק אַליין האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין סוחר אין בערגען און געהייסן, אַז דער „פּונטוס" זאָל צוואַרטן, ביז ער וועט אַרויסשיקן אַ רשימה פֿון פֿאַרשידענע סחורות, וואָס ער דאַרף האָבן. די דאָזיקע רשימה האָט געזאָלט אָנקומען מיט דער צווייטער פּאָסט, נאָר בעת סווען דער וועכטער איז אָפּגעשוואומען, איז נאָך די רשימה נישט געווען אָנגעקומען. און דער „פּונטוס" איז אַלץ געשטאַנען און האָט געוואַרט.

ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן נאַסע וועטערן און פֿינסטערע נעכט. בשעת דער פּאָסט-דאַמפֿער גיט אַ פֿייף קיין סירילונד, דאַכט זיך, ווי עפּעס אַ ווילדע חיה וואָלט געריוועט. דאָס איז זייער אומאַנגענעם. „יאָ, יאָ, ס'איז איצט אומעטיק אויפֿן ים!" רעדט מען צווישן

עולם, און הארטוויגסען איז נאָך אַלץ נישט אומרויק פאַר דער שכונע. „אַ גרויסער ענין, וואָס בראַמאַפּוטרע איז אויפן שיף, — זאָגט ער — עס קאָן זייער זיין, אַז זיי האָבן אַן אַנטקעגנדיקן ווינט".

איינמאָל אין אָוונט, ווען דער ווינט איז געווען אַ שטאַרקער אָבער דער הימל האָט אינגאַנצן געשיינט מיט שטערן, לאָז איך מיך ווידער אַראָפּ צום האַפן, מחמת אויף דעם אָרט, וווּ ס'פאַרנעמט זיך דער וועג צו הארטוויגסען, איז אַזוי גוט צו קוקן אויף די שטערן, די נייע לבנה גיט נאָך כמעט קיין ליכטיקייט נישט, דערפאַר האָט זיך דער מילכוועג אויסגעצויגן איבער דעם גאַנצן הימל, פונקט ווי אַ פינקלדיקער פאַס.

בעת איך שטיי דאָ, באַמערקט מיך הארטוויגסען פון זיין גאַניקל און שרייט, איך זאָל אַריינגיין, איך בין צעטומלט, וואָס מען האָט מיך געכאַפּט אַזוי נאָענט פון דעם דאָזיקן הויז, פונדעסטוועגן גיי איך גלייך צו אים. הארטוויגסען איז מונטער און פרייליך: פאַר דעם אָוונט וועט עס דעם „פונטוס" גוט אַ טרייב טון אויף צפון, זאָגט ער. דאָס וועטער איז העל, און דער ווינט בלאָזט פונקט וווהין מען דאַרף. ענדלעך.

בעת איך גיי איבערן קאָרידאָר הער איך, ווי קליידלעך שאָרכען. „דאָס גייט, מסתמא, ראָזע שלאָפן", — טראַכט איך.

הארטוויגסען האָט מיר באַוויזן, וואָס פאַר גוטס סוועגדער-וועכטער האָט פאַר אים איינגעקויפט אין בערגען: דאָס איז געווען אַ קאָסטיום פון אַ וואַסער-טוקער און אַ העברעישע ביבל. אָך, סאַר אַ קינד דאָס איז! אַ וווּנדערלעך געמיש פון פויערשן שכל און פון תמימות! ער האָט מיר באַוויזן דעם וואַסער-טוקער-קאָסטיום, ווי אַ זעלטנהייט, ווי אַן אויסטערלישע זאַך, און האָט אויף מיר געקוקט פון דער זייט פאַרשנדיק, צי בין איך גענוג פאַרוווּנדערט.

— נישט אַלע האָבן אַזעלכע מלבושים ביי זיך אין שטוב! — זאָגט ער. — טוט אַ בליק אויפן העלם. באמת, איך אַליין קאָן מיך פאַר אים דערשרעקן! איר וועט, אפשר, נישט גלויבן, אַז איך דערוועג מיך אָנצומעסטן אים, אָבער איך האָב אים שוין אין

דעם ערשטן טאָג אָנגעטון, און סהען דער וועבטער האָט אָנגעפּאָמ־פּעט די לופט.

— אין דעם איז אוודאי נישט זייער באַקוועם? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, טאַנצן איז אוממעגלעך, מען קאָן נישט זאָגן. האהא! ווען איך זאָל קומען אויף אַ טאַנץ־באַל אין אַזאַ קאָסטיום, וואָלטן זיך אוודאי אַלע צעלאָפן פאַר הארטוויטשן.

דערנאָך איז זיין אויפמערקזאַמקייט אַריבער אויף דער ביבל.

— אַזוי, דער טוקער־קאָסטיום מיט די מכשירים זאָל זיך הענגען דאָ. באַלד וועט ביי מיר פון אויבן ביז אַראָפּ אומעטום זיין פול מיט כּל־המינים גוטס. און וואָס וועט איר זאָגן צו דערצו?

דאָס איז געווען אַ געניצטע ביבל. הארטוויגסען האָט גע־מאָלדן, אַז קיין נייע קאָן מען גאַרנישט קריגן.

— זיי פאַרזיכערן, אַז קיין נייע דרוקט מען שוין מער נישט, זינט מען האָט זיי אָפּגעדרוקט ביי לוטערן און ווירטעמבערג, — האָט ער געזאָגט - אַ שאָדן וואָס מיין פרוי איז שוין אַוועק צו זיך, אַנישט וואָלט איר אפשר מיט איר אַביסל געלייענט.

איך האָב אַביסל געלייענט, עפּעס וואָס פאַרשטאַנע, און הארטוויגסען האָט געהערט און באַוואונדערט, וואָס איך קאָן. ער האָט אַרויסגענומען ווייַן פון בופעט און האָט ווידער געזאָגט, אַז ס'איז אַ שאָדן, וואָס די פרוי זיינע איז שוין אַוועק שלאָפן. איך בין ביי אים געזעסן ביי אַ גוטע שעה. די צייט איז אַזוי געלאָפן. מיר איז נישט געווען קיין שאָד, וואָס ראָזע איז נישט מיט אונז: איך האָב נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַר זיך, און בין פאָרט געווען אין איר צימער.

בשעת איך בין געגאַנגען פון הארטוויגסענען אַהיים, איז דער גאַנצער הימל געווען פאַרכמורעט, מען האָט שוין מער קיין שטערנדל נישט געזען. און פון ים האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער גערויש. מיר איז אויפן פּנים אַראָפּגעפאַלן אַ שטיק שניי, נאָכדעם נאָך איינס...

# XXI

אין דער נאַכט איז די זעגל-שיף „פּונטוס" אומגעקומען אין פּיאָרד. דאָס איז געווען אַזוי משונה! באמת, פּונקט ווי דער בייזער גורל האָט עס געמאַכט. ס'איז שוין כּמעט אָנגעקומען דער פרימאָרגן, און אינגאַנצן איז אויף איין האַלבע שעה אָנגעפלויגן אַ שניי-שטורעם. נאָכדעם האָט זיך ווידער אויפגעלייטערט, און די גאַנצע צייט איז געווען העל. דערפאַר אָבער ס'אַ שטורעם-ווינט דאָס איז געווען! דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם האָט פון זיין טורעם געזען דעם סוף פון דער קאַטאַסטראָפע: עטלעכע מענטשן פון דער מאַנשאַפט האָבן זיך געראַטעוועט אויף צוויי קליינינקע שיפלעך, אָבער דער קאַפּיטאַן אָלע-דער-פויערל און זיין ווייב בראַמאַפּוטרע זענען ביידע אומגעקומען. דער אויפזעער האָט ציניש געענדיקט זיין דערציילונג:

— יאָ, יאָ, בראַמאַפּוטרע איז געווען אַזאַ לעבעדיקע און אַ צוגעלאָזענע פאַרן לעבן, איז זי אָט געשטאָרבן אויך נישט אַליין, נאָר בחברותא מיט דעם מאַן און מיט די שטשורעס!

דאָס איז געווען כּמעט אומבאַגרייפלעך! אַן אונטער-וואַסער-שטיין! יאָ, ווירקלעך, אַ לאַנגער פעלז, אַ קאַם. אָבער צו וואָס האָט די שכונה דען נויטיק געהאַט צו פאַרנעמען זיך אַזויפיל אויף מערב? דער אָרט, וו די שיפן זענען געשטאַנען האָט זיך געפונען צו מזרח פון דעם לייכט-טורעם. און דער „פּונטוס", דער דאָזיקער ים-ריז, האָט זיך עטלעכע מינוט, טרייסלענדיק זיך, געהאַלטן. אויפן פעלז, נאָכדעם האָט ער זיך צוריק אַראָפּגעגליטשט, אָנגעפילט זיך מיט וואַסער און נעלם געוואָרן אין דער טיפעניש.

ווען ער איז שוין געווען סאַמע ביים ציל, כּמעט אינם האַפן!

האַרטוויגסען איז לכתחילה געווען, אַפּנים, שטאַרק צערודערט: אומגעקומען צוויי מענטשן, וועלכע האָבן ביי אים פאַרדינט ברויט, און ער האָט פאַרלוירן אַ שיף און לאָדונג, צי איז עס אים אָפּט-

מאָל נישט געווען אזא אָנלערנונג, א געצאָלט פון עפּעס א צע־שטערנדיקער קראַפט פאַר זיין געשעפטלעכער אונטערנעמערישקייט? צו אַלדי רוחות! און צו וואָסער טייוול האָט זיך די שבונע גע־דאַרפט פאַררוקן אויף מערב זייט פונם לייבט־טורעם? דער שניי־שטורעם, וואָס האָט אַלץ אַרום פאַרדעקט? יאָ, אָבער דאָס איז דאָך געווען בלויז עטלעכע אָנפאַלן פון דעם ווינט: דער לייבט־טורעם האָט זיך דאָך קלאָר געזען א גאַנצע שעה פאַר דער קאַ־טאַסטראָפע, און פאַר דער צייט זענען געווען פיל מאָמענטן פון אויסגעלייטערטקייט!

האַרטוויגסען האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ איבער דעם אַלעמען און אַרויסגעזאָגט זיינע השערות פאַר מיר און געשאָטן מיט קללות אָן אויפהער. ניין, דער דאָזיקער אַלע־פויערל איז, אפנים, נישט געווען גענוג סטאַלנע, זאָגט האַרטוויגסען. און צו וואָ־סערע רוחות האָט ער מיט זיך גענאַרפט האָבן ווייבער אויף דער שיף? און האַרטוויגסען האָט נאָך דער ריי באַשולדיקט אמאָל דעם קאַפּיטאַן אליין, אמאָל בראַמאַפּוטרען.

בעת מיר שטייען אויפן וועג און שמועסן, גייט אונטער סווען דער וועבטער און דערציילט אונז, וואָס אָלע־פויערל אליין האָט אים געזאָגט אין בערגען: דער „פונטוס" האָט, ווייזט זיך אַרויס, גענאַרפט, ווען ער וועט זיך אומקערן אַהיים, אוועקשטעלן זיך צו מערב זייט פונם לייבט־טורעם, כדי צו פאַראַנקערן זיך אין א ווייַ־טער בוכטע און דאָרט רעמאָנטירן זיך.

— ווער האָט עס אָפּגעגעבן אזא באַפעל?

— מאַק אליין.

האַרטוויגסען ברעכט זיך ווידער דעם קאָפּ און קוקט אַמאָל אויף אונז, אמאָל אויפן וועג און פאַרטראַכט זיך שטאַרק. ער איז גאָרנישט צופרידן, וואָס מאַק האָט ביי אים הינטערן רוקן אָפּגע־געבן אזא פאַראָרדענונג.

— קומט אָקאָרשט מיט מיר צו מיין שותּף! — זאָגט ער אונז.

מיר האָבן מאַקן דערוויסט אין קלייט. האַרטוויגסען איז גע־

ווען שטאָלץ און האָט אויסגעשטעלט די ברוסט, ווען ער איז צו־געטרעטן צו זיין רעדע.

— איך האָב געהערט, אַז איר האָט געהייסן, מען זאָל דעם „פונטוס" אַרויספירן צו מערב פונם לייכט־טורעם?

— יאָ, צוליב רעמאָנט. — האָט מאַק געענטפערט.

— איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז שוין איצט מיין זאַך—די אויסערלעכע השגחה און אַלץ מיטאַנאַנדער.

מאַק האָט אַרויסגענומען זיין באַטיסטן טיכל און געזאָגט:

— דאָס איז געטון געוואָרן מיט אַ גוטער כוונה, טייערער הארטוויטש.

— שדים ווייסן, וואָס פאַראַ כוונות איר האָט געהאַט!

מאַק קוקט אויף אים נאָכזיכטיק.

— ערשטנס פאַרהאַלט איר די שכונע אין בערגען סאַמע ביזן ווינטער, — האַלט זיך הארטוויגסען ביי זיינס — און דאָס איז גוט, וואָס? און נאָכדעם קומט איר אויס צו שווימען אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, און נאָך ביידערנאַכט, אין אַ שטורעם־ווינט, אין אַן אומוועטער! און ס'איז נאָך אַ פראַגע, צי האָט אַלע־פויערל געוווּסט וועגן דעם אונטערוואַסער־פעלז?

— אַלע קינדער ווייסן דאָ וועגן אים. און דאָס, וואָס עס איז אָנגעפלויגן אַ שניי־שטורעם, איז טאַקע פשוט אַן אומגליק געשען!

— יאָ, יאָ, איר האָט שטענדיק גרייט אַן ענטפער אויף דער צונג, אָבער ווי איז עס מיר? איך האָב פאַרלוירן די שיף מיט דער לאָדונג!

— געוויס, איך פיל מיט פון טיפן הארצן, — ענטפערט מאַק— דיר איז די ספּעקולאַציע נישט געלונגען. זעסט, איך האָב דאָך פירנדיק די גאַנצע צייט דעם געשעפט אויך געקאָנט פאַרזיכערן זיך ביי זיך זעלבסט, און האָב זיך דערויף קיינמאָל נישט אָנגעשלאָסן!

הארטוויגסען גיט זיך נישט אונטער.

— ס'וואָלט אַלץ געווען אין דער בעסטער אָרדנונג, ווען איר וואָלט זיך נישט אונטערגערוקט מיט אייערע פאַראָרדנונגען

למשל, איך פרעג אייך, לאָמיר נעמען די לאָדונג אויף דער שכונע. איר וואָלט זי פארשלעפט סאַמע צו די ווייטע שבערן, און פון דאָרט וואָלט איר עס געדאַרפט צוריקפירן אַהער אין די שפּייכלערס, דאָס וואָלט דאָך געווען אַן אַרבעט פאַר ביידע פערד אויף דעם גאַנצן ווינטער! ס׳איז דאָך מער נישט ווי אַ געלעכטער, אַז מען גיט אַ טראַכט! אין דער צייט, ווען מיר וואָלטן געקאָנט אויסלאָדן די שכונע סאַמע פאַר די טירן, ווי די איבעריקע שיפן.

אָבער מאַק קוקט אויף זיין צעהיצטן שותף מיט אויגן פול מיט מיטגעפיל. אים איז אַזוי לייכט צו ענטפערן, אים איז דאָס צו לייכט, און דעריבער, אפנים, פליסט ער זיך נישט קיין שמייכל צו טון, כדי נישט אַרויסצובריינגען אים אינגאַנצן פון די כלים.

— טיילווייז ביסטו גערעכט, האַרטוויטש. נאָר דו פאַרגעסט וועגן אונזערע פריינט, די סוחרים פון די ווייטע שבערן. אַלע סחורות אויפן „פונטוס" זענען געווען באַשטימט פאַר זיי, אָפּשטעלנ־דיק זיך מיטן „פונטוס" ביים אָפּענעם ים, וואָלטן מיר אונזערע קליענטן פון די ווייטע שבערן באַפרייט פון דער נויטווענדיקייט צו מאַכן אַ שווערן אַרומוועג ביי אַ האַלבן מייל ווייט דורכן ים ביז אונזער האַפן. איך האָב עס זיי צוגעזאָגט צו טון. זיי זענען אונזערע גוטע קליענטן אַ קיילעכיק יאָר, האַרטוויטש. אויפן „פונ־טוס" איז געווען זאַלץ און מעל און פאַרשידענע קליי‌ניקייטן, בשמים־סחורות, אַלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט דאַרפן אין דער גאַנ־צער געגנט.

פּויזע.

— נאָר איך פאַרשטיי זייער גוט, אַז ווען עס וואָלטן נישט געווען די אַלע אומשטענדן, — האָט מאַק ווייטער גערעדט — וואָלט־סטו באמת געהאַט אַ גרונט צו זיין אומצופרידן. איצט אָבער זע איך נישט, אַז איך זאָל אין עפּעס זיין שולדיק.

— ווי דען! — האָט האַרטוויגסען געזאָגט און פאַרדריקט די ליפּן. — און וואָס שייך דערצו, וואָס מען האָט פאַרהאַלטן די שיף סאַמע ביז טאָג־און־נאַכט גלייכהייט, איז אפשר נישט איר האָט עס פאַראָרדנט?

— אוודאי איך, אָבער איך אַליין האָב געוואָרט אויף באַשטעלונגען פון די ווייטע שבערן. איך האָב נישט געקאָנט אַרויסשיקן קיין רשימה, איידער איך האָב באַקומען די באַשטעלונגען.

— וואָלט שוין בעסער די יאַכטע אויך געוואָרט אין בערגען.

— פונקט ווי מיט איר וואָלט נישט געקאָנט טרעפן קיין אומגליק! — האָט מאַק געענטפערט — איבעריקנס, איך וויל נאָר זאָגן, אַז איך פיל אויף זיך נישט קיין שום שולד.

מאַק האָט אויף זיך אויסגעגלייכט דעם סורדוט און זיך פאַרשפיליעט. נאָכדעם איז ער אַוועק, פאַרלאָזנדיק דעם שותּף, צו דער טיר פון דער קאַנטאָר, מיט אַ פּנים פון אַ מענטשן, וועלכן מען האָט נישט פאַרשטאַנען און ווירקלעך באַליידיקט.

ווען עס האָט זיך אין עטלעכע טעג אַרום דאָס וועטער איינגעשטעלט, האָט האַרטוויגסען מיט זיך גענומען מענטשן און האָט זיך אַוועקגעלאָזן צו די אונטערוואַסער-פעלזן, זען, צי איז אפשר עפּעס אַרויפגעשווומען פון דער לאָדונג אַזוינס, וואָס מען קאָן נאָך ראַטעווען. אָבער דערויף איז שוין, אפנים, האָפנונג נישט געווען. אפילו קיין איין קערפּער איז נישט אַרויפגעשווומען. איבעריקנס, וואָס נוגע די קערפּערס, האָט איינער פון די מענטשן, וועלכע זענען ניצול געוואָרן פונם „פּונטוס", דערציילט גאָר אַ מאָדנע געשיכטע: כלומרשט מען וואָלט בראַמאַפוטרען געקאָנט ראַטעווען, נאָר איר מאַן, אַלע דער פויערל, האָט זי געכאַפּט, צוגעצויגן צו זיך און אַוועקגעשלעפּט זי מיט זיך אין תּהום אַריין. דער דאָזיקער מענטש האָט עס אַלץ געזען אין דער אַלגעמיינער בהלה. און בראַמאַפוטרע האָט געשריגן, און די אויגן זענען ביי איר געווען קיילעכיקע, אויסגעגלאָצטע. איך האָב געפרעגט ביי דעם מענטשן:

— בראַמאַפוטרע האָט דען נישט בשלום געלעבט מיטן מאַן אויף דער שיף?

— די גאַנצע צייט! — האָט ער געענטפערט. — בראַמאַפוטרע איז דאָך געווען אַזאַ צוגעלאָזענע, און דעריבער האָט דער קאַפּיטאַן אַלעמאָל געמוזט שלאָפן מיט איין אויג אָפן. ער האָט זיך אפילו קיינמאָל נישט גוט אויסגעשלאָפן. מיר האָבן צו אים געשריגן,

אַז דאָ איז אַ אונטערוואַסער־פעלז, און ער האָט אפילו קיין פּינטל נישט געטון מיט קיין אויג. און די אויגן זענען ביי אים אויך גע־ווען גלעזערנע.

„קאָן אפשר זיין, אַז אָלע דער פוויערל האָט בכיוון אַרויפ־געטריבן די שיף אויפן פעלז, — האָב איך אַ טראַכט געטון — די ליבע איז אכזריש."

די צייט איז געגאַנגען, און האַרטמאַיגסען האָט אָנגעהויבן ווערן רויקער און קומען צו זיך נאָך דעם גרויסן היזק. אָ, דאָס איז דאָך שוין געווען דער דריטער גרויסער היזק בלויז פאַר דער צייט, וואָס איך בין געווען אין סירילונד. גאָט ווייסט, צי ער וועט קאָנען אויסהאַלטן אַזויפיל קלעפּ! אָבער האַרטוויגסען איז, אפנים, געווען אָן אַ שיעור רייך. ער האָט, מסתמא, געהאַט געלט אַ גאַנצן אוצר. ער האָט שוין איצט גערעדט וועגן דער פאַרזיכערונג און דער קאַטאַסטראָפע מיט דער גרעסטער רויקייט. „נאָך גוט, וואָס געלימן האָט אַ מענטש, וואָס קאָן אַזאַ היזק איבערטראָגן!" — האָט ער געזאָגט. ער האָט זיך אפילו אָנגעהויבן באַרימען נאָך מער ווי ביז איצט, און האָט פאַרטראַכט איינצוהאַנדלען אַ דאַמפער אָנשטאָט דער שכונע. אָבער צו מאַכן האָט ער שוין, אפנים, מער קיין גרויסן צוטרוי נישט געהאַט. אין קלייט האָט ער דעמאָלט, געוויס, פאַר־שוויגן און אינם שמועס נישט געוואָלט אַריבערטרעטן די גרענעצן פון איידלקייט, ער האָט אָבער דעם שותף פאַרט חושד געווען אין אַל־דאָס בייז. פאַרוואָס איז עפּעס היי־יאָר נויטיקער געווען ווי אַלעמאָל אויסצולאָדן דעם „פונטום" אין די ווייטע שכערן? אָ, אין דעם שטעקט עפּעס אַ פּניה, זיכער.

— לייסטן פאַר ראַמען זענען אָנגעקומען. אפשר וועט איר מיר איצט העלפן מאַכן ראַמען פאַר אַלע מיינע בילדער?—פרעגט ער מיך.

דערביי דערמאָנט ער זיך אָן דעם בילד, וואָס איך האָב געשענקט ראָזען, און וויל מיר פאַר דעם באַצאָלן, וויל מיר באַ־צאָלן פון דער ברייטער האַנט. ווען איך זאָג מיך אָפּ, קוקט ער אויף מיר גוטמוטיק און מעלדעט, אַז ווי איך וועל דאָס בילד אויפהענגען אויף דער וואַנט, דאָרט וועט עס בלייבן הענגען לעולם

ועד. און דער פרוי זיינער איז דאָס בילד אויך שטאַרק געפעלן.

אין די טעג, ווען איך האָב צוגעפאַסט די ראַמען פאַר הארטוויגסענס בילדער, פלעג איך אָפט ראָזען דערוויסן אליין אָדער מיט מארטען. ראָזע האָט איצט אליין גענומען לערנען מארטען לייענען, און זי האָט דערצו געהאַט ווונדערלעכע פעיקייטן. איינמאָל איז ווידער אָנגעקומען אַ נייע הונדערט דאָלער פאַר דער אַלטער מאַלענע, און אויך דאָס מאָל אָן אַ שום בריוו דערביי. דאָס איז געווען זייער געהיימניספול און אפילו ענלעך צו אַ מעשה-לע. נאָר גילבערט דער לאָפּאַר איז ווידער ארויסגעשוומען מיט דער דאָזיקער נייס פאַר ראָזען. שפּעטער האָט ראָזע באַזוכט די אַלטע מאַלענע און האָט באַטראַכט דאָס געלט און דעם קאָנווערט.

ראָזע האָט געזאָגט:

— די האַנטשריפט איז נישט ניקאָלאַיס, אָבער דאָס געלט איז פון אים.

— יאָ, געוויס. — האָב איך געזאָגט.

— אָבער בענאָני זאָגט דאָך, אז ער איז געשטאָרבן! — האָט זי אויסגעשריגן. — און איך בין געווען ביי מאַקן. ער זאָגט אויך, אַז ער איז געשטאָרבן.

— איר דאַרפט זיך דערפון נישט נעמען צום האַרצן, — פרוו איך מיך איינרעדן זי, — ווי די מעשה איז, וועט ער שוין מער אהער נישט קומען.

— דאָס איז אַלץ אַזוי נישט גוט, — ענטפערט זי — מען וואָלט זיך בעסער נישט געדאַרפט גטן. קיינער דאַרף זיך נישט גטן. און ס'קאָן זייער זיין, אַז ער לעבט.

איך האָב דערפילט אַ טיפן ווייטיק פון די דאָזיקע קרענק-לעכע ערינערונגען אירע. חוץ דעם האָב איך געפילט אייפערזוכט צו דעם דאָזיקן אייביקן ניקאָלאַיען, און איך האָב געזאָגט:

— מילא, וועט ער קומען, געוויס. וואַרט-זשע אויף אים!

ראָזע האָט אויף מיר שנעל אַ בליק געטון.

— זאָל אייך גאָט מוחל זיין! — האָט זי געזאָגט.

איך האָב מיינע ווערטער נישט געוואָלט נעמען צוריק און נישט געוואָלט פאַרגלעטן זיי. דאָס איז נישט געווען צו שטאַרק

געזאָגט, און כּלל נישט פון צעהיצטקייט. איך אַליין האָב דאָך אויך געליטן יסורים. — האָט זי, אַפּנים, וועגן דעם א טראַכט געטון? קיין האָר נישט!

— איר פאַרשטייט עס אפשר נישט, — האָט זי געזאָגט — דאָס איז אַזוי משונה. גלויבט מיר: ס'איז גאָרנישט אַזוי לייכט אַלעמען צופרידן צושטעלן... און וויבאַלד אַז איך האָב שוין געהאַט א מאַן, איז... נישט מיר וואָלט זיך וועלן אים צוריק האָבן. נאָר ווי זאָל איך איצט זיין מיט בענאָנין? ניקאָלאַיען געדענק איך פון דער יוגנט זיינער אָן. ער איז געווען אַזא לאַכעדיקער, אַזא לעבעדיקער. איך געדענק פיל פאַרשידענע זאַכן פון דער צייט, ווען ער איז געווען אין מיר פאַרליבט. און וואָס האָב איך איצט צו געדענקען? גאָרנישט! איך האָב נאָר מער וואָס צו עסן אַלע טאָג. אָבער וואָס זאָל איך טון מיט דעם עסן? ס'וועט אַמאָל קומען א צייט, ווען ביי מיר וועט נישט בלייבן קיינע, אפילו די סאַמע אומשולדיקע ערינערונגען. און פון ניקאָלאַיען האָב איך ערינערונגען. איר האָט אים קיינמאָל נישט געזען. ער האָט געהאַט א פיינעם מויל, און ווען ביי אים איז געוואָרן א פליך, האָב איך גאַנצע דריי חדשים געטון אַלערליי סגולות, אַזוי אַז עס איז ביי אים געוואָרן מער האָר אויפן קאָפּ. נאָר דאָס האָט אים נישט געקליידט. יאָ, ער איז געווען שיין אָן די האָר אויך: דער שטערן איז ביי אים געווען אַזא אָפענער און א וווּנדערלעך שיינער. אַך, אָט זיץ איך און דערצייל אייך דאָס אַלץ, און צו וואָס — איך ווייס אַליין נישט. אַזוי, סתם אין דער וועלט אַריין. און וועגן בענאָנין האָב איך אייך נישט וואָס צו דערציילן.

— און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך לעבט זיך איצט גוט, און מיטן מאַן זענט איר איצט שלום. — האָב איך געזאָגט.

— איר ווילט זאָגן: מיט בענאָנין? יאָ, אָבער מיר פערזענלעך איז פאָרט שוין נישט אַזוי גוט, ווען איך דערלאַנג אים דעם מיטאָג, דאַכט זיך מיר אַלץ, אַז יענער האָט, אפשר, נישט וואָס צו עסן. באמת, איך שעם מיך אַזוי צו רעדן. אָבער פאָרט דאַרף זיך קיינער נישט גטן, און קיינער טאָר א צווייטן מאָל נישט חתונה האָבן. קיין גוטס קאָן דערפון קיינמאָל נישט אַרויסקומען.

— אָך! — האָב איך הויך אַ זיפץ געטון און פון פאַרדרוס פאַרקנייטשט דעם שטערן.

— און דאָס זענט איר... וואָס אייך איז אַלעמאָל אַזוי שרעקלעך געווען צוצוזען מיין פאַרצווייפלונג? אַזוי לפחות פלעגט איר אַמאָל זאָגן! — האָט זי אויסגעשריגן גריילעך פאַרוווּנדערט.

— ריכטיק! אַזוי איז עס געווען, אַזוי איז אויך איצט. נאָר איר טראָגט זיך אַלץ אַרום מיט די דאָזיקע זכרונות און פייניקט זיך אליין.

— אָבער זיי האָבן מיך דאָך אָפּגענאַרט, אַז ער איז, כלומרשט, געשטאָרבן! — האָט זי אויסגערופן — און איך האָב אַ צווייטן מאָל חתונה געהאַט.

איך האָב ווידער אַ זיפץ געטון און נאָך מער פאַרקנייטשט דעם שטערן. נאָכדעם האָב איך געזאָגט מיט נקמה:

— און דאָס זענט איר... וואָס איר זענט אַלעמאָל געווען אַזוי ליב-איינגעהאַלטן און קיינמאָל זיך נישט אַריינגעלאָזן אין האַרציאויסגיסעניישן!

דאָס האָט געווירקט, איך האָב געזען, אַז זי האָט דערפון צער.

— אמת טאַקע, איך ווייס אַליין נישט, וואָס מיט מיר איז געוואָרן, — האָט זי געזאָגט — דאָס איז, מסתמא, אַזאַ לעבן טאָג-איין טאָג-אויס, וואָס...

— וואָס? שטענדיק געפינט מען, מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן. איך, למשל, האָב די פאַרענטפערונג, וואָס איך בין אַמאָל געווען אַ קינד.

דאָס האָט אויך געווירקט.

ניין, איך האָב כלל נישט געהאַלט מער זיין דער פאַרטרויטער, פאַר וועלכן זי קלאָגט זיך שטענדיק, און דעריבער האָב איך זי פשוט איבערגעלאָזן און בין אַוועק. און באמת, וואָס אַזוינס מיינען זיך די דאָזיקע מענטשן? די באַראָנעסע איז אָן שום צערעמאָניעס דעמאָלט געקומען צו מיר אין צימער, ווען איך בין נאָך נישט געווען אויפגעשטאַנען, און גענומען זיך באַטראַכטן מיינע הענט, אויף מיר אפילו קיין בליק נישט געטון. איך האָב עס נישט

פאַרגעסן. און ראָזע האָט מיך אָנגערופן קינד. מיר האָט מען געֿרעכנט פאַרא פאַרברעכן דאָס, וואָס איך בין געווען פליסיק אין דער צייט פון מיין שול־עלטער און האָב מיך פיל זאַכן אויסגעלערנט. איך צייכן בעסער פאַר פיל מאָלער, און מאָל בעסער פאַר פיל צייכנער. טידעמאַן! טידעמאַן איז געווען ביי אונז אין הויז, האָט געזען מיינע בילדער און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף גוט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען ניינצן יאָר. יאָ, אמת. איך האָב מיך אויסגעלערנט שפּילן ראָיאַל גלייך ווי אַ פרייליין. אָבער נישט אַלע פרייליינס האָבן זיך דאָך אויסגעלערנט שפּילן. און, יעדנפאַלס, איז נישט די בּאַראָנעסע איינע פון די, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט. און איך האָב מיך יאָ אויסגעלערנט! צי בין איך אָפּטמאָל נישט אַריינגעפאַלן צו ווילדע מענטשן?

איך האָב מיט אַזאַ פאַרביטערונג געפילט די דאָזיקע גרינגשעצונג און די דאָזיקע אומגערעכטיקייט צו זיך. אָך, איך האָב מיך נאָך דעמאָלט נישט געהאַט אויסגעלערנט די מידה פון עניוות. איצט ערשט זע איך, אַז איך בין דעמאָלט געווען אַן אומשולדיק פליסיק בחורל מיט דער בילדונג פון אַ קאָנטאָריסט. אין יאָרן אַרום האָב איך עס פאַרשטאַנען.

אָבער דעמאָלט האָב איך מיך בכלל נישט געפילט, ווי אַ באַזיגטער. איך האָב זיכער עפּעס אַ טעות געהאַט. אַ היפּשע צייט בין איך אַרומגעגאַנגען פרעגנדיק זיך: וואָס וואָלט מונקען ווענדט געטון אויף מיין אָרט? אָ, מונקען ווענדט איז געווען אַ כוואַט, וואָס אים איז אַלץ געווען גאָרנישט. ער וואָלט געזאָגט: דאָס אַלץ איז בלויז קרומעניש און אָנשטעלן, אָבער מיר גיט אַהער ליבע! אָהאָ, ער וואָלט שוין נישט געשטאַנען גאַנצענע נעכט און געקוקט אויף די שטערן!

און איך האָב אויך נישט בדעה מער דאָס צו טון.

## XXII

קיין פרעסט זענען נאָך אַלץ נישטאָ. דער שניי פאַלט

און לייגט זיך אויף דער ווייכער ערד. דערפאר אָבער פאַלט שניי א מאַסע. כּדי מען זאָל קאָנען פאָרן אויף שליטנס, האָבן די אַר־בעטער געמוזט צונעמען נאָך מענטשן און אָפּרייניקן דעם וועג צום וואַלד און צו דער מיל. ביידערנאַכט האָט עס צוגעפרוירן און אויף מאָרגן האָט מען געקאָנט פאָרן איבער דעם וועג.

איך באַגעגן דעם העקלמאַכער. ער איז אומצופרידן מיט דעם גאַנצן שניי, ווייל איצט מוז ער בגנבה טריקענען מאַקס פּע־רענע אין דער ביר־ברויז. נישטאָ שוין מער זיין פריערדיק פריי לעבן. חוץ דעם האָט אים פאַרביטערט די יאָרן דער שכן זיינער, דער אַלטער פרעדעריק מענזאַ, וועלכער איז אַלץ נישט אויפגעש־טאַנען פון בעט, נאָר נישט געשטאָרבן. דער העקלמאַכער האָט געזאָגט, אַז נישט מיט גוטן נישט מיט בייזן קאָן מען גאָרנישט נישט טון קעגן דעם דאָזיקן עקשנותדיקן לעבן. ער האָט דאָך שוין איינמאָל געפּרוווט דעם דאָזיקן קלאָץ פאַרשפּאָרן אויפדער־נאַכט די נאָזלעכער מיט וואַטל, נאָר אויף מאָרגן אינדערפרי איז זיך יענער גאַנץ רויק געלעגן מיט לאַנגע פּאַסמעס וואַטל, וואָס האָבן געשטעקט פון דער נאָז, און האָט געאָטעמט דורכן מויל. ס'איז געווען אי אַ זינד, אי אַ ווייטיק צו קוקן אויף אים! דער העקלמאַכער האָט געמוזט אַליין אַרויסציען די וואַטל צוריק. „טו־טו־טו!" — האָט פרעדעריק מענזאַ אָנגעהויבן צו מורמלען זייער צופרידן, ווי נאָר ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט ווידער צו אָטעמען מיט דער נאָז.

— ס'איז נישט אויסצודערציילן, מיט וואָס נאָר ער פּילט אָן דאָס צימער, — רעדט דער העקלמאַכער וועגן זיין שכן — איך ווערג מיך פּשוט אָפּטמאָל, און אין די אויגן ווערט מיר פינסטער פון פאַרדרוס צוליב דאָס אַלץ. און ווי נאָר איך עפן ביידערנאַכט אָפּ דאָס פענסטערל, געפינט זיך שוין עמעצער פון די הויף־לייט, וואָס דערזעט און דערהערט עס. קומט שוין צוגיין עמעצער אַמאָל פון דער, אַמאָל פון יענער זייט און זאָגט, איך זאָל פאַרמאַכן דאָס פענסטער, אַנישט וועט זיך נאָך פרעדעריק מענזאַ צוקילן. נו, מילא, זאָלן זיך קיין גרעסערע אומגליקן נישט טרעפן, אויב ער וועט זיך צוקילן. יאָ, אַזוי ענטפער איך זיי טאַקע. ער איז

שוין אַלט אַוודאי אַ יאָר הונדערט מיט צען, צי הונדערט מיט צוואַנציק. מיר ווערט פּשוט איבל, אַז איך דערמאָן מיך אין אַזאַ עלטער, זאָל מיך גאָט נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד! דאָס איז שוין גאָרנישט מענטשלעך, נאָר בהמיש! עסן עסט ער טאָג ווי נאַכט. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז די גאַנצע מעשה איז, וואָס ער האָט אַזאַ געזונטן מאָגן. ווען ער וואָלט קראַנק געוואָרן אויפֿן מאָגן, און מיר, למשל, וואָלט אויסגעקומען לייגן אים קאָמפּרעסן, אָט וואָלט איך אים שוין דערמאָלט צוגעלייגט אַ קאָמפּרעסל! און קיין זינען איז שוין אין אים נישט געבליבן פֿאַרא שילינג נישט. צו וואָסער טייוול לעבט ער נאָך? ווען דער ליבער גאָט וואָלט אים נאָר צו זיך צוגענומען, אין נאָמען פֿון אַלע הייליקע! וואָלט דאָך דאָס קעמערל אינגאַנצן צו מיר איבערגעגאַנגען. און איך דאַרף עס אַזוי נויטיק האָבן! איך מוז אָפּט עפֿענען דאָס פֿענסטער, און כּל זמן די-אָ נבלה, זאָל מיך גאָט נישט שטראָפֿן, ליגט דאָ, קאָן איך עס נישט טון. און שטענדיק איז ער דאָ מיט זיין „טו-טו-טו." אויף דעם איז ער אַלעמאָל אַ בריה. ווי נאָר ער עפֿנט אָפּ די אויגן, אַזוי הויבט ער שוין אָן צו טוטוקען. אָבער דאָס זענען דאָך נישט קיין רייד מיט אַ זינען, נאָר אַזוי זיך, פֿאַרן ווינט. איך האָב איינ-מאָל געפּרוווט בווישטשען אים גלייך אין אויער אַריין, כּדי די צייט זאָל אים נישט זיין אַזוי לאַנג, האָט ער זיך אַזוי פֿיינלעך פֿאַרקרומט, פּונקט ווי מ'וואָלט אים אַדורכגעשטאָכן מיט אַן אָל. עס לוינט אַפֿילו נישט איבערצובייטן אים אַ העמד, מחמת ס'קומט דערפֿון גאָרנישט נישט אַרויס: תּיכּף ומיד איז ער ווייטער פֿאַר-שמירט: ער וואַלגערט זיך פּשוט אַזוי אויפֿן עסן, אויף אַלע רעשי-טלעך און ברעקלעך, און די גאַנצע פֿאָדלאָגע און די ווענט אַרום אים זענען פֿאַרשפּיגן.

די האָר שטעלן זיך קאַפּויר פֿון דעם העקלמאַכערס רייד. ער איז אַ שלעכטער מענטש געווען: ער האָט פֿאַרגעסן, אַז אַלטקייט מוז מען אַכטן, און בעסער זאָל שוין אַביסל ליידן די יוגנט, איידער באַליידיקן אַ זקן. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער וואָלט פֿאַרדינט אַ גרויסע מצווה, ווען ער וואָלט פֿאַר דעם אַלטן געזאָרגט און נישט געהאַלטן פֿאַר קיין גרויסע טרחה צו ברענגען

דעם זקן א ביסל וואסער, אָדער צודעקן אים גוט מיט דער קאָלדרע.

— אָבער איך ווער דאָך ביידערנאַכט דערשטיקט פונם עיפוש! -- האָט דערויף אויסגעשריגן דער העקלמאַכער.

אָך, ער איז געווען אַזאַ אכזר.

ער האָט געקאָנט שעהן נאָכאַנאַנד אָפּזיצן מיט דער טושע און שמועסן וועגן בראַמאַפּוטרען, וועגן דעם, וואָס אָט איז זי שוין געשטאָרבן, און ווי אַלע האָבן זי ליב געהאַט, בעת זי האָט געלעבט. און אָלע-דער-פּויערל, הייסט עס, איז אויך געווען א ווויילער מענטש און א צוגעלאָזענער מענטש, מער נישט דאָס, וואָס מען האָט פון אים קיין רו נישט געהאַט, ער איז געווען זייער א גרויסער כעסן. אָבער בראַמאַפּוטרע — זי איז קיינמאָל אין כעס נישט געווען, זי האָט שטענדיק גענומען מיט איר שטילקייט. אָ, זי האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט, ווען זי האָט געדאַרפט באַלוינען פאַר אמתער ליבע, אַלץ איינס פונוואַנען די דאָזיקע ליבע זאָל נישט קומען.

— ווי זשע דען, ווי זשע דען, וואָס איז דאָ צו רעדן! — האַלט די טושע אונטער, צושאָקלענדיק מיט דעם קאָלאָסאַלן קאָפּ.

— דערפאַר דאַרפן מיר זי אַכטן אפילו אין איר וואַסערדיקן קבר. — זאָגט דער העקלמאַכער.

פון דער פריינטשאַפט, וואָס עקזיסטירט צווישן זיי ביידן, האָט דער העקלמאַכער געהאַט דעם גרעסטן פּראָפיט: די טושע האָט אים געהיט, בעת ער האָט זיך געפּאָרעט מיט זיין געהיימניספולער אַרבעט אין ביר-ברויז, און איז חוזק דעם געווען דער שעיר לעזאזל פאַר אַלע זיינע וויצן און שפּאַסן. נאָר די טושע איז געווען אַזוי שטאַרק און שרעקלעך, אַז איינמאָל, ווען ער האָט געכאַפּט זיין פייניקער פאַרן האַלז, איז ביי דעם העקלמאַכער די צונג אַרויסגעקראָכן פון מויל און קרום הענגען געבליבן. און עטלעכע טעג נאָך דעם האָט ער נישט געקאָנט שלינגען קיין שפּייז, אַזוי איז ביי אים צעקאַליעטשעט געוואָרן אינעווייניק דער האַלז.

בכלל האָבן זיך אין דעם גרייסן און באַזעסענעם ישוב

גאנץ אפט געטראפן געשלעגן. סירילונד מיט אלע זיינע הייזער און שפייכלערס, וועלכע זענען געווען צעווארפן אויף גרויסע שטחים, איז דאך געווען א גאנץ שטעטל, און ס'איז גארנישט איבעריק געווען אפט ארומצוקוקן זיך און נישט זייער שנעל צו פארקירעווען זיך אויף א ראג, כדי נישט אריינצופאלן אין עפעס א געשיכטע. לאמיר נעמען כאטש אזא מענטשן ווי סווען דער וועבטער. ער האט באמת געהאט זייער א פרידלעכן כאראקטער, אבער ער איז געווען נישט טויב, נישט בלינד, און האט נישט אלעמאל אויף אלץ געקוקט דורך די פינגער. אן אנדערש מאל פלעגט ער זיך אנטרינקען שיכור, לכתחילה פלעגט ער זינגען לידער און שימן מיט פרייליכע ווערטער, און נאכדעם — אריבערגיין צו פינסטערע סטראשונקעס. די קליינע עלען, זיין ווייב, די געוועזענע שטוב-מיידל, האט דעמאלט געמוזט אינגאנצן ווידמען זיך דעם מאן, און איבערצייגן אים מיט אלערליי מיטלען, אז ער איז איר טייערער איידער אלע אנדערע אויף גאר דער וועלט. אבער פאר ווייטאכט איז געשען אזוי, אז סווען דער וועבטער האט זיך נישט באפרידיקט מיט עלענס פארזיכערונגען, און האט זיך ערשט דעמאלט בארויקט, ווען הארטוויגסען איז געקומען און האט זיך מיט אים אביסל דורכגערעדט.

אמאליקע צייטן איז סווען דער וועבטער געווען א ווילער זינגער און א טענצער, נאר איצט האט ער די גוטע שטימונג פארלוירן, און ער פלעגט אפטער שטיין און צוקוקן ווי אנדערע טאנצן, אליין נישט באטייליקנדיק זיך אין גארנישט. ער און עלען האבן געהאט א קינד. א יונגאטש מיט טונקעלע אויגן, און היות ווי ביי פאטער און מוטער זענען די אויגן געווען בלויע, איז שוין פאר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אז אינדעראמתן איז דער פאטער פונם קינד געווען מאק. א, מאק האט, מסתמא, נישט קיין ביסל קינדער געהאט אין די משפחות, וואס האבן פון אים געלעבט. ס'איז באוווסט געווען, אז ווען עס קומט די צייט, גיט ער אוים די מוטערס פון די דאזיקע קינדער, דערביי איז ער געגוג ביכולת צו פארזארגן זיי אויך אויף שפעטער. מען האט אויסגערעכנט, אז מאק האט איצט געליבטע און ניין משפחות אין סירילונד, חוץ

אַלע אַנדערע ערטער, בײַ זיך אין הויז און אין שטאָט. און איצט האָט עס געהאַלטן אַזוי ווײַט, אַז די יונגע פּעטריַ.ע, די שטוב־מײדל האָט שוין אויך גערדאַרפט חתונה האָבן, און קײן פּאַסיקערן מאַן פאַר דעם העקלמאַכער האָט זי נישט געקאָנט באַקומען.

דער העקלמאַכער! ער איז געווען מער נישט ווי אַ קלאָגע־דיקער קאָמעדיאַנט און אַ פייגל־סווישטשער, און קײן שום עכטע אַרבעט האָט ער נישט געקאָנט, דערפאַר איז ער אינגאַנצן גרייט געווען צו דינען מאַקן, וואָס מאַק זאָל אים נישט הייסן, האָט ער אַלץ געטון. און פּעטרינע איז געווען אַ מײדל, וואָס איר איז גע־גאַנגען דאָס אַכצנטע יאָר, נאָר אַ גרויסע און אַן אַנטוויקלטע פאַר אירע יאָרן, און ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף איר, ווען זי איז געגאַנגען איבערן הויף. פאַרשטייט זיך, ווײַבאלד אַז דער העקלמאַכער האָט זיך געמוזט שאַפן אַ משפּחה, איז שוין איצט טאָפּלט נויטיק געווען, אַז דער קהלשער אָרימאַן זאָל וואָס גיכער שטאַרבן און באַפרייען דאָס קעמערל. יאָ, דאָס איז געווען דער אײנציקער אויסגאַנג! זאָל זשע דער אויבערשטער וואָס גי־כער אַלעמען דערלייזן פון פרעדעריק מענזאַן!

די־אָ פראַגע טאַקע האָט האַרטוויגסען באַטראַכט מיט סווען דעם וועכטער, און איך בין געקומען לויט האַרטוויגסענס אײנלאַ־דונג צוזאַמען מיט אים און זיך אויך דערבײַ. סווען האָט ווידער באַקומען אַ מענטשלעכע געשטאַלט נאָך דער שיכּרות, און האָט בלויז צײַטנווײַז אַרויסגעברומט אַ קללה. האַרטוויגסען קאָווירט ניט, נאָר ער זאָגט צו נויטן מאַקן, ער זאָל ענדערן זײַן ווילדן אַרט לעבן.

—איך וועל עס מער ניט דערלאָזן, — זאָגט ער — איך בין דער אײנציקער מענטש, וואָס קאָן אים אַרײַננעמען אין די הענט. איך קאָן עס יעדן טאָג און יעדע שעה טון, און וועל עס טון.

—און איר וועט פאַרדינען אַ מצווה, — ענטפערט סווען דער וועכטער — אונזערע ווײַבער האָבן פשוט קײן רו נישט. אָט קומט אָן ווײַנאַכט. און ס׳וועלן זיך ווידער אָנהייבן די אונטערזוכונגען. דאָס איז דאָך פונקט ווי אַ מין שטייער.

האַרטוויגסען ענטפערט:

— ס'וועט זיין אזוי, ווי איך און ב. הארטוויטש האָבן וועגן דעם ענין באשלאָסן, ס'הייסט, צי עס זאָל זיין די אונטערזוכונג, צי נישט.

הארטוויגסען איז נישט געווען געבראָכן פון דעם שיף-אונטער-גאנג און פון דעם גרויסן היזק. אדרבא, ער האָט זיך נאָך מער געבלאָזן און בארימט מיט זיין מעכטיקייט. ער האָט שוין איצט במעט באשלאָסן צו מאכן עסקים פריוואַט, חוץ דער פירמע, און צו ווינטער-צו קויפן זיך א דאמפער. דערביי האָט ער ניט גע-וואָלט מער שיקן קיין שטאָק-פיש אין בערגען, נאָר דירעקט אין שפאניע, כדי פאראמאָל צו פארנעמען אן אָרט צווישן די ערשט-ראנגיקע סוחרים אין בערגען! קעגן מאקן האָט ער געטראָגן א שטארקן ברוגז אין הארצן און האָט זיבער נאָר געוואַרט אויף א געלעגנהייט אָפצורעכענען זיך מיט אים פאר דעם שיף-אונטערגאנג. אזוי האָט מיר אויסגעוויזן.—„ווי זאָל איך אים נישט אָפדאנקען!" — האָט ער געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ אויף זיינע אייגענע גע-דאנקען. מיך האָט ער ווידער גענומען בעטן, איך זאָל מיך צו אים איבערקלויבן און ווערן מאַרטעס לערער. אים האָט עס אויס-געוויזן פשוט ווי א דערנידערונג, וואָס אין סירילונד איז פאראן א הויזלערער, און ביי אים — נישט.

— מען קאָן באמת מיינען, אז ביי מיר קלעקן נישט קיין מיט-לען צו האַלטן א לערער אין שטוב, — האָט ער געזאָגט — און וואָס נוגע געהאַלט, קאָנט איר פון דערזעלביקער האנט מיינער באקומען כאָטש צוויי מאָל מער! לאָמיר אריינגיין צו מיר, מיין פרוי וועט מיט אייך רעדן וועגן דעם.

ווען מיר זענען שוין אָפגעגאנגען א טייל פונם וועג, האָט זיך הארטוויגסען דערמאנט, אז ער האָט נאָך אן עסק אין סירי-לונד, און האָט מיך געלאָזן גיין אליין. יאָ, ביי הארטוויגסענען האָבן זיך ווידער געפונען עפּעס עסקים אין סירילונד, עסקים מיט דער באראָנעסע עדווארדע. זי האָט זיך געלאנגווייליקט אויף טויט, און איר איז נויטיק געווען צו האָבן א לעבעדיקע נשמה, וואָס זי זאָל פייניקן. זי האָט הארטוויגסענען דערציילט די געשיכטע מיט ליי-טענאנט גלאן, און איצט האָט זי געארבעט, כדי אים אליין אראָפּ,

צופירן פון חעג. ראָזע האָט זיך דערצו באַצויגן רויק. זי האָט זיך אויסגעהיילט פון איר אייפערזוכט, און דאָס איז איר איצט ניט געלעגן אין זינען.

איך האָב זי ניט דערוויסט אינם זאַל. „זי איז אוודאי אַוועק ערגעץ מיט מאַרטען", — האָב איך אַ טראַכט געטון. נאָר כדי דאָס זאָל ניט האָבן אַ פּנים, פּלומרשט איך האָב מיך בכּיוון אַריינגע־גנבעט צו איר אין הויז, ווען דער מאַן איז ניטאָ, האָב איך אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּירל, אַז האַרטוויגסען אַליין האָט מיך גע־בעטן אַריינגיין. דאַן האָב איך דערהערט ראָזעס און מאַרטעס טריט אויף די טרעפּ. זיי זענען ביידע אַראָפּגעגאַנגען פון אויבן. ראָזע האָט זיך אַ פאַרוואונדערטע אָפּגעשטעלט אויפן שוועל. זי האָט געזאָגט אַ צעמישטע:

— מיר זענען געזעסן אויבן און האָבן געלערנט. ס'הייסט, אייגנטלעך, איז עס גאָרנישט קיין לערנען, נאָר פונדעסטוועגן...

וואָס איז זי אַזוי צעמישט געוואָרן? ראָזע האָט באַקומען אַן אויסגעצייכנטע בילדונג און האָט זיך פיל געלערנט. פאַרוואָס זשע זאָל זי נישט לערנען מאַרטען לייענען און שרייבן?

איר צעמישטקייט האָט זיכער געשטאַמט, אפשר, פון איר לאַגע, און דאָס איז געווען רירנד און פיין. איך האָב זי קיינמאָל נישט געזען אַזאַ צעווירבלטע, אַזאַ געבענטשט־שיינע.

— דו קאָנסט איצט גיין אין סירילונד, — האָט זי געזאָגט צו דעם מיידל — בענאָני איז ביי סחען דעם חעבטער. איר האָט אים דאָרט נישט געזען?

— ווי דען, איך האָב מיך ווייטער אַהער אַריינגעגנבעט בכּיוון, כדי צו דערוויסן אייך אַליין.

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. נאָר מיר האָט אויסגע־וויזן, אַז דאָס איז איר שוין גאָרנישט אַזוי דערווידער. זי האָט אַ שוואַכן שמייכל געטון. איך האָב ווייטער גערעדט אין דעם זעלבן טאָן און געטראַכט: „אָט אַזוי וואָלט זיך געפירט מונקען ווענדט!"

— איך קום אַהער, ווייל אַהער ציט מיך אַן אַ שיעור, — האָב איך געזאָגט — איך האָב שוין באַלד גאָר מער קיין כּוח נישט.

— איך בין אַ חתונה־געהאַטע פרוי. — האָט זי געענטפערט.

— אָבער איך האָב אייך געזען אַ לאַנגע צייט פריער ווי איר האָט חתונה געהאַט, און פון ערשטן טאָג אָן האָב איך שוין געהערט צו אייך.

אָ! איך האָב נישט פאַרגעסן, ווי זי האָט אויף מיר אַ בליק געטון מיט נייגיריקייט און מיט פרייד צוזאַמען. איך ווייס, איבע־ריקנס, נישט; ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען מער נישט ווי ניי־גיריקייט.

— אָבער, גאָט מיינער, איך קאָן דאָך נישט געהערן צו אייך, — האָט זי אויסגעשריגן — איך פאַרשטיי נישט, וואָס ווילט איר פון מיר!

— וואָס וויל איך? וואָס וויל מען בכלל? איר זענט אַ שטיין, צי אַ מענטש? איך האָב מיך אויסגעמאַטערט פון די דאָזיקע קאָ־מעדיעס און פאַקוסן. איך בין געקומען מאַכן דערצו אַ סוף. טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט!

אַך, ס'אַרא שוטה איך בין! מיר האָט ווידער אויסגעוויזן, אַז זי האָט זיך אַביסל דערפרייט, דערזעענדיק פון מיר אַזויפיל אנטשלאָסנקייט און היץ. אירע ליפּן האָבן גענומען ציטערן, גלייך ווי איך וואָלט זי טיף אָנגערירט. דאַן האָט זי באַמערקט אויפן טיש דאָס פּאַפּירל און האָט איבערגעלייענט מיין אנטשולדיקונג, וואָס איך בין געקימען. איר איז, אפנים, תיכּף קלאָר געוואָרן, אַז איך בין גאָרנישט אַזוי חוצפּהדיק און היציק, ווי ס'האָט זיך גע־דאַכט.

— אַזוי? האָט עס אייך בענאָני געבעטן אריינגיין! — האָט זי געזאָגט — איך האָב טאַקע אַזוי געמיינט.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט, נאָר איך האָב נישט גע־וואָלט מינערן מיין היציקייט. דאָס האָט זיך דאָך אָנגעהויבן אַזוי גוט. איך האָב מיך אַוועקגעשטעלט פאַר איר, אַ בליק געטון און פּלוצלינג געזאָגט:

— אַי־אַי־אַי!

דעמאָלט האָט זי אויך אויף מיר אַ קוק געטון און גענומען שטיל לאַכן. זי האָט דורכן געלעכטער געפרעגט:

— וואָס איז מיט אייך, באַרויקט זיך!

דאָס האַרץ איז ביי מיר געשפּרונגען אַרויף און אַראָפּ. איך האָב אין זיך געפילט אַ גרויסן שרעק, ווען איך בין צו איר צוגעגאַנגען אויף אַ טריט נענטער און האָב זי פּלוצלינג אַרומגענומען. איך האָב אינגאַנצן געציטערט און גאָרנישט נישט גערעדט, נאָר געצויגן זיך מיט מיין קאָפּ צו איר קאָפּ, צו איר האַלז און אַקסלען. דאָס האָט געדויערט אינגאַנצן איין כהרף-עין. איר איז זייער לייכט געווען צו באַפרייען זיך פון מיינע הענט, און זי האָט מיר פּלוצלינג מיט דער גאַנצער האַנט דערלאַנגט אַ פּאַטש איבערן אויער. אין קאָפּ האָט זיך ביי מיר פּונקט ווי אַ ראָד אָנגעהויבן צו דרייען, און איך בין וואַקלענדיק זיך געפאַלן אויף אַ שטול.

אַ פּאַטש?

אָרעמע ראָזע! זי האָט זיך נעבעך אַליין פאַרשאַפט אַזוי פיל מי, צו טרייסטן מיך און צו פאַרגלעטן די זאַך. איך בין ביסלעכווייז קוים-קוים געקומען צו זיך. זי האָט מיך אַלץ איינגערעדט און שטיל געלאַכט און פאַרוואָרפן מיט פראַגן:

— וואָס איז עס אייך געקומען אויפן זינען? און ווו האָט איר זיך אַזוינס אויסגעלערנט? האָט איר ווען געהערט אַזוינס? טאָ זעט זשע, וואַרפט עס אַרויס פון קאָפּ!

ווען עס איז ביי מיר אין קאָפּ געוואָרן קלערער, איז אויף מיר צוריק אָנגעפאַלן מיין קלאָגעדיקע הכנעה און עניוות. ניין, מונקען וועגדטס מעטאָדן האָבן פאַר מיר נישט געטויגט. איך האָב אַן אַנדער טבע. ער קאָן אַרומנעמען יעדע איינציקע, וועמען ער וויל, אָ, ער האָט געהאַט די פּריווילעגיע צו דערלויבן זיך די סאַמע ווילדסטע זאַכן, און תיכּף אויפן אָרט זאָל מען אים מוחל זיין.

צווישן ראָזען מיט מיר איז ביסלעכווייז געוואָרן דאָס זעלביקע וואָס פריער. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט און ווידער גענומען רעדן צו מיר מיט פולן צוטרויען און האָט געפרעגט:

— איר זענט דאָס לעצטע מאָל אויך געווען גאָר אַן אַנדערער, אַזאַ האַסטיקער. איר געדענקט?

— דאָס איז, מסתמא, געווען אַזוי זיך, אַ צופעליקייט. — האָב איך געענטפערט אויסהייבנדיק.

- פאַרוואָס קומט איר איצט אַזוי זעלטן אַריין צו אונז? איך און בענאָני רעדן זייער אָפט וועגן דעם.

איך בין שוין ווידער געוואָרן אַזוי שטיל ווי אַ שעפעלע און האָב געענטפערט ווי פריער מיט טרויער:

— אָט קום איך דאָך, אַ דאַנק, איך קום שטענדיק. נאָר אפשר איז אייך בעסער, אַז איך זאָל נישט קומען. אַזוי לפּחות ווייזט מיר אויס: איר לעבט זיך, און אייך איז גוט, און אַז איך וועל קומען וועט איר מיר אָנהויבן דערציילן אַלערליי אַלטע געשיכטעס און נעמען טרויערן. בעסער, אַז איך זאָל מיך האַלטן האָס ווייטער פון אייך, ווייסנדיק, אַז אייך איז גוט.

אָבער שפּעטער האָב איך פונדעסטוועגן באַשלאָסן אויסצופּרוּוון מונקען וועגן דעם סיסטעם נאָכאַמאָל איידער איך וועל מיך איינגאַנצן אונטערגעבן; מחמת אין אָנהויב איז דאָך אַלץ געגאַנגען אַזוי גוט!

# XXIII

פאַר דער באַראָנעסע איז ווידער מער גאָרנישט געבליבן, ווי אַריינלאָזן זיך אין פרומקייט. זי איז געווען אַזאַ צעדרייטע און אומגליקלעכע! דער שפּיל מיט האַרטוויגסענען האָט זי באַפרידיקט נישט מער ווי אַ וואָך לערך, אָדער צוויי. און דעם שפּיל גופא איז נישט געווען קיין עכטער, נאָר אַזוי זיך, אַבי די צייט צו פאַרטרייבן. האַרטוויגסען האָט קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען פון דעם, וואָס זי האָט גערעדט.

נאָכדעם האָט זי געהייסן פאַרברענען דעם פאָטערס באָדפערענע. יאָ, דאָס איז געווען דער באַראָנעסעס אויפטו, און אויסגעפירט די זאַך האָט יענס-דער-פאָטערל, איר געטרייער קנעכט. יענס-דער-פאָטערל האָט עס אָפגעטון קלוג: ער האָט זיך דערוואַרט ביז אַ לבנה-נאַכט, ווען די פערענע האָט זיך געטריקנט אין

דער ביר-ברויז, און האָט דורך דעם קוימען ארייננעוואָרפן א שטיק ברענענדיקן פעך. די פעדערן האָבן זיך אָנגעצונדן און די פערענע איז אין איין פהרף-עין פארברענט געוואָרן. און דערווייל איז דער לאַנגפיסיקער יענס-דער-פּאָטערל פלינק אראָפּגעשפּרונגען פון דאַך און האָט זיך שוין געפונען הינטער דעם שכנישן הויז. איך האָב דאָס אַלץ צוגעזען דורך מיין פענסטער.

יאָ, איך בין געווען דער עדות פון דעם אַלעמען, ווייל איך בין געשטאַנען ביי מיין פענסטער און האָב עס אלץ צוגעזען. די באַראָנעסע האָט פון מיר נישט פארהוילן, וואָס עס האָט גע- זאָלט פּאַרקומען. זי איז אָפן און ערלעך געגאַנגען קעגן פּאָטער, וועלכער האָט זיך דערלויבט אין שטוב אַזאַ אומאָנשטענדיקע קאָ- מעדיע מיט די וואַנעס און מיט די מיידלעך. מיר האָט זי דער- ציילט וועגן איר אונטערנעמונג, לחלוטין נישט פארפליכטנדיק מיך צו האַלטן מויל. מ'מוז זיך מודה זיין, אז איך האָב איר צוטרויען אָפּגעשאַצט, און בין ביזן סוף געבליבן שטום ווי דער קבר. די באַראָנעסע האָט אויף מיר געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק מיט דער דאָזיקער איידלקייט. יאָ, זי איז געווען אַן אומגעוויינלעכע און א באַגאַבטע פרוי.

אָבער מאַק, דער דאָזיקער אַלמעכטיקער הערשער, וואָלט נישט ווערט געווען צו זיין דער באַראָנעסעס פּאָטער און דער גרויסער פריץ, ווען ער וואָלט עס אַלץ אַזוי איבערגעלאָזן. ווען דער העקלמאַכער איז געקומען און האָט אים געמאָלדן וועגן דעם, וואָס עס איז געשען, האָט מאַק תיכף ומיד געלאָזן וויסן אויף דער גאַנצער סביבה, אז ער קויפט אויף פוך און פעדערן צו הויכע פרייזן. מען האָט געשמועסט, אז איינמאָל זאָל ער שוין בלומרשט האָבן זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיקן מיטל, כדי איינצו- שאַפן זיך א נייע באָד-פערענע צו וויינאַכט, איז קיין פּאָר טאָג נישט אריבער, ווי סירילונד איז געוואָרן פול מיט דינעם פוך, וואָס מען האָט אָנגעבראַכט פון די הייזער. ווו עס האָבן געוווינט די זאַמלער פון אייער און פון פוך אין די פיאָרדן.

בכן איז אינגאַנצן אומזיסט געווען, וואָס מען האָט פארברענט מאַקס פערענע.

אָבער די באַראָנעסע איז געווען אַ גרייליכע עקשנטע, און חוץ דעם שוין זינט אַ היפּשער צייט אַ צדיקת, זי האָט זיך מיט דעם גאַנצן האַרצן אַוועקגעשטעלט דעם ציל אַ סוף צו מאַכן מיט די ווײַנאַכטיקע שטיק פון איר פאָטער. דערמאָנענדיק וועגן די אונטערזוכונגען, האָט זי תיכּף שטאַרק פאַרדריקט די ליפּן און פּיל-באַדײַטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. די דאָזיקע אונטערזוכונגען זענען באַשטאַנען אין דעם, וואָס די סירילונדער פרויען פלעגן אויף ניטול צו דער סעודה באַהאַלטן בײַ זיך ווער אַ זילבערנעם גאָפּל, ווער אַ לעפל, וועלכע זיי פלעגן שפּעטער פּערזענלעך מוזן אָפּגעבן מאַקן אויבן אין זײַן שלאָפצימער. אָ, ווי מאַק פלעגט אָפּזוכן זײַנע גאָפּל און לעפל! ער האָט, אַפּנים, אין דער הינזיכט קיין שום רחמנות נישט געהאַט. אין אַזאַ אָוונט פלעגן בײַ אים איבערזײַן, אפשר, ניט ווייניקער ווי זעקס פרויען איינע נאָך דער אַנדערער. דאָס איז געווען אַ ווילדער און אַ צעלאָזענער מענטש. נאָר מיך האָט מער פאַר אַלץ געוווּנדערט די אָרדנונג און די געהאָרכזאַמקייט, אין וועלכע ער האָט געקאָנט האַלטן די אַלע ווײַבער און מיידלעך, די עדות פון זײַן אויפפירונג. אַ גאַנץ קײַלעכיק יאָר האָט מען פון זיי ניט געהערט קיין קרום וואָרט קעגן אים, אפילו פאַרקערט—מען האָט צו אים געהאַט דעם גרעסטן דרך-ארץ. מסתמא האָט ער געוווּסט בעסער פאַר אַלעמען דעם קונץ, ווי צו הערשן איבער מענטשן, און האָט געוווּסט ווי דעם קונץ אויסצונוצן. פאַר מיר איז דאָס געווען דאָס גרעסטע רעטעניש.

די צײַט האָט זיך שנעל דערנענטערט צו ווײַנאַכט. קיין סירילונד האָבן געצויגן מאַסן מענטשן פוסגייער און אויף פערד. די קלייט, די לאַגערס און די קעלערן זענען אין משך פון טאָג קיין רגע ליידיק ניט געבליבן. און איך האָב באַקומען פון ראָזעס עלטערן, פון דעם פּאַסטאָר מיט דער פּאַסטאָרין פון דער שבֿנישער פּאַראַפיע, אַן איינלאַדונג צו פאַרברענגען בײַ זיי די חגאות. זיי זענען געווען אַזוי אײַנזאַם, ס'וואָלט פאַר זיי זײַן אַ גרויסער פאַרגעניגן, ווען איך וואָלט מסכים געווען. ווען איך האָב וועגן דעם געמאָלדן דער באַראָנעסע און מאַקן, האָבן זיי ביידע

געזאָגט, אז געווים איז זיי א שאָד, וואָס איך וועל פעלן, נאָר איך דאַרף דעם פאַסטאָר באַרפוד און זיין פרוי טון דאָס פאַר־געניגן. שפּעטער האָב איך מיך דורכגערעדט מיט ראָזען, און זי האָט מיך אויך געבעטן גיין. דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן, אז איך וועל מיך לאָזן אין וועג אַריין ערב ניטול אינדערפרי, און כ'וועל גיין דורכן קהלשן וואַלד.

דערווייל האָט זיך, אַפּנים, גאָט דערמאָנט אָן פרעדעריק מענזאן און ס'האָט אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט אים וועלן דערלייזן פון די קייטן, וואָס בינדן אים צו צום לעבן: זיין מאָגן, וועלכער האָט ביז איצט אַלץ איבערגעטראָגן, האָט זיך ענטזאָגט צו רינען, און ער איז געוואָרן א חולה מסוכן. זיין טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר דעם אונטער-מילנער, זייער א געשיקט און ליב ווייבל, איז געקומען צו דעם טויטן-בעט פון איר פאָטער, און איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן די גאַנצע נאַכט. אָבער זי האָט אליין געהאַט קליינע קינדער, און האָט נישט געקאָנט אויף לאַנג פאַר־לאָזן די שטוב. ווען זי איז אַוועק אַהיים, האָט מען דעם העקל־מאַכער געהייסן בייטן דעם חולה די הייסע טיכער, האָט ער דאָ אָנגעטון אַזעלכע צרות, אז א שרעק. אין א טאָג צוויי אַרום איז געוואָרן באַוווּסט, אז דער העקלמאַכער האָט אין די טיכער פאַר די קאָמפּרעסן אַריינגעלייגט שטיקלעך אייז. דאָס איז נאָך קנאַפּ: ער האָט דעם חולה פלייסיק איינגעריבן דעם בויך מיט צעמאָלע־נעם אייז. דערפון איז דעם חולה געוואָרן אַלץ ערגער און ער־גער. עס האָט אים אָנגעכאַפּט א קאַלט ציטערניש, אז עס האָט אים געשליידערט אין דער הויך, און דאָס מויל האָט זיך אים פאַרקרומט אויף א זייט שיר נישט ביז דעם אויער. דער פעסטער זקן האָט זיכער קיינמאָל אין לעבן אַזוי שטאַרק נישט געקרענקט. ער האָט לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס טוט זיך מיט אים, און האָט געשריגן מיט די לעצטע כוחות. דערצו האָט ער גלייך ווי אויף צו להכעיס זיך דערמאָנט, אַפּנים, וואָס ער פלעגט טון, בשעת ער האָט נאָך געלעבט מיט א באַוווּסטזיניקן לעבן, אויב עס האָט מיט אים געשען עפּעס אַן אומאָנגענעמע זאַך: ער האָט געשאָטן מיט שרעקלעכע קללות און חרמות און געשפּיגן, ווהין

גאָר ער האָט געקאָנט טרעפן, ס'איז געווען שרעקלעך צו הערן און צו זען דאָס אַלץ, און ערשט, ווען דער ווייטיק איז שוואַכער געוואָרן און האָט אים אַביסל אָפּגעלאָזן, האָט דער זקן ווידער געבורטשעט זיין טו־טו־טו. דעמאָלט פלעגט דעם העקלמאַכער ווערן אַזוי שווער אויפן הארצן, אַז ער פלעגט אַרויסלויפן פונם קעמערל. יאָ, ער האָט כסדר פאַרגעסן, אַז מען מוז זקנים ערן און הערן.

אָבער דער גוטער פרעדעריק מענזאַ האָט זיך אויך דאָסמאָל נישט אונטערגעגעבן. מען האָט דעם העקלמאַכער געכאַפּט ביי זיין מיאוסער אַרבעט, און באַזייטיקט פון צו גיין אַרום דעם חולה. מען האָט אים געפרעגט, צי דען האָט ער טאַקע געוואָלט טויטן דעם חולה.

– ניין, גאָר אַ נייס, – האָט ער געענטפערט – אין אונזער קאַנט רייבט מען שטענדיק איין מיט צעמאָלטן אייז, ווען עס טוט ווי דער בויך.

אַז די באַראָנעסע האָט זיך דערפון דערוווּסט, איז זי געוואָרן נאָך פרומער, און האָט אַוועקגעשטעלט יענס־דעם־פּאָטערל היטן דעם חולה. דאָס איז באמת געווען זייער פיין מצד דער באַראָנעסע.

און פרעדעריק מענזאַן איז טאַקע ווידער בעסער געוואָרן. דער גורל האָט אים געבענטשט מיט אַזאַ וווּנדערלעכער קראַפט און מיט אַזעלכע געזונטע אינעווייניקסטע איברים. פון יענס־דעבּ־פּאָטערלס השגחה האָט ער צוריק גענומען בליען, ווי פריער, און ער איז זיך געלעגן, אמת, אַ טעמפּזיניקער, אָבער אַ דאַנק דעם אויבערשטן, אַ געזונטער בנוגע שלאָף און דערנערונג. און דעם אמת זאָגנדיק, פאַר אונז אַלעמען איז עס געווען אַ גרויסע פרייד צו טראַכטן, אַז פרעדעריק מענזאַ ליגט זיך דאָרט און אָטעמט. און ווען מיר האָבן אים וועגן עפּעס געפרעגט, האָט ער ווי פרי־ער לעבעדיק און דייטלעך גערעדט: „טו־טו־טו – דאָס איז געווען גאָר זיין ענטפער.

בכן דאַרף איך מיך מאָרגן אַוועקלאָזן אין וועג אַריין. די ווייניאַכט מתנות האָב איך שוין באַקומען פריער. צווישן זיי האָבן

זיך געפונען פיל פיינע און נוצלעכע זאכן, סיי פון בײדע מיידלעך, סיי פון זייער מוטער און פון מאַקן גופא. איצט וועל איך מיך נאָר דורכגיין אַביסל צום האפן, איידער איך וועל מיך לייגן שלאָפן. און ס׳וועט קיין שלעכטס נישט אַרויסקומען דערפון, וואָס איך וועל דערביי פון ווייטן אַ שאָקל טון מיטן קאָפּ צו ראָזעס הויז. אמת, מאָרגן וועל איך מוזן דורכגיין איבער דעם זעלביקן וועג, אָבער מיר ווילט זיך נאָך היינט אָפּשיקן אַ קליינינקן גרוס:

„אַ גוטע נאַכט! זיי געבענטשט פון גאָט!"

איך כאַפּ מיך אויף גאַנץ פרי, צינד אָן פייער און טו מיך אָן. עס שטייט מיר פאָר אַ ווייטער וועג, און איך ווִיל באַצייטנס אָנקומען אויפן אָרט. איך בייס צו, גיב מיך איבער אין גאָטס הענט און גיי אַרויס. נעבן ראָזעס הויז פאַרנויג איך מיך ווידער און ווינטש אַלעמען, וואָס געפינען זיך אין אים, אַ גליקלעכן יום-טוב.

דער זון-אויפגאַנג איז געווען אַ פאַרוואָלקנטער. דער הימל פאַרנעפּלט, און אפילו אַ שנייעלע האָט אַרומגעפלאַטערט. דער וועג איז פונדעסטוועגן געווען אַ גוטער, הגם מען איז איבער אים גאָרנישט געפאָרן. איך האָב באַקומען גענויע אָנווייזונגען מכּוח דעם וועג, אַזוי אַז פאַרבלאָנדזען האָב איך נישט געקאָנט. אגב, האָט ס׳דאָזיקע שטעגעלע ערגעץ אַנדערש אויסער איבער די בערג נישט געקאָנט ברענגען. אָפּגעגאַנגען אַביסל איבער דעם קהלשן וואַלד, האָב איך דערהערט אַ קלאַנג פון שטימען און דערזען אַ גרופּע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען צוזאַמען: דאָ איז געווען האַרטוויגסען און סווען-דער-וועכטער מיט צוויי אַנדערע מאַנסביל, זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט קירקעס און גראָבאייזנס, און אַלע צוזאַמען האָבן געגראָבן אַ גרויסן גרוב.

האַרטוויגסען האָט צו מיר נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און גענומען קאָמאַנדירן:

— גראָבט זשע, קינדער, דעם גרוב. ער דאַרף זיין פיר איילן אין דער לענג און דריי אין דער ברייט. איך וועל נאָר גיין באַגלייטן אַביסל דעם סטודענט.

— וועמען וועט מען דאָ מקבר זיין? — האָב איך געפרעגט

אַביסל מיט אַ געלעכטער. — ס'ווייזט אויס, אַז דאָס גראָבט מען אַ קבר פֿאַר צווייען.

אָבער האַרטוויגסען האָט געהאַט אַ פֿייערלעכן אויסזען און האָט נישט געשמייכלט.

— יאָ, איך זאָג אייך, ס'איז באמת אַ קבר, און נאָך וואָס פֿאַר אַ קבר! — האָט ער געענטפֿערט. — דאָ וועט מען מקבר זיין מאַקס וואַנע און מיט דער פֿערענע צוזאַמען!

— וואָס רעדט איר!

האַרטוויגסען האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— און נישטאָ דאָ קיינער, וואָס זאָל אים אַזוי קאָנען אַריינ-נעמען אין די הענט ווי איך.

„אַפּנים, אַז האַרטוויגסען וויל זיך אָפּרעכענען מיט זיין שותּף פֿאַר דער שיף-קאַטאַסטראָפֿע, — האָב איך אַ טראַכט געטון — נו. האָט ער זיך איצט דערוואַרט אויף אַ פּאַסיקן צופֿאַל!" אָ, האַרט-וויגסען האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פֿאַרגעסן, ווי מען האָט אים פֿאַרפֿירט אין אַ בלאָטע מיט דער פֿאַרזיכערונג פֿון זיין אייגענער שיף. האָט ער מיט זיך גענומען אין וואַלד אַריין דריי מענטשן, וואָס אַלע זענען זיי פֿאַראינטערעסירט אין דעם, אַז מען זאָל מאַקס וואַנע באַגראָבן אין דער ערד. דאָ זענען געווען: סווען דער וועכטער, דער שמיד און דער באַנדער. נאָר מען וואָלט גע-קאָנט געפֿינען נאָך אַ האַלבן טוץ אָדער אַ טוץ ווייבערשע מע-נער, וואָס וואָלטן מיט חשק געאַרבעט ביי אַזאַ קבורה.

— און מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן? — האָב איך גע-זאָגט, טראַכטנדיק וועגן דעם, אַז מאַק וועט אַלע מאָל געפֿינען אַן אויסגאַנג.

נאָר האַרטוויגסען אַליין איז געווען נישט זיכער: ער האָט בכלל נישט אויסגעצויגן די ברוסט פֿאָרויס, רעדנדיק: „איך נעם די אחריות אויף זיך!" — פֿאַרקערט: ער האָט גענומען אויסטענהן זיך און פֿרעגן מיך, ווי מיין איך? אַט האָט ער איצט געמאָלדן וועגן פֿוך און פֿעדערן. די פּרייזן האָבן זיך געהויבן. דעם עולם לוינט בעסער אוועקצוואַרפֿן די אַרבעט און אַ לאָז טון זיך צו-די ברעגן יאָגן זיך נאָך די פֿייגל. וואָס האָט עס פֿאַראַ פּנים? אַט

קומט אָן ניטל. די מענער װעלן זיך אָנשיכורן, און די װײַבער װעלן נאָך דער רײ שלעפן זיך ארויף צו מאקן אין צימער.

— די גאנצע פראגע איז, װי װעט זיך מאק באַציִען דערצו, װאָס די װאגע איז נעלם געװאָרן. — האָב איך געזאָגט.

האַרטװיגסען איז געװאָרן אַלץ ערנסטער און פארטראכטער, װײַל מאק איז בלי ספק געװען א פּערזאָן א בכבודיקע.

— די מעשה איז, װאָס נישט איך אליין בין פארמישט אין דער דאָזיקער קבורה, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, — האָט האַרטװיגסען געזאָגט — עדװארדע איז די גאנצע צייט געװען מיט מיר פאר איינס, און איך װאָלט אפילו געזאָגט, אז זי האָט עס אָפּגעטון דעם גאנצן ענין.

דעמאָלט האָט זיך מיר געװאונען דאכטן, אז די זאך איז גאָרנישט אזא רײזיקאַלישע. בײַ דער באַראָנעסע איז די האַנט א פעסטע. זי פּלעגט אמאָל אויך צעשטערן דעם פאָטערס אלע חשבונות.

— אויב אַזוי, װעט אַלץ גוט זײַן. — האָב איך געמאָלדן.

— איר פארשטייט דאָך, — האָט האַרטװיגסען געזאָגט אביסל פעסטער בײַ זיך — אַנדערש װאָלטן מיר דאָך אפילו די װאגע נישט געקאָנט באקומען, סײַדן מיט איר הילף. זי האָט עס אָפּגעשיקט די דינערשאפט פון שטוב. און איך װיל נאָר זאָגן, אז עס באַפּט פּשוט אָן א מורא צו קוקן, װי זי איז פארחושבט און אײַבערגעגעבן צו דער רעליגיע. מען דארף זײַן א שטיין, נישט צו װעלן העלפן איר אין דעם ענין.

דער באַנדער איז צו אונז צוגעגאנגען און האָט פײַערלעך געמאָלדן:

— שוין אַלץ פארטיק!

דעמאָלט זענען מיר צוגעגאנגען צו דעם קבר. די מענטשן האָבן געבראַכט צו טראָגן די װאגע, װעלכע איז געװען באַהאַלטן צװישן די קוסטעס, און האָבן זי פארזיכטיק אראָפּגעלאָזן אין גרוב צוזאמען מיט דער פערענע און מיט דעם קישן. פון אויבן איז עס אַלץ געװען אײַנגעדעקט מיט זעק, עס זאָל זיך נישט פארשמוצן.

און אָט איז געשטאַנען די דאָזיקע צינק-וואַנע, די שרעקלע-כע בעט פאַר דרייען, און האָט געוואַרט אויף איר קבורה. דער שמיד האָט זי אַליין געמאַכט און צונויפגעניטעוועט פון שווערע און דיקע בויגנס בלעך. די פערענע איז געווען אין אַ ציכל פון רויטן זייד.

— נאָך איין קליינער קורצער אויגנבליק, און נישטאָ מער די וואַנע! — האָט האַרטוויגסען געזאָגט ערנסט, נישט וועלנדיק שפּאַסן ביי דעם אָפענעם קבר. — נעמט זיך צו דער אַרבעט, קינדער!

און דער שמיד מיט דעם באַנדער האָבן גענומען פאַרשיטן דעם קבר.

איך האָב מיך געזעגנט און בין אַוועק ווייטער מיין וועג. דער שניי איז אַביסל שטאַרקער געוואָרן, די סטעזשקע — גליטשי-קער, אָבער איך האָב מיך מיט גאָטס הילף דערשלעפּט צו דער שטוב אין קירך-הויף פיל פריער, פאַרן זון-אונטערגאַנג. מען האָט מיך באַגעגנט מיט דער גרעסטער פרייד.

די גאַנצע ווייַנאַכט-חגא האָב איך דאָרט פאַרבראַכט. ס'איז גאָרנישט פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס זאָל כדאי זיין צו באַשרייבן, חוץ אפשר מיינע געדאַנקען און געפילן, וואָס האָבן אויף מיר אַ שטראָם געטון אין דער דאָזיקער אָנגענעמער שטוב. איך האָב גע-זען זאַכן, וואָס ראָזע האָט אויסגענייט אָדער אויסגעשטריקט, איך האָב געפילט דעם פלאַטער פון איר גייסט אַרום זיך דאָ, ווי עס זענען פאַרלאָפן אַזויפיל יאָרן פון איר לעבן. יאָ, עס האָט אין מיר געשטורעמט אַן אומרויקייט אין די דאָזיקע טעג, און איך האָב פיל געוויינט. ווען איך האָב געפונען ביכער אָדער נאָטן, אויף וועלכע ראָזע האָט אויפגעשריבן איר נאָמען, האָב איך גע-מוזט אָנטון איבער זיך אַ כוח, איך זאָל מיך נישט אַרויסגעבן, און כ'האָב נישט געקאָנט דורכגיין די טרעפ אָדער דעם וועג, איך זאָל נישט טראַכטן: „ראָזע איז אויך דאָ געגאַנגען". דער פּאַסטאָר און די פּאַסטאָרין האָבן זיך פיל נאָכגעפרעגט ביי מיר אויף דער טאָכטער, צי זי איז געזונט, צי זי איז פריילעך און צי לעבט זיך איר גוט. — ס'קאָן בעסער נישט זיין!" — האָב איך געענטפערט. ס'איז זיך מיאוס מודה צו זיין, אָבער ס'קאָן דאָך זיין, אַז איך

האָב געזאָגט דידאַזיקע ווילדע מענטשן אַ ליגן, מחמת ראָזע האָט זיבער געטראָגן אַ היפּש ביסל צער אין הארצן.

פּאסטאָר בארפוד איז געווען אַ קונציקער פּרעדיקער, און זיין קירך פלעגט אום חגא זיין פול מיט עולם. אָבער דער בעסטער צייט־פארטרייב איז ביי אים געווען ארומצוהאַנדערן איבער די וועלדער און די פעלדער, קוקן אויף אַלץ, וואָס עס טוט זיך ארום, און טראַכטן וועגן יעדער זאַך. ער האָט זיך אַליין מודה געווען, אַז מער ווי אומעטום פילט ער זיך נאָענט צו גאָט אין וואַלד. ער איז נישט געווען קיין פרומער מענטש אין אַ געוויסן זין פון דעם וואָרט, דערפאַר אַ גוטער און אַ געניטער; ער האָט געלייענט דייטש און פראנצויזיש און געהאַט פיל קענטעניש.

היות ווי מען האָט ביז ניי־יאָר נישט געקאָנט גיין אויף דער יאַגד, פלעגן מיר צוזאמען מיט דער פּאסטאָר־פּאָר אָפּזיצן יעדן טאָג שעהן נאָכאַנאַנד און פארברענגען אין שמועסן וועגן פארשי־דענע זאַכן. דעם פּאסטאָרס ווייב פלעגט דעמאָלט זיצן לעבן אַ קאָרטן־טישל אויסלייגן פּאַסיאַנסן. דאָס איז געווען אַ מילדע שטילע פרוי, און זי האָט געטראָגן אַ טשעפּיקל פון קארונע אויף די האָר, פּונקט ווי מיין מוטער. בין־השמשות, צייט, וואָס דויערט זיי־ער לאַנג אום ווינטער, פלעג איך מיך זעצן און אויסשפּילן אויף דער פּאָרטעפּיאַנע אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט אויף אויסווייניק. נאָכדעם ווען מען פלעגט אָנצינדן פייער, פלעג איך ווייטער אַביסל שפּילן פון די נאָטן, וואָס ראָזע האָט דאָ געלאָזן. דאָס זענען גע־ווען ווילדע שעהן. און איינמאָל בין איך אַוועק אויף אַ ווייטן שפּאַ־ציר אין אַ שכנישן פויערשן הויף.

פון דער יאַגד איז אויך שפּעטער גאָרנישט ארויסגעקומען, נאָר דער פּאסטאָר פלעגט מיר אָפט געבן איינע פון זיינע ביקסן און נעמען מיך מיט זיך. ער האָט, אַפּנים, גלייך פארשטאַנען, אַז פון מיר וועט קיין גרויסער יעגער נישט ארויסקומען, נאָר אַז אין מיר איז פאַראַן ליבע און אַ נטיה צו יאַגד, מער נישט עס פעלט מיר געניטקייט.

דער פּאסטאָר איז געווען אַ דענקנדיקער און אַ שאַרפזיניקער מענטש. ער האָט פיל געוווּסט וועגן חיות און פייגל, וועגן וואַלד־

און וועגן די פעלזן, צו וועלבע ער האט זיך פון אייגענעם חשק צוגעקוקט. איך, פארקערט, האב נאר געוווסט אביסל נאטור-געשיכטע; זענען אויך די ידיעות מיינע געווען פאלשע. אזוי, למשל, האט דער פאסטאר בארפוד פארזיכערט, אז די טעאָריע פון די ביבער וועגן נוצלעכבע און שעדלעכבע בעלי-חיים זענען זייער אויבערפלעבלעבע: קיין שום בעל-חי איז נישט שעדלעך. איין מין חיות האלט איין אין גלייכגעוויכט דעם צווייטן מין. ווען מען זאל צופיל אויסראטן די ראבן, וועלן זיך צופיל פארמערן די מייז. אויב מען וועט צופיל אויסראטן די פוקסן, וועלן זיך ווערעקס באוויזן אין א געפערלעכער צאל. די וועווערקעס פארניכטן אין די וועלדער די אייעלעך פון קליינע פייגל, אויב עס וועלן אבער קיין קליינע פייגל נישט זיין, וועלן ווערן אזויפיל אינזעקטן, אז ס'וועט נישט זיין, ווו אהינצוטון זיך פון זיי. א, די נאטור איז פול מיט חכמה, און זי רעגולירט זיך זעלבסט.

דאס אלץ איז פאר מיר געווען א נייע אנטפלעקונג, און נאך די דאזיקע טעג פון יאגד וועל איך מיך שוין נישט פילן פאר אזא פריץ, ווען איך וועל אנהויבן מיינע וואנדערונגען מיט מונקען וועגדטן.

אין דעם טאג פון די קעניגן האב איך מיך געזעגנט מיט דעם הויף פונם פאסטאר און בין צוריק אוועק קיין סירילונד. ווען איך בין געגאנגען פארביי דעם קבר פון דער וואנע, איז דאס גאנצע ארט געווען גלייך און גלאט, און אלע שפורן פאהאלטן אונטערן שניי.

## XXIV

די ווייניאכט-חגאות זענען אריבער, אבער נישט אן קיין גרויסע געשעענישן אין סירילונד.

דער ניטל-אוונט איז דורכגעגאנגען לפי ערך רויק. די בארא‌נעסע האט פיין אפגעטון דעם פאטער, ווען עס האט געהאלטן ביי דער אונטערזוכונג: זי איז אליין געקומען אויפן קיך און האט געפאדערט,

מען זאָל איר אָפּגעבן אַלע לעפל און גאָפּל, וואָס מען האָט באַהאַלטן. דעם באַנדערס און דעם אונטערמילנערס ווייב האָבן טאַקע נישט געוואָלט מיטן גוטן ווילן אונטערגעבן זיך. אָבער די באַראָנעסע האָט מיט זיך געהאַט צו הילף יענס־דעם־פּאַטערל. ער האָט זיי אָנגעקניפּן ברוין און בלויע צייכנס, האָבן זיי תּיכּף אָפּגעגעבן דאָס זילבער.

מאַק האָט זיך נוקם געווען פאַר אַזאַ צעשטערונג פון די אַלטע מנהגים דערמיט, וואָס ער האָט זיך גאָר אין בעט נישט געלייגט די גאַנצע נאַכט; ער איז אַוועק פון דער אייגענער היים און האָט זיך צוריקגעקערט ערשט פאַרטאָג. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווו ער איז געווען, און ער אַליין האָט וועגן דעם קיין וואָרט נישט גערעדט נאָר, אפּנים, אַז ער איז געווען פולקאָם צופרידן דערמיט, ווי ער האָט פאַרבראַכט די נאַכט. ער האָט אפילו אַביסל געשמועסט מיט די מיידעלעך, און איז געבליבן דער זעלביקער רויקער און געבילדעטער מענטש וואָס אַלעמאָל.

מען האָט אָבער צוזאַמען מיט דער וואַנע באַגראָבן אין דער ערד אויך דעם העקלמאַכערס שטיקל פּרנסה. וואָס זשע דען פאַר אַן אַרבעט קאָן מען א־צט דעם דאָזיקן מענטשן געבן? און פּעטרינע דאָס שטוב־מיידל דאַרף דען נישט וואָס גיכער חתונה האָבן? דאָס אַלץ צוזאַמען האָט במילא געמוזט שטאַרק באַאומרויקן די אָנטיילנעמער אין דער קבורה פון דער וואַנע, און די באַראָנעסע מיט הארטוויגסענען האָבן פיל מאָל באַטראַכט די דאָזיקע פראַגע.

ערגער פאַר אַלץ איז אָבער געווען דאָס, וואָס מאַק אַליין האָט זיך גענומען שלעכט פילן. דאָס לעבן איז אים נישט איינגעגאַנגען אָן די ליבע וואַנעס זיינע. זיי זענען פאַר אים געווען פּשוט אַ נויטווענדיקייט. אַזוינס, וואָס מען האָט מיט קיין אַנדערע גליקן נישט געקאָנט פאַרבייטן. ס׳איז אוממעגלעך געווען צו דערוואַרטן, אַז הארטוויגסען, וואָס האָט זיך קיינמאָל אין קיין וואַנעס נישט געבאָדן, זאָל קאָנען פאַרשטיין אַזעלכע איידעלע זאַכן. און דערצו האָט ער נאָך לגמרי נישט געקאָנט באַגרייפן, צו וואָס דאַרף ער ביי דער וואַנע האָבן צוויי מיידלעך. אַזוי אַרום האָבן ביידע שותּפים מער נישט געהאַט קיין צוטרוי איינער צו דעם צווייטן,

און קיין וואָרט צווישן זיך נישט גערעדט. און דאָ איז געקומען די צייט אַרויסצושיקן די שיפֿן צו די לאָפּאָדן־אינזלען, אַזוי אַז מען האָט פֿיל זאַכן געמוזט איינאָרדענען.

— וואָס ווייטער, פֿאַרליר איך אַלץ מער און מער דעם דרך־ארץ צו אים, — האָט האַרטוויגסען גערעדט וועגן זיין שותף — זאָל ער זיך דאָרט פֿאָרען מיט זיינע קליניקייטן אין קלייט. סיי ווי מוז איך אַליין אויף אַלץ השגחה געבן.

וויבאַלד אַז די וואַגע איז פֿאַרשוווּנדן, און מאַק האָט אַפֿילו קיין וואָרט וועגן דעם נישט געזאָגט, האָט האַרטוויגסען גענומען אַזוי גרויס האַלטן און בלאָזן זיך, אַז ער האָט אָנגעהויבן צוצושרייבן בלויז זיך אַליין דעם גאַנצן כבוד פֿאַר דעם אויפֿטו, וואָס דער צינקענער אומגעהויער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון דער אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד. ער איז פֿול געוואָרן מיט אַ גוזמאַזייקער פֿאַרשטעלונג וועגן זיין מאַכט און זיין השפּעה. ווען מען וואָלט נישט דאַרפֿן שיקן סווען דעם וועכטער צו די לאָפּאָדענס, וואָלט ער אים תּיכּף ומיד אויסגערעכנט אין וועג אַריין נאָך אַ דאַמפּער, דעמאָלט וואָלט ער שוין לפּחות געקאָנט אָפּשיקן די שמאָק־פּיש גלייך קיין שפּאַניע, אָ, זיין הויכע מיינונג וועגן זיך אַליין האָט זיך אויסגעדריקט אין נאָך קאָמישערע זאַכן: ער האָט, למשל, באַשלאָסן אַהעקצוגיין אין דער קירך אָנגעטון אין דעם טוקער־קאָסטיום.

— וואָס וועט איר דערויף זאָגן? — האָט ער מיך געפֿרעגט.

היות ווי איך בין שטום געבליבן און האָב גאָרנישט נישט געענטפֿערט, האָט ער ווייטער גערעדט: — „דאָס איז שוין געווים, אַז אין אַזאַ קאָסטיום איז נאָך קיין מענטש אין דער קירך נישט געגאַנגען. ווי מיינט איר, מען וועט אויף מיר אוודאי קוקן מער איידער אויף דעם פּאַסטאָר גופֿא? פֿאַרשטייט זיך, אַז איך וועל מיט זיך נעמען סוועט דעם וועכטער אויך; ער זאָל אָנפּאַמפּען לופֿט.

און איך האָב אַ טראַכט געטון, אַז דער מענטש, וואָס האָט צו דער חתונה געקאָנט אָנטון שטיוול אויף פֿוטער, מער נישט כדי אַרויסצורופֿן באַוווּנדערונג ביי די סוחרים פֿון די הייטע

שבערן, קאָן זייער לייכט אַזעקגיין אין קלויסטער אָנגעטון אין אַ טוקער־קאָסטיום, אויף אים איז אַלץ צו גלויבן. היות ווי הארט־וויגסען האָט געוואָרט אויף מיין ענטפער, האָב איך אַ שאָקל גע־טון מיטן קאָפּ, און געגעבן אים אַן עצה, ער זאָל דאָס נישט טון.

— נו, יאָ, איר זענט דאָך אַזאַ שטילינקער, און וועגן אַלץ טראַכט איר, — האָט ער געזאָגט — דאָס וואָלט אָבער געווען אַ פיינער בגד פאַר דער קירך. און אויב נישט דאָס, צו וואָס דען דאַרף אים בכלל האָבן? גלאָט ער וואַלגערט זיך. חוץ דעם, זאָגט עדוואַרדע אויך, אַז מען קאָן אים זיבער אָנטון.

די ליבלעכסטע באַראָנעסע עדוואַרדע איז אויך געווען גע־נוג משוגע דערפאַר! כסדר האָבן זי געפיניקט פאַרשידענע אויפ־רעגונגען. רק זי האָט זיך געביטן, אַריבערגעגאַנגען פון אומעט צו פרומקייט. אין איר האַרץ האָט זיך געקאָנט געפינען אָרט אויך פאַר גרינדלעכער רשעות. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט זיין אויך אַ גוטע און אַ צאַרטע, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען איר איז אַזאַ רעיון געקומען אויפן זינען. אַזאַ נישט באַשטענדיקע איז גע־ווען די באַראָנעסע.

איצט אָבער האָט הארטוויגסען געהאַט עפּעס אַנדערש וועגן וואָס צו טראַכטן, חוץ דעם טוקער־קאָסטיום. אין איין שיינעם פרי־מאָרגן איז מאַק אַרויס פון זיין שלאָפצימער און איז אַוועק אין קאַנטאָר, פאַרבונדן דעם בויך מיט אַ רויטן שאַל. פיל מענטשן האָבן עס געזען, און דער קלאַנג וועגן דעם האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצן ישוב. מאַק איז, אפנים, ווידער געפערלעך קראַנק געוואָרן אויפן מאָגן.

אַ מורא איז אויף אונז אַלעמען אָנגעפאַלן, אויף קינד און קייט. און מאַק האָט זיך אפילו נישט געקלאָגט, און האָט בכלל נישט געמאַכט קיין וועזן פון זיין קראַנקהייט. ער האָט נאָר אָנ־געהויבן עסן ווייניקער, איידער פריער, און אַז די באַראָנעסע האָט אים געפרעגט, ווי ער פילט זיך, האָט ער גלייכגילטיק געענט־פערט:

— דאָס איז פּשוט אַ קלײנינקע פֿאַרערגערונג פֿון מײן מאָגן־פֿעלער.

ס׳זענען אַריבער עטלעכע טעג. אין סירילונד איז געוואָרן בלומרשט אַביסל שטילער ווי פֿריער. מאַק האָט זײן רויטן שאַל נישט אַראָפּגענומען, אָבער ער איז אַלץ געשטאַנען לעבן זײן שרײב־טיש. קײן סכּנה איז נישט געווען. פֿונדעסטוועגן האָבן מיר אַלע זיך געפֿילט נישט גוט, און האַרטוויגסען האָט אויפֿגעהערט צו זאָרגן וועגן זײן נסיעה אין דער קירך.

דערווײל האָבן די פֿישער גענומען אָפּשווימען צו די לאָפֿאָדן־אינזלען, און די גרויסע שיפֿן האָבן זיך אָנגעהויבן גרײטן אין וועג. ס׳האָט זיך אומעטום געטומלט: מ׳האָט דער מאַנשאַפֿט פֿון די שיפֿן געדאַרפֿט אַרויסגעבן אינסטרומענטן און שפּײז. די קאַפּיטאַנען סוען דער וועבטער און ווילאַרדס פֿון האַפֿן האָבן געדאַרפֿט פֿאַרענדיקן די אויסשטאַטונג פֿון די שיפֿן. ערשט פּלוצלינג איז אין אײן שײנעם טאָג די קאַנטאָר שטײן געבליבן אַ פּוסטע: מאַק איז נישט אַראָפּ אונטן, ער איז געבליבן ליגן אין בעט.

ס׳אַ צערודערונג עס איז פֿאָרגעקומען אין הויף און ווײט אַרום אין דער סביבה! אמת, האַרטוויגסען איז דאָ געווען. פֿאַרשטײט זיך, האַרטוויגסען האָט באַווײזן אומעטום צו זײן, אָבער אין קאַנטאָר איז קײנער נישט געווען. אַלע ביכער, חשבונות, בריוו און טעלעגראַמעס, די באַשטעלונגען אויף סחורה, די פּרײזן אויף זאַלץ, אין דעם אַלעמען איז האַרטוויגסען נישט געווען באַהאַוונט, און ער האָט זיך איצט בשום אופֿן נישט געקאָנט פֿונאַנדערקלײבן אין דעם פּלאָנטער. און וווּ, אײגנטלעך, דערוואַרט מען זאָל זײן פֿיל פֿיש בײ די לאָפֿאָדנס? וווּהין זאָל מען שיקן די שיפֿן? אויף מאַקס טיש זענען געלעגן אַלערלײ דעפּעשן, און אַלע יאָר פֿלעגט מאַק אויף דעם סמך פֿון די דאָזיקע דעפּעשן אויסריכטן די שיפֿן אין וועג. אָבער איצט איז מאַק נישט געווען. האַרטוויגסען איז געקומען צו מיר און געבעטן, איך זאָל אים העלפֿן פֿונאַנדערקלײבן עפּעס אַ דעפּעש. דאָרט זענען געווען פּרײזן און צאָלן, אָבער פֿאַר אים איז דאָס געווען פּשוט אַ רעטעניש. פּלוצלינג האָט האַרטוויגסען באַקומען אַן אײנלאַדונג פֿון מאַקן. ער זאָל קומען צו דעם

חולה. כאַק, פאַרשטייט איר, איז נישט פון די מענטשן, וועלכע וואַלגערן זיך אין בעט, ווען זיי זענען קראַנק, פאַרגעסנדיק אָן געשעפט, פאַרקערט:

— רופט אַהער מיין שותּף, — האָט ער געזאָגט — און זאָל ער מיט זיך ברענגען די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ מיינע און די דעפּעשן פון מיין טיש.

ער איז אַלעמאָל געבליבן דער גרויסער לייט. האַרטוויגסען איז אַוועק צו כאַקן, האָט באַקומען אַלע ידיעות וועגן פאַרשידענע חשבונות און קאָמבינאַציעס וועגן רווחים. און צוריקגעקומען אין דער קאָנטאָר איז האַרטוויגסען אַ שטאָלצער, רעדנדיק אָן אַ שיעור וועגן דעם, וויפל ער האָט איצט איינצואָרדענען און אויסצורעכענען. אָבער זיכער, אַז פיל זאַכן האָט ער אָפּגעטון אויף גאָטס באַראָט. ער האָט דאָך אַזוי ווייניק געוווּסט. ער איז געווען אַ גביר און מער גאָרנישט.

— אָט זענען דאָ עפּעס פאַרשריבן לייזיקע זעק פון מעל, וואָס רופן זיך „טאַראַ", הגם זיי זענען פּשוט לייוונטענע. אויף וואָסער שפּראַך רעדט מען עס אַזוי?

און דעם אמת זאָגנדיק, איז אים מאַקע גאַנץ שווער געווען יעדע רגע לויפן איבער די טרעפּ אַרויף צו כאַקן און וועגן אַלץ פרעגן.

— איך וואָלט אַזוי צופרידן געווען, ווען מיין שותּף זאָל זיך צוריק אויף די פיס שטעלן: — האָט ער געזאָגט.

ער איז באמת געווען לגמרי הילפלאָז. ביידע קלייט־משרתים האָבן שוין, אמת, לאַנג געאַרבעט אין געשעפט, זיי האָבן אויסגעצייכנט גוט געוווּסט אַלץ, וואָס איז שייך צום האַנדל ביים וואַרשטאַט, אָבער מער נישט. חוץ דעם האָט ער איינגיכן געמוזט אָנהויבן צו באַטייליקן זיך אויך אין דעם האַנדל אין קלייט. דער עולם האָט זיך צוגעוווינט צו ווענדן זיך דירעקט צו האַרטוויגסענען, און נישט צו עמעצן אַנדערש. זיי האָבן געזען, אַז עס לוינט זיי בעסער צו האָבן אָן עסק מיט האַרטוויגסענען. ווען די קלייט משרתים פלעגן עפּעס ענטזאָגן, איז דער עולם דרייסט געגאַנגען צו האַרטוויגסענען, וויסנדיק, אַז ער איז נישט פון די, וואָס ווען

מ׳בעט בײ זײ, איז עס אומזיסט. ס׳איז באמת געװען רירנד און אָנגענעם צו הערן, װי ער פּלעגט אַזױנע זאַכן אַנטשײדן מיט אײן װערטעלע. װען עמעצער אַן אָרעמאַן פּלעגט קומען מיט זײן קלאָ־געדיקער נױט, פּלעגט האַרטװיגסען זיך װענדן צו סטען דעם קלײט־משרת :

— מילא, נו, ער איז דאָך אַ בעל־משפּחה. טאָ פאַרשרײב אין דעם גרױסן בוך פון ב. האַרטװיטש.

און שױן, און אַז אַראָן פון די בערג איז געקומען, דער אַמאָליקער באַלעבאָס פון די זילבער־בערג, האָט האַרטװיגסען מיט דער אײגענער האַנט פאַרמעקט דעם גאַנצן אַלטן חוב זײנעם אין בוך, און האָט אים געהײסן אַרױסגעבן אומזיסט אַלץ, װאָס ער האָט געדאַרפט צו דער נסיעה אויף די לאָפאָדנס. און אַראָן האָט איצט געהאַט אַ שם פון אַ זײער פאַרמעגלעכן מענטשן!

מאַק איז אַלץ נישט אַראָפּ פון בעט און האָט זיך אײנגאַנצן געענדערט, אַזױ איז ער געװאָרן מאָגער און אַראָפּ פון געזיכט. געקומען דער דאָקטאָר. ס׳זענען צוגעשריבן געװאָרן רפואות אַלער־לײ, אויף אינדערפרי און אויף בײנאַכט. אָבער מאַק האָט זיך נישט פאַרריכט. לסוף האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט סײ אין דער קאַנטאָר, סײ אין אַלע אונטערנעמונגען. פון גאַנץ סירילונד איז געװאָרן אַ תּל, אין ערגעץ קײן אָרדנונג נישט געװען.

איך בין געקומען צו ראָזען, כּדי איבערצוגעבן איר אַ גרוס פון אירע עלטערן. האַרטװיגסען איז דאָ אויך געװען. קײן באַ־זונדער שמועס איז דעריבער נישט פאָרגעקומען. איך האָב ראָזען נאָר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון איר צימערל און פון אירע נאָטן, װאָס זי האָט איבערגעלאָזן אינדערהײם, און חוץ דעם פון די מײדלעך, װאָס האָבן געאַרבעט בײ דעם פּאַסטאָר. זי האָט עס אַלץ אױסגעהערט און איז געװען גערירט. דאָס איז, אַפנים, געװען אַ פּועל יוצא פון איר לאַגע.

— מײן פרױ האָט עפּעס רק מורא, — האָט האַרטװיגסען געזאָגט — איך װאָלט זײער צופרידן געװען, װען איר װאָלט מיט איר אַביסל פאַרבראַכט.

— עדוואַרדע, האָף איך, איז געזונט? — האָט ראָזע אַ פרעג געטון, כדי צו ענדערן דעם שמועס.

האַרטוויגסען איז אויפגעשטאַנען אַביסל אַ באַליידיקטער, און האָט צוגעגעבן:

— מילא, איך האָב עס דאָך נאָר סתם אַזוי געזאָגט, גאָר־נישט געמיינט.

דערנאָך האָט ער גענומען דעם הוט און איז אַרויס.

ראָזע איז אַרויס נאָך אים, זיי האָבן אין פאָדערצימער אַביסל גערעדט, און ווען ראָזע האָט זיך אומגעקערט, זענען ביי איר די אויגן געווען רויטע. זי האָט געזאָגט:

— איך האָב נאָר געוואָלט... איך קאָן בשום אופן נישט פועלן, ער זאָל זיך אָנטון אַביסל וואַרעמער, ווען עס איז קאַלט־פויזע.

— בכן, האָב איך אייך געבראַכט אַ גרוס פון אייער צימערל. — האָב איך געזאָגט.

— אַ! איר האָט מיר שוין געזאָגט.

— איך בין דאָרט געווען אַלע טאָג, פיל מאָל אין טאָג. איך האָב געזען דעם גאַנצן הויף פון אייער פענסטער. איינמאָל בין איך אויפגעשטאַנען ביידערנאַכט און בין אַרויס אינדרויסן.

זי האָט אויף מיר שנעל אַ בליק געטון און געזאָגט:

— הויבט־זשע נישט אָן ווידער פון ס'ניי, זייט אַ קלוגער!

— ניין, איך וועל נישט אָנהויבן. איך האָב נאָר געוואָלט זען אַלץ, אויף וואָס עס איז אויך אייער בליק געפאַלן ביידער־נאַכט: דעם אויסגעשטערנטן הימל, די צפון־שיין, דעם שבנישן הויף, וואָס עטלעכע קלאַפטער ווייט פון אייער הויז.

— דאָס איז מאָאַס הויף.

— יאָ, מאָאַס, נאָכדעם בין איך איינמאָל אַהין אַריין.

— און איר האָט גוט געטון. וואָס מאַכט זייער טאָכטער? מ'רופט זי אַנטאָרא, זי איז אַזאַ שיינינקע.

— יאָ, זי איז אַ שיינינקע. זי האָט אייערע אויגן. איך האָב זי אויסגעמאָלט און געזאָגט, אַז איך נעם פאָרן געמעל אַ קוש.

זי האָט דאַרויף איינגעשטימט. נאָכדעם בין איך אין טאָרפּעלוויקען אויך געגאַנגען.

— יאָ, הייסט עס, האָט איר אַ קוש געטון אַנטאָראַן?

— יאָ, אין די אויגן.

— אין די אויגן?

ביי ראָזען האָבן די ליפּן לייכט אַ ציטער געטון. און זי האָט פּלוצלינג געזאָגט:

— ניין, איך ווייס פּשוט נישט, וואָס זאָל איך מיט אייך טון. איר זענט נאָך אַלץ אין מיר פאַרליבט?

— יאָ. — האָב איך געענטפערט.

— זענט איר נאָכדעם געגאַנגען אין טאָרפּעלוויקען אויך? דאָרט איז דאָך עדוואַרדע, וועלכע...

— יאָ, זי האָט אַ קינד פון דעם ענגלענדער, פון סער גיו טרעוועליאַנען. אַ ווילע, אַ שיינע מוטער. זי האָט מיר געגעבן עסן און טרינקען. זי האָט זיך צו מיר באַצויגן מיט אַזאַ צוטרויען: געגעבן מיר צוהאַלטן דאָס קינד, בשעת זי האָט געגרייט צום טיש. זי האָט געזאָגט: ס'איז אַזאַ בזיון, וואָס איך דאַרף דאָס קינד ניאַנטשען, אָבער דאָס איז געווען אומזיסט, ווייל ביי איר איז אַ ווילער, אַ גרויסער יונג.

— און וווהין נאָך זענט איר געגאַנגען?

— ווען איך האָב גענומען אַוועקגיין פון טאָרפּעלוויקען, האָט עדוואַרדע צו מיר געזאָגט: „אַדאַנק, וואָס איר זענט צו מיר געקומען".

— וואָס רעדט איר! האָט איר געהערט?

— יאָ. שטעלט אייך פאָר, זי האָט דאָך מיר געגעבן עסן, טרינקען! און דאָס קינד נאָך צוהאַלטן.

— נאָכדעם זענט איר מסתמא אַוועק צו דעם לענסמאַן? אָבער דאָרט איז קיינער נישטאָ.

— ריכטיק. דאָרט איז קיינער נישטאָ. אין ערגעץ איז קיינער נישט געווען. איך בין געגאַנגען אומעטום, אין ערגעץ קיינעם נישט געפונען. דעמאָלט האָב איך מיך צוריקגעקערט אין דעם פּאַסטאָר-הויף. און אויף מאָרגן בין איך געשטאַנען אין

אייער צימער ביים פענסטער און האָב געקוקט אויף די אַלטע ווייסטע שטעגעלעך, איבער וועלכע איך בין מיט אַ טאָג פריער געגאַנגען און האָב קיינעם נישט געפונען.

— יאָ, אָבער ליבער פריינד, איר זענט נאָך נישט אומעטום געווען. — האָט ראָזע געענטפערט שמייכלענדיק.

— ווי דען, איך בין געווען נאָך אין פיל ערטער.

— און קיינעם נישט געפונען?

— ניין. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך איינע געפונען. איך האָב דאָך נישט קיין כּלה געזוכט. נאָר סתּם אַזוי געזוכט אין דער סביבה עמעצן, אין וועמען צו פאַרליבן זיך. און אין איין אָרט בין איך געזעסן לאַנג און האָב זיך געפּיקט גוט: ביי עד־וואַרדען אין טאָרפּעלוויקען.

ראָזע איז שטאַרק רויט געוואָרן און האָט געזאָגט אין כּעס:

— איר זענט שוין גאָר פון זינען אַראָפּ?

— זי איז נישט פון שטיין. — האָב איך געזאָגט.

— נו, געוויס! נישט פון שטיין? יאָ, יאָ, יעדער האָט זיך זיין געשמאַק.

יאָ, מונקען ווענדט איז געראַכט געווען. איך בין אינגאַנצן מיט אים מסכּים. שיר נישט דעם ערשטן טאָג, וואָס איך האָב אים באַגעגנט אין וואַלד, האָט ער מיר געזאָגט: „דו ביסט אומ־גליקלעך פאַרליבט? האָסטו פון מיר אַן עצה: שטעל אָפּ דיין בליק אויף אַ „נישט-ווערדיקער"! אָט וועסטו זען! יענע די ערשטע, וועט זיך צו דיר ווענדן, וועט פון דיר נישט אָפּטרעטן, מחמת, מעגסט מיר גלויבן, זי וועט נישט קאָנען איבערטראָגן, אַז דו זאָלסט „פאַרלוירן גיין", זי וועט דיך וועלן מציל זיין, אָפּהאַלטן אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. די אָנשטענדיקע פרוי איז פול מיט שנאה צו דער אומאָנשטענדיקער, — האָט מונקען ווענדט ווייטער געזאָגט, — זי קאָן דערגיין אַזוי ווייט, אַז זי וועט זיך אַליין ברענ־גען פאַר אַ קרבן, אַבי נאָר צו ראַטעווען דיך פון יענערס הענט". מונקען ווענדט איז אַליין מיט זיין אייגענער דערפאַרונג דערגאַנגען צו דעם, און די הויכגעשטעלטע פרוי איזעלין פון אָם

קאָן דינען פאַר אַ באַווייז, אַז מונקען ווענדט איז געווען אַן אומגעווינלעכער מבין אויף אַזעלכע זאַכן.

איז וואָס? די טבע איז ביי מיר געווען אַן אַנדערע, נישט ווי ביי מונקען ווענדט: איך האָב דערצו נישט געטויגט. ראָזע האָט בכיוון זיך מיט עפּעס פאַרנומען, אָבער איך האָב געזען, אַז זי איז ברוגז און טוט גאָר אַן איבעריקע אַרבעט, אָפּרייניקנדיק צוויי מאָל איינס נאָכן אַנדערן דעם שטויב פון דעם פּאָרטעפּיאַן. „עס גייט אויף אַ דרך". — האָב איך זיך געטראַכט.

מיר האָט זיך פאַרוואָלט אונטערגיסן בוימל אויפן פייער דורך דעם, וואָס איך וועל נאָך רעדן וועגן עדוואַרדען פון טאָרפּעלוויקען: אַז זי איז באמת געווען נישט קיין שטיינערנע, אַז זי האָט מיך באַדאַנקט, וואָס איך האָב זי באַזוכט. אָבער ראָזע איז שוין געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק; האָט אויפגעהערט צוויי מאָל צו ווישן די פּאָרטעפּיאַן און האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ רויקע.

— יאָ, אַזוי איז דאָס. מיר איז געווען זייער אָנגענעם ביי עדוואַרדען אין טאָרפּעלוויקען. -- האָב איך געזאָגט.

— נו, איז דאַנקען גאָט! — האָט ראָזע געענטפערט. -- זעט איר, ווי נאָר איר האָט גענומען אַרומגיין צווישן לייטן, האָט איר שוין... ווי נאָר איר האָט דערזען אַנדערע...

— יאָ, איר זענט געווען גערעכט. און אַלע טאָג בין איך נאָכדעם געווען אין אייער צימער, און געקוקט פון אייער פענסטער אין דער זייט, וווּ זי וווינט. און איך געדענק נאָך איצט, אַז ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָט זי מיר געזאָגט: „קומט אָפטער אַריין!"

אָך, רעדנדיק דאָס, האָב איך געקוקט אויף ראָזען ווי אַ בעטלער, ווי אַ פאַרמשפּטער. דאָס גאַנצע געזיכט האָט ביי איר געשיינט פון פרייד, וואָס מען קאָן סוף-כל-סוף דערלייזט ווערן פון מיין צולעסטיקער ליבע. זי האָט געזאָגט:

— זעט איר! אַוודאי, איך פאַרשטיי זייער גוט, אַז איר האָט זיך געקאָנט אין איר פאַרליבן. זי איז אַזאַ גוטע און ליבע. מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז זי האָט זיך זייער גוט געלערנט, בשעת דער קאָנפירמאַציע. זי האָט, הייסט עס, גוטע פעיקייטן.

— יאָ. — האָב איך נאָר געענטפערט.

— איצט דארפט איר זי אָפּט באַזוכן, באמת, איר דארפט אַזוי טון. און אָפּשטעלן קאָנט איר זיך יעדעס מאָל אויף דעם פּאַסטאָר-הויף. זיי וועלן דאָרט זיין זייער צופרידן.

איצט האָב איך מיך גענומען ראַטעווען, וואָס מען קאָן, אַזוי האָב געזאָגט:

— יאַ, יאָ, אָט האָב איך איצט מיט מיין פּלוידערן לפּחות געמאַכט, אַז איר זאָלט אויף אַ רגע פאַרגעסן אָן אייערע אייגענע צרות.

גייענדיק אַהיים, האָב איך באַגעגנט הארטוויגסענען, וועלבער האָט זיך אומגעקערט פון מאַקן. דאָס געזיכט איז ביי אים געווען זייער פאַרזאָרגט.

— און דעם שותּף מיינעם איז דאָך נישט בעסער, נאָר ערגער. — האָט ער געזאָגט — מאָרגן שווימען אָפּ די שיפן אונזערע, און איך קאָן דאָך נישט זיין אי אין דער קאַנטאָר, אי אין אַלע אַנדערע ערטער פּאַראַמאָל. ערגער פאַר אַלץ איז דאָס, וואָס זיי מאַכן מאַקן משוגע ביי אים אין זיין אייגענעם הויז: נעכטן איז אָנגעקומען אַ נייע שטוב-מיידל.

איך האָב שוין געוווּסט וועגן דער נייער שטוב-מיידל. זי איז אָנגעקומען אָנשטאָט פּעטרינען, וועלכע האָט געמוזט חתונה האָבן. דאָס האָט זי די בּאַראָנעסע, מיט יענס-דעם-פּאָטערלס הילף, דערקאַזשעט פון די וויטע שבערן. מען האָט זי גערופן מאַרגאַרעט; זי איז געווען אי אַ יונגע, אי אַ פיינע, אָבער זייער אַ סאָלידע און אַ גאָטספאָרכטיקע.

— איז די דאָזיקע מאַרגאַרעט געזעסן ביידערנאַכט נעבן מאַקן און האָט אים געדאַרפט געבן די טראָפּנס, — האָט הארטוויגסען דערציילט — זיי האָבן גענומען רעדן צווישן זיך, און מאַרגאַרעט האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז מאַק ליגט צו ווייך, אַז ער וואָלט געדאַרפט ליגן אויף בעזעמער.

— אויף בעזעמער? — האָב איך איבערגעפרעגט.

— יאָ! האָט איר ווען געהערט אַזוינס? — זאָגט הארטוויגסען. — באַקום איך אין קלייט אַן איינלאַדונג אַרויפצוגיין צו מאַקן.

מחמת, איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: מאַק קאָן אָן מיר נישט אויסקומען, בין איך צו אים אַרויף אויבן. און פון אים איז שוין קיין העלפט נישט געבליבן. — „איך וויל פון דיר איצט אַ גוטע עצה האָבן, האַרטוויגסש". — זאָגט ער צו מיר. און איר מעגט מיר שוין גלויבן, אַז מאַק פון סירילונד וועט זיך צו אַבי וועמען נישט ווענדן מיט אַזעלכע ווערטער. נאָר אָן מיר קאָן ער בפירוש נישט אויסקומען. מילא, פאַרשטייט זיך, איך האָב אים געענטפערט, אַז ווי ריכטיק עס איז דאָס, וואָס ער האָט מיך אַמאָל אויפגעהויבן פון דער בלאָטע, אַזוי ריכטיק איז, אַז איך וועל אים איצט געבן אַן עצה, אויב ער דאַרף זי נאָר האָבן. דעמאָלט האָט ער מיר דערציילט וועגן די בעזעמער. — אָ, דאָס וועט שוין נישט גיין! — האָב איך גלייך געענטפערט. — די דאָזיקע מויד איז פון זינען אַראָפּ? — אַ דאַנק דיר, — האָט מאַק צו מיר געזאָגט — דאָס איז טאַקע דאָס קלוגע וואָרט, וואָס מיר איז נויטיק געווען! — אָבער איצט מוז מען, אַזוי האָט ער ווייטער גערעדט, געפינען דעם מיטל, פון וועלכן ער זאָל זיך פאַרריכטן און זיך צוריקשטעלן אויף די פיס: — מחמת אויב איך וועל דאָ ליגן ווי איצט, — זאָגט ער — קאָן איך גאָרנישט נישט טון, און מיר בלייבט מער גאָרנישט, ווי טראַכטן און טראַכטן, און ביידערנאַכט שלאָף איך נישט, און איך ווער אַ פרומער.

ביי די ווערטער האָט זיך האַרטוויגסען אַביסל אָפּגעשטעלט. די דאָזיקע ענדערונג אין מאַקן האָט אים אויסגעוויזן אַזוי ווייט קעגן דער נאַטירלעכקייט, אַז ער האָט הילפלאָז אויסגעגלאָצט די אויגן.

— מערקווירדיק! — האָב איך געזאָגט.

האַרטוויגסען האָט לאַנג געטראַכט און געזאָגט:

— צי דען קאָן מען נישט געפינען קיין שום מיטל אין דער וועלט קעגן אַ מאָגן-פעלער? צו וואָסערע זשע רוחות טויגן אונז דעמאָלט די דאָקטוירים?

און פּלוצלינג איז אויף אים אַראָפּ אַ גייסט פון חכמה, פון וווּנדערבאַרער פויערישער חכמה, און ער זאָגט:

— איך מיין, אַז פאַר אונז אַלעמען איז קלאָר, אַז אויב אַזאַ

טעטיקער מענטש חי מאק וועט ליגן און ליגן אין בעט, וועט ער סוף־כל־סוף פארלוירן גיין. מען מוז אים אויפהויבן.

— דאָס איז דאָך אָבער די פראגע, ווי הויבט מען אים אויף?

— איז וואָס! — האָט האַרטוויגסען געענטפערט און גענומען אוועקגיין — איידער ער וועט זיך אַריינלאָזן אין פרומקייט, און וועט זיך אנידערלייגן אויף בעזעמער, וועל איך אים בעסער צוריק אויסגראָבן די וואַנע זיינע!

# XXV

האָט שפעט אינאָווגט די וואַנע צוריק דערזען גאָטס וועלט. דאָס איז געווען זייער אינטערעסאַנט. די באַראָנעסע האָט פון דעם נישט געוווּסט. ראָזע אויך נישט. און מיר זענען אַוועק אין וואַלד פאַר דער העלער שיין פון דער לבנה און פון דעם צפון־שיין, און האָבן אין איילעניש אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט. געאַרבעט האָבן ווידער די זעלביקע מענטשן, וואָס ביי דער קבורה, סווען דער וועכטער, דער שמיד און דער באָנדער. און די ערד איז אַלץ געווען אַזאַ ווייכע, אַזוי אַז מען האָט צו קיין קירקעס גאָרנישט געדאַרפט אָנקומען.

— ניין, ווען נישט עדוואַרדע, וואָלט די דאָזיקע וואַנע קיינמאָל נישט געווען אין דער ערד, — האָט האַרטוויגסען געזאָגט — ניין, מען טאָר קיינמאָל נישט פאָלגן די ווייבער און דאָס גלייבן

און די דריי מאַנען, וועלכע האָבן געאַרבעט מיט די גראָב־אייזנס, זענען געווען איינגאַנצן מסכים דערמיט, און זיי האָבן געענטפערט, אַז אמת טאַקע, אַזאַ אומה זענען שוין די ווייבער: ווייבער בלייבן שטענדיק ווייבער. די זעלביקע מאַנען האָבן געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות. זיי האָבן גוט געוווּסט, וואָס זיי טוען, אַרויסברענגענדיק ווידער אויף דער ערד דעמדאָזיקן שרעקלעכן געלעגער, וועלכער איז גלייך געפערלעך פאַר זיי דרייען, ווי פאַר פיל אַנדערע. אָבער מען קאָן גאָרנישט נישט מאַכן. ביז

אַ נייער אונטערזוכונג איז יעדנפאַלס נישט חייניקער ווי אַ יאָר. דערצו האָט מאַקס ליגן אין בעט געבראַכט אַזוי פיל אומבאַקוועמלעכקייט און אומאָנגענעמלעכקייט מיט זיך, אַז ס'איז שוין בעסער געווען אַלץ, וואָס עס זאָל נישט זיין. אגב, האָט סוועדעם וועכטער די קבורה פון מאַקס וואַנע קיין שום גליק נישט געבראַכט. ווי די מעשה זאָל נישט זיין, ער האָט געגראָבן מיטן גראָבאייזן אַזוי פלייסיק, אַז שווייס האָט זיך פון אים געגאָסן. און וואָס נוגע צו די איבעריקע, האָט דער שמיד געזאָגט:

— אויף וויפל איך קען אייך, האַרטוויטש, וועט איר אונז נישט לאָזן אָן באַלוינונג פאַר דער מי, אמת?

— לצד דעם וועט קיין מניעה נישט זיין! — האָט האַרטוויגסען געענטפערט. — לאָמיר נאָר זען, צי וועט איר גענוג פאָרזיכטיק זיין מיט דער פערענע. זי איז דאָך פון רויטן זייד.

— אָט דער באַנדער גראָבט אַבי ווי. — האָט דער שמיד געזאָגט.

— איך — אַבי ווי? — האָט דעם באַנדער פאַרדראָסן. — איך בין דאָך גרייט געווען אפילו מיט די גאָלע הענט צו גראָבן, אַבי נאָר די פערענע נישט איבערצופירן!

זיי זענען אַלע געווען אמתע קינדער און האָבן געאַרבעט פאַר אַ גוט וואָרט און פאַר באַלוינונג.

לסוף האָט מען די גאַנצע וואַנע אָפּגעגראָבן אין קבר און אַרויסגעצויגן אויף שטריק. דעמאָלט האָבן זיי זי אַלע גענומען אָפּטרייסלען און באַטראַכטן, צי האָט מען זי אפשר ערגעץ ווו נישט צעשעדיקט, צעבויגן. האַרטוויגסען האָט אַליין מיט די אייגענע הענט אַראָפּגענומען די זעק, מיט וועלכע די וואַנע איז געווען איינגעדעקט; האָט אָפּגעטרייסלט די פערענע און די קישנס, און דערנאָך מיטן אייגענעם נאָזטיכל אָפּגעווישט די ערד, וואָס איז צוגעשטאַנען צום זייד, — „ס'איז, ווי עס זאָגט זיך אין גלייכווערטל, — אָן אַ פגימה,"—האָט ער געזאָגט אַ באַפרידיקטער. דעם גרוב האָט מען צוריק פאַרשאָטן.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אַהיים מיט דער וואַנע. מיר אַלע האָבן זי אַרומגערינגלט

און אוועקגעטראָגן. האַרטוויגסען האָט זייער מורא געהאַט פאַר דער באַראָנעסע און האָט אָפן געמאָלדן, אַז ער וואָלט שוין וועלן, די וואָגע זאָל וואָס גיכער זיין אויפן אָרט! מיך האָט מען אוועקגעשיקט פאָרויס זען, צי איז אַלץ רויק. אויב איך וועל מיך נישט גלייך צוריקקערן, וועט עס זיין אַ סימן, אַז זיי קאָנען דרייסט גיין. אַזוי איז עס געווען אָפּגערעדט.

אין די צימערן איז שוין געווען פינסטער. אין דעם גאַנצן גרויסן הויז איז געווען ליכטיק, נאָר אין די פענסטער ביי מאַקן און ביי דער באַראָנעסע. איך בין אַרומגעגאַנגען אַרום שטוב. ביי דער ווירטשאַפטערין און אין דעם הויז פון דער דינערשאַפט איז שוין אויך דאָס פייער געווען פאַרלאָשן. דעמאָלט האָב איך געעפנט די טיר און בין אַריין צו זיך אין צימער, איך האָב ווי אַלעמאָל אַביסל זיך געשראָקן. נאָר וויבאַלד אַז איך האָב אַלץ אויסגעפאָרשט, איז מיין געוויסן געבליבן ריין.

אין עטלעכע מינוט אַרום הער איך שטילע טריט אין דעם צווייטן עק הויז. „דאָס גייט מען מיט דער וואָגע", טראַכט איך. אַביסל שפּעטער הער איך די טיר עפנט זיך. איך גיי אַרויס אין פּאָדערצימער און הער מיך צו. אָט הערט זיך, ווי די באַראָנעסע גייט אַרויס פון איר צימער און זאָגט:—„וואָס איז אַזוינס געשען?"— „וואָס איז?" — ענטפערט האַרטוויגסען פון הינטן. און מען זעט נאָך דעם קול נאָך, אַז ער איז נישט זייער זיכער אין זיך. — „איך פרעג, וואָס איז דאָס דאָרט אַזוינס?" — חזרט די באַראָנעסע איבער און שוין ווייט נישט מיט דער סאַמעטענער שטים. אַלס ענטפער דערויף האָט זיך האַרטוויגסען לכתחילה געווענדט צו די טרעגער: — „לעבעדיקער! לעבעדיקער! איר ווילט חיסן, וואָס איז אַזוינס געשען? איר זעט דען נישט, אַז ער גייט אויס אומזיסט און אומנישט? ער חעט דאָך אַזוי שטאַרבן ביי אונז אויף די הענט!" און די באַראָנעסע איז געווען צו שטאָלץ, אַז זי זאָל זיך מיט אַבי וועמען שטעלן, אויסטענהן אין קאָרידאָר. זי האָט די מענטשן געלאָזן טון, וואָס זיי ווילן, און איז צוריק אוועק צו זיך אין צימער.

אַזוי אַז אַלץ האָט זיך געענדיקט אויפן בעסטן אופן.

אויף מאָרגן איז די בוכטע געווען אַ פּוסטע: די שיפן זע־נען ביידערנאַכט אָפּגעשוואומען. דער גוטער סווען דער וועכטער האָט אָפּגעטון זיין אַרבעט אויף דער יבשה און איז צוריק געוואָרן קאַפּיטאַן אויף זיין שיף און האָט ווידער פאַרלאָזן די סירילוּנדער געגנט מיט זיין ווייב.

און ווי מיינט איר? דאָס איז געווען אַזוי מאָדנע, נאָר אין די נאָענטסטע טעג האָט שוין די נשמה פון דער גאַנצער געגנט, פערדינאַנד מאַק, גענומען לאַנגזאַם, אָבער זיכער שטעלן זיך אויף די פיס. פּונקט ווי אַ געבענטשטער נס איז געשען פאַר אונז אין די אויגן. די באַראָנעסע אַליין האָט עס נישט געקאָנט אָפּלייקענען. און פונדעסטוועגן האָט זי די זאַך נישט אַרויסגעלאָזן פון אירע שטאַרקע הענט. יאָ, אַזאַ עקשנות האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען. ווען דער פאָטער אירער האָט דאָס ערשטע מאָל געזאָלט נעמען אַ וואַנע, האָט זי דאָס איינרייבעניש קיינעם נישט אָנגע־טרויט, אויסער דער נייער גאָטספאָרכטיקער שטוב־מיידל מאַרגאַ־רעט, וועלכע האָט טאַקע די אַרבעט געמוזט נעמען אויף זיך. און מאַק איז אין דער וואַנע געווען זייער איידל, און האָט געדאַנקט פאַר יעדער קליייניקייט, וואָס מען האָט אים געטון. מאַרגאַרעט איז פון אים אַרויס אַ גאַנצע, און איז געווען פּונקט אַזוי שטיל אין דעם אָוונט ווי אין די שפּעטערדיקע.

איצט איז אָנגעשטאַנען הארטוויגסענס צייט צו פייערן אַ נצחון.

ווען מאַק האָט גענומען בעסער עסן און זיצן ווי אַמאָל, האָט הארטוויגסען זיך צוגעשריבן דעם גאַנצן כּבוד פאַר דער דאָ־זיקער ענדערונג. ס'איז כּדאי געווען דעמאָלט צו הערן זיין גוט־מוטיקע באַרימערייַ: „דער רויטער שאַל האָט נישט געהאָלפן, — האָט ער געזאָגט — דעם דאָקטאָרס טראָפּנס האָבן נישט געהאָלפן, אָבער איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, וואָס אים פעלט. ניין! דער עיקר איז, אַז מען דאַרף האָבן שכל אין קאָפּ!"

אין דריי וואָכן אַרום האָט זיך שוין מאַק ווידער באַוויזן אין דער קאָנטאָר. צו מיטאָג האָט מען יענעם טאָג דערלאַנגט טייערע מאכלים און וויינען. אַזוי האָט די באַראָנעסע פאַראָרדנט. איך בין

שוין געווען אין עס־צימער, ווען מאַק איז אַריין און האָט זיך אַרומ־געקוקט אויף דעם יום־טובדיק צוגעגרייטן טיש.

— ווו איז מיין טאָכטער, די באַראָנעסע? — האָט ער גע־פרעגט ביי דער ווירטשאַפטערין.

— זי איז אַוועק צו זיך אַביסל אויספּוצן זיך. — איז געווען דער ענטפער.

מאַק איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער, האָט גערעדט אַביסל מיט מיר, צייטנווייז וואַרפנדיק אַ בליק אויפן וואַנט־זייגער. צו מיר איז ער געווען זייער ליבלעך און האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז מיר איז געווען גוט די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען.

דעמאָלט איז אַריינגעקומען די באַראָנעסע. זי האָט געטראָגן אַ רויט סאַמעטן קלייד, מיט איר זענען אַריין די צוויי מיידעלעך, אויך יום־טובדיק אָנגעטאָן.

— דו ביסט דאָ, זיידע! — האָבן די מיידעלעך גענומען שרייען און אים אַרומגערינגלט.

און מאַק האָט געזאָגט עטלעכע פריינטלעכע ווערטער די אייניקלעך, און נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צו דער טאָכטער:

— איך האָב דיך געזוכט, עדוואַרדע, כדי צו באַדאַנקען דיר פאַר דיין אויפמערקזאַמקייט!

און מער קיין איין וואָרט נישט. אָבער איך האָב געזען, אַז די דאָזיקע דאַנקבאַרקייט האָט פאַר דער טאָכטער געהאַט זייער אַ גרויסן ווערט.

— ווי פילסטו זיך איצט?

— גאָרנישט, איך בין אינגאַנצן געזונט.

— מסתמא אַביסל שוואַכער געוואָרן.

— אָ, ניין, גאָרנישט! — האָט מאַק געענטפערט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

דעמאָלט האָבן מיר זיך געזעצט צום טיש. איך האָב די גאַנצע צייט פונם מיטאָג געטראַכט: „איך האָב קיינמאָל נישט גע־זען קיין העפלעכערע און משונהדיקערע באַציונגען צווישן פאָטער און טאָכטער. איבער דעם סירילונדער הויז הויערט, אפנים, עפּעס

א סוד!" מאַק האָט געפונען אַ געלעגנהייט צו באַדאַנקען דער מאַכטער אויך פאַר דער נייער שטוב-מיידל, וואָס זי האָט גענומען אין שטוב אַריין.

— דאָס איז באמת אַ שטיל און אַ פלייסיק מיידל!

און געזאָגט האָט עס מאַק, זיצנדיק לגמרי מיט אַ רויקן פנים, פונקט ווי קיינער פון אונז וואָלט נישט געוווּסט, פאַרוואָס פעטרינע האָט געמוזט אַוועק פון דער שטעלע, אָפּלאָזנדיק דעם אָרט מאַרגאַרעט.

אָט האָט דער העקלמאַכער ווידער באַקומען אַן אַרבעט און אַ שטיקל ברויט, און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט ער באַקומען גלייכצייטיק אַ ווייב מיט אַ קינד. דער העקלמאַכער האָט קעגן דעם גאָרנישט נישט געהאַט. פעטרינע איז געווען אַ געזונטע, אַ האָרעפּאַשנע און דערצו נאָך מיט אַ פריילעכן געמיט. דער עולם האָט אפילו געפונען, אַז זי איז צו גוט פאַר אַזאַ נישטיקן קאָמעדיאַנט, ווי זי האָט באַקומען פאַר אַ מאַן, זיינע הענט האָבן זיך צו קיין אַרבעט נישט צוגערירט, דערפאַר איז ער טאַקע געגאַנגען אין אָפּגעטראָגענע שטיוול, וועלכע ער האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט אונטערצושלאָגן מיט פאָדקעוועס. די טושע—מיט דעם איז גראָד געווען פאַרקערט... אָ, ס'אַראַ אונטערשיד עס איז געווען צווישן די דאָזיקע צוויי חברים! די טושע פלעגט יעדן אָוונט אַראָפּנעמען די שטיוול, באַטראַכטן זיי, גוט אויסשמירן מיט וואַרעמען דזשעגעכץ, און ווי נאָר ער האָט באַמערקט אַ פרייען אָ-רט אויף די פאָדעשוועס, פלעגט ער אַהין גלייך אַריינזעצן דעם לעצטן און לסוף דעם סאַמע לעצטן טשוואָק. דערפאַר זענען עס געווען שטיוול! פונקט ווי פודיקע געוויכטן אויף די פיס, און געטראָגן האָט ער זיי צו פיר יאָר. אויף דעם העקלמאַכערס שטיוולקעס האָט ער געקוקט מיט פאַראַכטונג.

ביידע חברים האָבן שוין צווישן זיך נישט גערעדט אַזוי פיל ווי פריער. די טושע איז געוואָרן אַלץ איינזאַמער און איינזאַמער, מחמת דער העקלמאַכער האָט דאָך שוין געהאַט אַ מאַסע אַנדערע עסקים. ער האָט געהאַט אַ ווייב און אַ קינד, ער האָט חתונה געהאַט. געוואָרן אַ פאָטער פון אַ משפחה. די טושע איז געבליבן

אליין מיט די געדאנקען וועגן בראמאפוטרען. וועגן וואס האבן זיי געקאנט שמועסן? דערצו נאך איז דער דאזיקער קאמעדיאנט גע-ווען שוין צופיל נישט קיין איבערקלויבער, א לאנגע צייט איז ער ארומגעגאנגען און האט זיך בארימט דערמיט, וואס מאק האט אים געבארגט די פאר פערד מיטן שליטל צו דער חתונה. אדרבא, פון וואס אזוינס האט דא א דערוואקסענער מענטש געקאנט באפן התפעלות? צי האט אים אבער מאק געגעבן א הוספה אויף די שכירות? און צי האט מען דער יונגער פאר געגעבן א דאך איבערן קאפ?

אך, די-א פראגע איז ביי דעם העקלמאכער פון זינען נישט ארויס: דאס קעמערל האט נאך אלץ נישט צו אים געהערט. דער מושב-זקנימניק, פרעדעריק מענזא, איז נאך אלץ נישט געשטארבן. דער העקלמאכער פלעגט זאגן צו דער טושע:

— ווען איך האב דיין כוח, וואלט איך די דאזיקע נבלה צוגעדרגעט אויף טויט!

אט וואס עס האט גערעדט די דאזיקע פערזענלעכקייט מיט די הענט, וואס האבן נישט געטויגט א קאץ דעם עק צו פאר-בינדן. עס האט אים איין קלייניקייט אויסגעפעלט: ער האט קיין כוח נישט.

די טושע פלעגט ענטפערן:

— דו רעדסט ווי א חיה!

— מיר האבן זיך דאך נישט תּו א קער צו טון! נישטא מיט וואס צו אטעמען! — פלעגט דעמאלט דער העקלמאכער שרייען.

— דאס איז טאקע אמת, — האט די טושע געענטפערט לאנג-זאם און מיושבדיק — און ערגער פאר אלעמען איז דעם קינד.

דער העקלמאכער פלעגט ווידער שרייען פון כעס:

— און פארוואס זאל יענס-דער-פאטערל נישט ווידער ארי-בערקלויבן זיך צו דער נבלה? וואס איז די מניעה? ער האט דאך מיט אים געוווינט פאר מיר.

די טושע איז גערעכט געווען: ערגער פאר אלעמען איז גע-ווען דעם קינד. דאס איז געווען א ווייל, גרויס יינגל מיט טונקעלע אויגן. ער האט קיינמאל נישט געהאט קיין איין אטעם

פרייע לופט, סיידן ווען מען האָט אים גוט איינגעוויקלט און אַרויס־געטראָגן פון קעמערל. די גאַנצע נאַכט פלעגט ער אָטעמען און וויינען אין דער שטינקעדיקער לופט, וואָס פרעדעריק מענזא האָט זי פאַרסמט, אָבער, אפנים, אַז אַלץ אויף אונזער וועלט איז גע־טון מיט חכמה: אַ קליין קינד באַזיצט נישט קיין באַזונדערע פי־לעוודיקייט, עס טראָגט אַלץ אַריבער. און פרעדעריק מענזא איז זיך געלעגן און געחזרט: „טו־טו־טו" און „באָ־באָ", פונקט ווי ער וואָלט וועלן מאַכן אַ שפּיל פאַרן קינד. דער שטילער זקן האָט זיך דאָך נישט געקלאָגט, וואָס אין זיין קעמערל האָט זיך באַוויזן אַ קליין שרייערל, טאָ פאַרוואָס. זשע זאָל מען זיך אויף אים קלאָגן?

חאָכן זענען געגאַנגען. דער טאָג איז קענטיק גרעסער גע־וואָרן. די געבענטשטע ליכט־געבערין האָט זיך ביסלעכווייז ווידער געווענדט צו אונז מיטן פנים. מען דאַרף זיך מודה זיין, אַז די דאָזיקע ווינטערדיקע וואָכן זענען מיר שווער געווען אַריבערצו־טראָגן, און איך וואָלט זיי נישט אַזוי גוט אַריבערגעטראָגן, ווען נישט גאָט וואָלט מיר געהאָלפן. געבענטשט זאָל זיין גאָטס נאָמען! און היות ווי איך בין אַליין שולדיק געווען אין מיינע צרות, האָב איך אויף קיינעם טאָקע קיין תרעומות נישט געקאָנט האָבן.

ראָזע פלעגט, ווי אַמאָל, זעלטן ווען אַריינקומען אין קלייט איינקויפן פאַר דער שטוב. מיט איר פלעגט זיין מאַרטע טיילווייז פון פאַרגעניגן וועגן, טיילווייז אויך צוליב דעם, זי זאָל העלפן אונטערטראָגן די קניות אהיים. ראָזען אַליין איז עס שוין געווען שווערלעך.

איינמאָל האָט ראָזע צו מיר געזאָגט:

— איר וועט שוין מער קיינמאָל צו אונז נישט קומען?

— ווי דען. אַ דאַנק. — האָב איך נאָר געענטפערט.

— איר זענט, מסתמא, זייער פאַרנומען. איר גייט אָפט קיין טאָרפּעלוויקען?

— ניין. — האָב איך געענטפערט.

— אָבער איר וואָלט געדאַרפט גיין אָפטער.

דאָס איז געווען מיין לעצטער שמועס מיט ראָזען פאַר דער

גרויסער געשעעניש, וואָס איז נאָך דעם געשען. מיר זענען דעמאָלט ביידע געשטאַנען ביים וואַרשטאַט אין קלייט, און זי האָט מיר אַוועקגייענדיק דערלאַנגט איר ליבע וואַרעמע האַנט. זי איז געווען אָנגעטון אין דעם פוקסן־פוטערל. ווי מאָדנע עס איז מיר איצט צו דערמאָנען זיך וועגן דעם. די דאָזיקע פרוי האָט געהאַט אַזאַ כּוח איבער מיר, אַז ווען זי איז אַרויס פון קלייט, האָב איך מיך געסטאַרעט אַוועקצושטעלן זיך פּונקט אויף דעם אָרט, אויף וועלכן זי איז נאָר וואָס געשטאַנען. מיר האָט אויסגעוויזן, אַז דאָ איז אַזוי פיל וואַרעמקייט און עפּעס אַ מין באַזונדער זיסקייט, עס איז מיר געווען אַזוי אָנגענעם צו שפּירן דאָס. הגם איך האָב קיינמאָל אין זיך נישט אַריינגעצויגן איר אָטעם, פונדעסטוועגן האָב איך מיר פאָרגעשטעלט וואָס פאַראַ תענוג דאָס איז. איך האָב עס געדרונגען פון אירע הענט, פון איר גוטן פּנים, יאָ, אַפּנים, אויך פון דעם גאַנצן קערפּער אירן. איבעריקנס, דאָס האָט זיך אַלץ, אַפּנים, גענומען פון מיין אומבאַגרענעצטן פאַרגעטערן זי. אין יענע צייטן פלעג איך אָפט טראַכטן: ווען גאָט וואָלט נאָר באַוויליקן צו געבן מיר ראָזען, וואָלט פון מיר אפשר געוואָרן עפּעס מער ווי דאָס, וואָס איך בין אין לעבן. שפּעטער האָב איך מיך גענומען באַציען דערצו פיל רויקער, און האָב פאַר גוט אָנגענומען דאָס, וואָס עס איז מיר באַשטימט פונם גורל. Fiat voluntas Dei!

אין סירילונד איז אַלץ אַוועק מיטן געוויינטלעכן דרך: מאַק האָט געפירט זיין קאַנטאָר, האַרטוויגסען — אַנדערע געשעפטן. אָבער די באַראָנעסע איז שוין ווידער אומעטיק געוואָרן און זי האָט קיין רו נישט געפונען אין דעם פרומען לעבן.

— איך גיי מער נישט אין קירך. ער שטייט דאָרט און מורמלט פּונקט ווי אַ קינד וועגן עפּעס ערנסטע זאַכן, — האָט זי געזאָגט וועגן דעם פּאַסטאָר פון אונזער פּאַראַפיע.

שפּעטער האָט זי זיך נאָך מער אַרויסגעזאָגט — דאָס איז געווען שבת פון דער פּוטער־וואָך, ווען זי מיט די קינדער האָבן זיך צעשטיפט און אַוועקגעלאָזן שמייסן אונז אַלעמען מיט ריטער, — זי האָט דעמאָלט געזאָגט:

— עס זענען מיר מיאוס געוואָרן די תעניתים און די תהילימס, און דאָס קניעניש און די גאַנצע נאַרישקייט! שלאָגט שטאַרקער! שטאַרקער! מיידעלעך!

מילא, דער באַראָנעסע ווערט דאָך אַלץ פריער אָדער שפּע־טער מיאוס. איצט איז זי אין אַ משך פון עטלעכע טעג ווידער געווען פריילעך, האָט געזונגען, אַריינגעטון זיך אין אַלערליי שטי־פעריייען.

— וואָס פעלט דיר דען נאָך? — האָט זי געפרעגט ביי דער סאָלידער און גאָטספאָרכטיקער מאַרגאַרעט. — מיר דאַכט זיך, אַז דו זיפצסט אַלץ. אויף וואָס איז עס?

מאַרגאַרעט איז שוין אַליין נישט געווען די פריערדיקע צנועה, און די באַראָנעסע האָט זי אָנגעשטעקט, און כסדר צע־מישט איר די רעיונות, אַרויסברענגענדיק זי פון דער ערנסטער שטימונג. אגב, איז נישט אזוי לייכט געווען ביישטיין קעגן דעם נסיון פון מאַקס רייד, ווען ער איז געווען אין דער וואַנע. מען דאַרף רעכענען, אַז דער מאַרגאַרעט איז מאַקע נישט אַלעמאָל גע־לונגען צו פאַרבלייבן אין די גרענעצן פון צניעות. לפּחות איינמאָל אין אָוונט, בעת מאַק האָט געבעטן, זי זאָל נאָך אַ רוף טון סוען דעם ועכטערס ווייב, עלען, האָט עס מאַרגאַרעט געטון נישט מיט דעם זעלביקן אומשולדיקן אויסזען, ווי אַלע מאָל. אָך, אפנים, אַז דאָס אַלץ איז נישט זייער גוט געווען פאַר דער יונגער מאַר־גאַרעט. און די באַראָנעסע האָט זיך שוין מער נישט געמישט אין די משוגענע עסקים פון איר פאָטער. ס'איז אַלץ צוריק אַוועק אויפן אַמאָליקן שטייגער, ווי עס איז געווען ביז דעם פּעריאָד פון איר פרומקייט.

אָבער עלען האָט געהאַט איין געליבטן אויף גאָר דער וועלט — דאָס איז מאַק. ס'איז מאָדנע געווען צו קוקן דערויף. זי האָט קיינמאָל נישט געקאָנט איבערטראָגן נאָך עמעצן מיט זיך אויף איין ברעטל, און דאָ האָט זיך פלוצלינג באַוויזן די דאָזיקע מאַרגאַרעט, וואָס דאַרף זי האָבן פון מאַקן? איינמאָל אין אָוונט האָב איך געהערט ביי מיר הינטערן פענסטער אַ מחלוקת צווישן דיביידע פרויען. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן קריגן. תיכּף נאָך מאַקס

וואנע.ביידע, עלען און מארגארעט, האָבן זיך געהיצט, און נישט געשטערט הויך צו זידלען מיט די ערגסטע ווערטער. איך האָב געפּרוווט אָנקלאַפּן אין שויב. אָבער זיי האָבן אויף מיר קיין שום אכט נישט געלייגט, כ'ווייס, עפּעס אַ סטודענט.

ביי עלען איז די שטים געווען אַ הייזעריקלעכע, אַ תאווה־דיקע. זי האָט גערעדט:

— יאָ, דו ביסט אַ ווילינקע, נישטאָ וואָס צו רעדן!

— בעסער וואָלסטו געשוויגן, — האָט מארגארעט געענט־פערט. — נישט פאַר דיר פּאַסט מיך צו לערנען!

— נישט פאַר מיר? אפשר נישט ער אַליין האָט דיך גע־שיקט נאָך מיר?

— טאָ וואָס זשע איז? אָבער דו קאָנסט זיך נישט פירן מענטשלעך און האַלטן זיך אָנשטענדיק.

— און דו מאַכסט אַן אָנשטעל פון בלומרשט אַ שטילינקער.

— איז וואָס, איך בין אַ שטילינקע, און דו וואָס? קאָנסט קיין טראָט נישט מאַכן ווי אַ מענטש!

— אָ! — מאַכט עלען. — נאָך די אויגן קאָן מען דערקענען די בעזחרפּהטניצע! טפו!

מארגארעט שרייט אויס אין צאָרן:

— דו שפּייסט זיך נאָך? איך וועל דאָס אים דערציילן!

— טו אַ טובה, דערצייל! אַ גרויסן זאָרג האָב איך! נאָר דו זאָג מיר בעסער: דאָס איז גוט, וואָס דו רעדסט אים איין? איך האָב דאָך געזען!

— איך טו, וואָס מען הייסט מיר.

עלען קרימט איבער:

— מען הייסט! בעסער מאַך נישט קיין אָנשטעלן. איך ווייס, אז ער האָט דיך שוין נישט איינמאָל גענומען.

— ער האָט עס דיר דערציילט?

— דערציילט!

— אָט וועל איך שוין ביי אים פרעגן!

# XXVI

איינמאָל איז הארטוויגסען איילנדיק אריינגעלאָפן אין קלייט, אוועק הינטערן וואַרשטאַט און נעלם געוואָרן אין דעם קאַנטאָר. דאָרט בלייבט ער נישט מער ווי צוויי מינוט. ווען ער גייט צו־ריק אַרויס, און צו אים ווענדט זיך ווידער, ווי אַלע מאָל דאָ דער, דאָ יענער מיט עסקים, טוט ער נאָר אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט:

— איך האָב היינט קיין צייט נישט: די פרוי ליגט ביי מיר אינדערהיים אַ קראַנקע.

איך האָב דערביי דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין האַרצן און נישט ווילנדיק אויסגעשריגן: „אָך!"

— נו, נו, — כאַפּט הארטוויגסען שמייכלענדיק — איר איז איצט בעסער, פונדעסטוועגן אָבער...

— הייסט עס, נאָך פון ביינאַכט אָן?

הארטוויגסען האָט געענטפערט:

— יאָ. אויב שוין רעדן, טאָ לאָמיר שוין זאָגן דעם גאַנצן אמת: אַ יינגל!

הארטוויגסען איז די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, אָבער ער איז געווען שטאָלץ און אויפריכטיק גליקלעך. ער האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל סטען דעם קלייט־משרת, אַז ער זאָל נישט אַנטזאָגן צוויי אָרעמע ווייבער אין זייער בקשה, און איז פונקט אַזוי אין איילעניש אַוועקגעגאַנגען. אפנים, ער האָט דאָ מער גאָר־נישט געדאַרפט, ווי נאָר אָנזאָגן מאַכן די נייס. דעם זעלביקן מאַכן, פאַר וועלכן מען האָט געקאָנט מורא האָבן און וועלכן מען האָט געקאָנט אפילו פיינט האָבן, נאָר וועלכער איז געווען דער אמתער פריץ!

דאָס נייס האָט זיך פאַרשפּרייט, די מיידעלעך האָבן זיך גענו־מען בעטן צו ראָזען אַ בליק צו טון אויפן וונדער. מאַק האָט אויפגעהויבן ווייסע פענער סיי אינדערהיים איבערן הויז, סיי אין

האפן. פארשטייט זיך, די געבורט פון א קינד איז נישט געווען קיין נייס אין סירילונד, אָבער מאַקן האָט נישט געפּאַסט יעדן מאָל ביי אזא פאַל אויפהענגען פענער. איצט איז געווען עפּעס אַנדערש. און אָט דער גרויסער סימן פון אויפמערקזאַמקייט האָט געמאַכט א שטאַרקן רושם אויף האַרטוויגסענען.

— מען קאָן וועגן מיין שותּף זאָגן, וואָס מען ווִיל, — האָט ער געזאָגט — נאָר וואָס איז שייך צו דערצויגנקייט און אַלץ מיט־אַנאַנדער איז ער שוין איינמאָל א מענטש!

די באַראָנעסע האָט אויך דערוויזן, אז זי האָט א האַרץ פאַר אַנדערע, נישט נאָר פאַר זיך אַליין. זי איז אַלע טאָג געגאַנגען צו ראָזען, און האָט איר אַלטע פריינדין אַרומגערינגלט מיט דער בעסטער אויפפאַסונג. לסוף האָט זי מיט זיך אַהין גענומען די מיידעלעך אויך.

ווי די מעשה איז, ראָזע איז אַראָפּ פון בעט און האָט ווידער גענומען אַרויסגיין פון שטוב. איך האָב פון אַנדערע געהערט, אז די יונגע מוטער איז פריילעך און געזונט, אַנטציקט פון דעם קינד און אז איר איז בכלל לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן, אזוי אז דער געבוירענער יונגאַטש איז פאַר איר געווען אַן אמתע ברכה. איך האָב בכיוון נישט געוואָלט גיין צו איר מיט א מזל־טוב, און דעריבער האָב איך געוואַרט אויף א צופעליקן באַגעגעניש.

איז מיר איינמאָל אויסגעקומען מיט איר צו באַגעגענען זיך ביי זייער וויכטיקע און פילבאַדייטיקע אומשטענדן.

דאָס זענען געווען די טעג פון פרילינגדיקער טאָג־און נאַכט־גלייך: די צייט פון שטורעמס, שוואַרצע וואַסער אין ים און פינסטערע נעכט. איינמאָל ביידערנאַכט הער איך דאָס הייַלן פונט פאָסטדאַמפּעד איבער גאַנץ סירילונד, און איך זאָג מיר נאָך פאַר זיך: „גאָט, זיי מציל די אומגליקלעכע און העלף די, וואָס געפינען זיך אין ים, אז זיי זאָלן בשלום אָנקומען אויף דער יבשה!“.

אינדערפרי האָט דאָס וועטער זיך אַביסל אויסגעלייטערט. איך האָב אָנגעטון דעם מאַנטל און בין אַוועק איבערן וועג

אַראָפּצו, צו דעם האַפן. דאָ האָב איך געפונען ראָזען. איך האָב נאָך פונדערהייטן דערקענט איר פוקסן־פוטערל.

ווי נאָר איך האָב באַוויזן צו פאַרנויגן זיך פאַר איר און צוגיין נענטער, קלויבנדיק זיך אָפּצוגעבן איר מזל־טוב, האָט זי מיך תיכּף איבערגעריסן:

— איר האָט געזען בענאָנין?

— ניין.

זי איז דערפּון אויסער זיך, און די ליפּן ציטערן בײַ איר. זי זאָגט:

— גילבערט דער לאָפּאַר איז ווידעראַמאָל געקומען צו מיר. ער זאָגט, אַז... און איך האָב מורא צו זיין אינדערהיים. דאָס קינד איז מיט דער קעכין. איך גיי און זוך בענאָנין.

— באַרויקט זיך נאָר. וואָס אַזוינס האָט געזאָגט גילבערט דער לאָפּאַר?

— ער האָט געזאָגט, אַז ער איז דאָ. געקומען צו פאָרן בײַדערנאַכט מיטן דאַמפּער. ניקאָלאַי! אָט איז ער געקומען און איז גאָרנישט געשטאָרבן. ער איז בײַם שמיד. אפשר קאָנט איר גיין פאָרויס אַ בליק טון, צי איז בענאָני אין האַפן?

איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן אַהין. אין האַפן איז בענאָני ערגעץ נישט געווען, עפּעס איינער אַ מענטש איז צוגעשטאַנען צו מיר אין מיינע זובענישן. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אומבאַקאַנטער מענטש, נאָר מיטן באַנדער האָט ער גערעדט גלייך ווי אַ באַקאַנטער, מיך האָט ער נאָר אײַנאָנהייב געפרעגט, וועמען זוך איך. ער איז געווען גוט אָנגעטון, און נאָך זיין פאַרנויגן זיך האָט מען געקאָנט זען, אַז ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש. איך האָב געענטפערט, אַז איך זוך האַרטוויגסענען, אַז זיין ווייב דאַרף אים זען, אָט שטייט זי אויפן וועג. דעמאָלט האָט דער מענטש גענומען זיך מיט פלייס העלפן אויפזוכן האַרטוויגסענען.

— איך וועל אייך העלפן אויפזוכן אים, — האָט ער געזאָגט — איך קען אים.

דאַן זענען מיר גיכער אַוועק צו ראָזען.

און ראָזע, ווי זי האָט אונז דערזען, איז זי תיכּף־ומיד פאַר־

ציטערט געוואָרן און האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט. אָבער איך האָב גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען, גאָרנישט געקאָנט משער זיין און טרעפן. דעמאָלט האָט זי זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק פון אונז. איך האָב אַ טראַכט געטון: „זי האָט דער-זען, אַז איך האָב האַרטוויגסענען נישט געפונען, האָט זי זיך ווידער איבערגעשראָקן!" אָבער ס'איז דאָך קיין גרונט נישט פאַר אַזאַ פאַרצווייפלונג: האַרטוויגסען איז אפשר אויף דער מיל. אין אַ ליאַדע פערטל שעה קאָן מען אים ברענגען פון דאָרטן. ראָזע איז אַלץ ווייטער געגאַנגען אויף אַ מהלך פון עטלעכע טריט ווייט פון אונז, און ס'איז געווען אַ צער צו קוקן: באמת, פונקט ווי עפּעס אַ חיהלע, איינגעבויגן און צונויפגעקאָר-משעט, איז זי פון אונז געלאָפן אין איר פוקסן-פוטערל. נענטער צוגעגאַנגען, האָבן מיר דערהערט, ווי זי יאָמערט, און ווידער-אַמאָל איז עס געווען ענלעך צו אַ געהייל פון אַ חיהלע. ס'איז מיר אַ ווייטיק אפילו צו דערציילן דאָס! - לסוף איז זי אַראָפּ פונם וועג, אין מיטן שניי אַריין, צו אַ שטיין, וואָס דער ווינט האָט אַראָפּגעבלאָזן פון אים דעם שניי.

ווען מיר זענען צו איר צוגעגאַנגען האָב איך דערזען, אויף וויפיל איר געזיכט איז געווען אויסגעמאַטערט און בלאַס, די הויט איז געווען גרוי, זי האָט נישט געהאַט, מיט וואָס צו אָטעמען.

— שרעקט זיך נישט, ראָזע! — האָט פלוצלינג צו איר גע-זאָגט דער מענטש. — מיר זוכן בענאָנין. ער איז אַוודאי אויף דער מיל.

מיר איז פּאַר אַמאָל קלאָר געוואָרן: דער-אָ מענטש איז דאָך דאָס טאַקי ניקאָלאַי אַרענטסען, דידאָזיקע אומגליקלעכע פּערזאָן, וועלכע גאָט האָט היינט ביידערנאַכט געהאָלפן בשלום דערגרייכן צו דער יבשה! און איך מיט מיין נאַרישקייט האָב אים אַליין געבראַכט צו ראָזען.

איך בין גלייך ווי געליימט געוואָרן, און האָב נישט גע-וווּסט וואָס צו טון. דער מענטש האָט אויך גאָרנישט אונטערגע-נומען. ער האָט נאָר אַראָפּגענומען דעם הוט, כדי אָפּצוקילן זיך

און האָט דערביי געזאָגט עטלעכע ווערטער. ביי אים איז געהנגען א פליך איבערן גאנצן קאָפּ.

— איך פארזיכער דיר, אז בענאָני איז אויף דער מיל, — האָט ער געזאָגט — אין פאַל, אויב מ'וועט דארפן, איז אהינצו אינגאנצן עטלעכע טריט.

ראָזע האָט זיך אין אים איינגעגעסן מיט די אויגן און געזאָגט מיט א ציטערנדיקן קול:

— וואָס דארפסטו דאָ?

— אָך, ס'איז אזש היים געוואָרן צו לויפן! — האָט דער מענטש געענטפערט און צוריק אָנגעטון דעם הוט. — וואָס דארף איך דאָ? איך האָב דאָ אייניקע עסקים. אגב, האָב איך דאָך דאָ אויך מיין אלטע מאמע.

איך בין צוגעגאנגען צו ראָזען, גענומען זי אונטערן האנט געבעטן גיין נאָך מיר.

— איר דארפט דאָ נישט זיצן אויף דעם פארפרוירענעם שטיין. — האָב איך געזאָגט.

זי איז פונדעסטוועגן נישט אויפגעשטאנען און האָט טעמפּ געענטפערט:

— אלץ איינס!

— אָט אזוי, הייסט עס, בין איך געקומען מיט דעם פּאָסט־דאמפער, — האָט דער מענטש ווייטער גערעדט — ס'ארא הינטיש וועטער! עס מורשט אזוי! דער שטיד האָט מיר געגעבן א ווינקל. מיר האָבן צוזאמען ביז אינדערפרי געשפילט אין קאָרטן, זייער אן אומשולדיק שפיל.

איך האָב אים מער נישט געוואָלט הערן, און ווי באלד אז ראָזע האָט נישט געוואָלט גיין מיט מיר, האָב איך באשלאָסן איבערלאָזן זי און אוועקגיין ווייטער זוכן בענאָנין.

— גייט נישט אוועק. — האָט זי געזאָגט.

דער מענטש האָט אויך אויף מיר א קוק געטון און געזאָגט, אזוי ווי ער וואָלט וועלן טון איר א געפעליקייט:

—יאָ, גייט נישט אוועק! מיר קאָנען הארטוויגסענען געפינען, ווען מיר ווילן נאָר.

איך האָב אין דער רגע פאַרשטאַנען צוויי זאַכן: ראָזע האָט מיך אָנגערופן קינד, און אַ קינד קאָן אַלעמאָל זיין ביי אַ געשפּרעך פון צוויי דערוואַקסענע. צי דען האָט אין איר ווידער אָנגעהויבן רעדן איר פאַראַכטונג צו מיר?

— ניין, צו וואָס זאָל איך דאָ זיין? — האָב איך געזאָגט.

— פּרי... פּרי... בלייבט דאָ!

דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין אַן אַנדער זאַך: זי פילט זיך רויקער אין מיין אָנוועזנהייט. איר האָט זיך נישט איינגעגעבן אויסצומיידן די באַגעגעניש, וויל זי איצט מאַכן אַ סוף צו אַלץ מיט אַנאַנדער. אויב אַזוי בלייב איך.

— דאָס איז ניקאָלאַי. — האָט זי צו מיר געזאָגט.

— ניקאָלאַי אַרענטסען, — האָט דער מענטש צוגעגעבן — אַ געוועזענער אַדוואָקאַט. אַמאָל בין איך דאָ געווען אין אַ געוויסן זין אַלמעכטיק. איך בין געווען ניקאָלאַי אַרענטסען, דאָס געזעץ אַליין. און איצט בין איך־אַ גוטע בשורה.

היות ווי די דאָזיקע ווערטער זענען געווען געווענדט צו מיר, האָב איך פון מיין זייט געפרעגט:

— מיט וואָס זשע פאַר אַ גוטע בשורה זענט איר אַהערגע־קומען?

— יאָ, זאָג איך דיר, ראָזע, — האָט ער געענטפערט אינ־גאַנצן שוין נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף מיר — מיר דאַכט זיך, אַז מיר ביידע האָבן פאַר זיך איין וועג־אין וואַסער אַריין!

– ס'קאָן זיין, אַז דאָס וואָלט געווען בעסער פאַר אַלץ! — האָט זי געזאָגט.

פּויזע.

איך האָב מיך צו אים צוגעקוקט, אַ מענטש פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ גאַנץ געוויינלעכן אויסזען, אַ קיילעכיקן פּנים און אַ קורצן האַלז, מיט אַ שיינעם מויל.

— ניין, פאַרוואָס בעסער? — האָט ער פלוצלינג געפרעגט. — דו האָסט אַ מאַן און אַ קינד און אַ לאַנג לעבן פאָרויס. ניין, ראָזע.

זי האָט דערויף געענטפערט:

— דו ביסט אַלץ דער זעלביקער, זע איך.

איך האָב אַ טראַכט געטון: „צו וואָס, אין נאָמען פון אַלץ, וואָס הייליק איז, זיצט זי דאָ און האַלט די דאָזיקע שמועסן אונ־טער? בעסער וואָלט זי אויפגעשטאַנען און אַוועק!"

דאַן האָט ער געזאָגט קורץ און אַנטשלאָסן:

— הער זשע, ראָזע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? איך האָב דיר, אפנים, נישט געזאָגט, אַז דו דאַרפסט פאַר אַ מאַן נישט מיך, נאָר דעם בריוטרעגער בענאָני? דאָס האָט אפילו אַ קעלבל געקאָנט פאַרשטיין.

— און דו האָסט גאָרנישט קענען דעם, וואָס איך האָב חתונה געהאַט?

— ניין, אַזוי האָט עס געדאַרפט זיין.

— אַזוי געדאַרפט זיין? — האָט זי געפרעגט, אַרויסווייזנדיק דאָס ערשטע מאָל פאַראינטערעסירטקייט. — זיי האָבן געזאָגט, אַז דו ביסט געשטאָרבן, דעמאָלט האָב איך חתונה געהאַט.

— נו, יאָ, אַזוי האָט געדאַרפט זיין, ס'הייסט, איך האָב גע־וואָלט זאָגן, נישט געדאַרפט, גייט עס צום טייוול! נאָר איך בין געקומען אַהעקצושטעלן אַלץ, ווי עס דאַרף צו זיין. געשטאָרבן? געווים געשטאָרבן. און אָט דערפאַר טאַקע דאַרף מען באַצאָלן. אָבער איך האָב נישט באַקומען קיין געצאָלט, נישט דאָס גאַנצע געצאָלט באַקומען. די דאָזיקע ליבע הערן האָבן מיר אָנגעפייפט. דעריבער בין איך אַרויפגעשוווּמען צו תּחית־המתים.

זי איז, אפנים, זייער געוואוינט געווען צו זיין אומגעהערטן ציניזם, און פונדעסטוועגן האָט זי אָנגעכאַפּט אַ ציטער, און ער האָט עס באַמערקט.

— נו, געווים, געווים, — האָט ער גענומען אויסלאַכן — דיין שרעק איז גרויס, און אַזוי ווייטער! אָבער איך קלויב מיך נישט צו לעבן לענגער, איידער איך וועל באַקומען מיין געצאָלט. דע־מאָלט וועל איך צוריק שטאַרבן. דו מעגסט באַדאַנקען די דאָזיקע־רמאים דערפאַר, וואָס איך זיך דאָ. איך האָב זיי צוויי מאָל גע־וואָרנט. האָבן זיי דען נישט געדאַרפט באַפרייען דיך פון דעם פאַרגעניגן צו קוקן מיר אין פנים אַריין? איך האָב געגעבן צוויי

סימנים פון לעבן צו מיין מוטער. אָבער די אָשוסטן האָבן מיך נישט דערשלאָגן אינגאַנצן.

ראָזע האָט זיך גענומען בארויקן. זי האָט צעווייגעלייגט די הענט און געזאָגט:

— אַך, ווי שרעקלעך דאָס איז אַלץ!

— יאָ, איך בין שרעקלעך. איך בין אַלץ דער זעלביקער! אָבער צו האָסטו דען געוואַרט אויף עפּעס אַזוינס מצד די דאָזי-קע פיינע לייט? איבעריקנס, פאַרשטייט מיך נישט פאַלש: איך בין נישט אַזוי חושד דיין מאַן, ווי זיין אַגענט.

— ווער איז עס? איך פאַרשטיי נישט...

— מאַק!

ס'איז געווען עפּעס אַנטשלאָסנס און צוציענדיקס אין דעם מענטשן, מער נישט די ברוטאַלע אָפנהאַרציקייט זיינע וואָלט גע-קאָנט זיין אָנגעווענדט אויף עפּעס בעסערס. איך האָב געוואָלט העלפן ראָזען פאַרענדיקן דערמיט און געזאָגט:

— פאַרצייט מיר, פאַרוואָס פרעגט איר ביי אים נישט: צו וואָס דערציילט ער אייך די אַלע פּרטים פון זיין האַנדל?

— איך וועל דאָס דיר טאַקע באַלד דערקלערן, — האָט ער געענטפערט ראָזען — דיין חופּה מיט בענאָנין איז אינגאַנצן אַ גע-זעצלעכע, און פון דער זייט האָב איך קיין תּביעות נישט. די פאַראַכטונג, וואָס איך האָב ביי דיר פאַרדינט, טראָג איך שוין פיל יאָרן, און כּדי דו זאָלסט קאָנען פאַרליידן די זכרונות וועגן מיר, וואָלסטו זיך געמוזט אומקערן צו זייער חייטע זכרונות, צו די טעג פון מיין יוגנט, צו דעם, ווי איך בין אַמאָל געווען. רעכט. אָבער איצט גייט עס אין דעם, וואָס איך דאַרף באַקומען דעם האָנאָ-ראַר, וואָס מיר קומט. איך האָב בדעה אויף עפּעס דאָס צו פאַר-ווענדן. האָב איך מיר אַ טראַכט געטון: אפשר וועט מיר ראָזע אין דעם באַהילפיק זיין!

— דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט וועגן די זכרונות, איז גאַנץ ריכטיק. — האָט ראָזע געזאָגט, ענטפערנדיק אויף אירע אייגענע געדאַנקען.

און ס'קאָן זיין, אַז זי וואָלט אפשר נאָך עפּעס געזאָגט, נאָר ער האָט זי איבערגעריסן:

— פאַרשטייט זיך, דו האָסט עס שוין פריער אויך געזאָגט. איך ווייס עס. און אויב דו האָסט נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן דעם חשק צו באַלעקן זיך מיט די דאָזיקע זכרונות, טאָ זאָל עס דיר וויל באַקומען! אייגנטלעך, ווילט זיך דיר איצט מער פאַר אַלץ, אַז איך זאָל מיך באַווייזן פאַר דיר ווי אַ מענטש, וואָס איז אימ־שטאַנד אַביסל צו רירן דאָס האַרץ, אַרויסרופן אַביסל מיטלייד: איך זאָל אַרויסלאָזן אַ טרער אויף דעם אַלעמען, וואָס איך האָב אין דיר פאַרלוירן. זײַ זיך מודה: ס'וואָלט דיר דען נישט פאַר־שאַפט קיין פאַרגעניגן, ווען איך וואָלט אַנטקעגנגעקומען דײַן סענ־ט־מענטאַלישקייט, כ'וואָלט מיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני און צו־געפאַלן צו די שפּיצן פון דיינע שיך?

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם געפיל פון אַכטונג, וואָס דער־אָ אומגעלעבער, גראַדליניקער און ריינער ציניזם האָט ביי מיר אַרויסגערופן! ער האָט איר געהאָלפן שטעלן זיך אויף די פיס. זי איז אויפגעשפרונגען, אָנגעכמורעט די ברעמען מיט באַליידיקונג און פאַרדרוס.

— איך וויל מיט דיר נישט רעדן! — האָט זי געזאָגט.

— אפילו ווען איך וועל מאַכן אַ רמז אויף דיין אָנגעגליטן קופערנעם שמייכל? — האָט ער געפרעגט גאַנץ רויק.

— ניין. — האָט זי געענטפערט, און צוריק זיך אַוועקגעזעצט און גענומען קלאַפּן מיט די שפּיצן שיך איבערן שניי. איך האָב זי קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ פאַרדרוס.

— גיי אַהיים צום קינד, — האָט פלוצלינג ניקאָלאַי אַרענטסען געזאָגט שטאַרק און וואָגיק — מחמת צווישן אונז איז אַלץ דער־ליידיקט.

— יאָ, — האָט זי אויך געזאָגט — גאָט איז אַן עדות, אַז דאָס איז אַזוי.

— נאָר איך האָב נאָך נישט באַקומען מיין האָנאָראַר.

— וועסט באַקומען, זײַ רויק. איך וועל איבעררעדן מיט בענאָנין.

— אַ דאַנק.

— מחמת דאָ איז זיבער פאָרגעקומען עפּעס אַ טעות. איך בין איבערצייגט, אַז אין דעם איז נישט בענאָני שולדיק.

— אמת! וואָס זשע זיצסטו דאָ אין שניי? דעם עסק האָבן מיר דאָך שוין דערליידיקט.

פויזע.

— איך ווייס אַליין אויך נישט גוט, — האָט זי געענטפערט — ס׳קאָן זיין, אַז איך וואַרט, אַז אין דיר זאָל דערוואַכן כאָטש אַביסל בושה.

— אומזיסט, ראָזע.

— הייסט עס, אַז דו האָסט פאַר מיר באַקומען נישט דאָס גאַנצע געלט?

— הממ... דו רעדסט אַלץ וועגן דעם? — האָט ער געענטפערט און אויסגעגלייכט זיך מיט שטאָלץ. — מיר ביידע האָבן צווישן זיך אַלץ פאַרענדיקט; איז איצט שוין צייט צו שיידן זיך? אמת?

ראָזע האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און האָט געזאָגט:

— יאָ, מיין מיינונג איז, אַז דאָס איז שוין צופיל עקלהאַפט פון דיין זייט!

— און אַזוי ווייטער. ניין, מיין פריינט, דאָס איז אין תוך נישט דאָס. די מעשה איז פשוט, וואָס דיין האַרץ האָט נישט באַקומען דאָס, וואָס אים איז נויטיק. זאָג אַליין, ווי קאָנסטו איצט צוליב מיר אַרויסדריקן כאָטש איין טרער פון אויג, ווען דו וועסט קומען אַהיים?

— ניין, ניין, וויינען וועל איך שוין אוודאי נישט!

— אָבער גראָד דאָס ווילט זיך אַזוי שטאַרק.

אָ, ס׳איז קיין ספק נישט געווען, אַז ער האָט זי טיף פאַרווּנדעט מיט יעדן נייעם וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט. לסוף איז זי אויפגעשטאַנען, אַרויס אויפן וועג און אַוועק אַהיים. מיר זענען געגאַנגען נאָך איר.

— כ׳בעט אייך, געפינט מיר בענאָנין! — האָט זי צו מיר געזאָגט.

ווו דער וועג פאַרקערעוועט צו איר הויז, האָט זי נישטוויל־דיק גענומען גיין פּאַמעלעכער. אַרענטסען האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און געזאָגט:

— בכן דאַנק איך דיר. וועסטו איבעררעדן מיטן מאַן?

ראָזע האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, נישט קוקנדיק אויף אים.

— אַ גוטן! — האָט אַרענטסען געזאָגט און צוריק אָנגעטון דעם הוט. — אויף וואָס זשע וואַרטסטו נאָך?

— אַך, ווער שוין אַנטשוויגן! — האָט זיך ביי איר היים אַרויס־געריסן. — דאָס איז פּשוט נישט געהערט געוואָרן!.. וואָס וואַרט איך? איך האָב אייך נאָר געוואָלט בעטן, — האָט זי זיך געווענדט צו מיר, — איר וועט זיכער בענאָנין געפינען אין מיל.

איך האָב מספּים געווען מיט אַ שאָקל פונם קאָפּ, און אַרענטסען האָט זיך ווידער אַריינגעמישט.

— דאָס ווייסן מיר. איך, לפּחות, האָב אים דאָרט אפילו געזען. אָבער דאָס, אויף וואָס דו וואַרטסט, — דאָס איז דאָס לעצ־טע וואָרט. ווי, הייסט עס, וועט עס זיין? איז אָט וואָס איך וואָלט געזאָגט: דו ביסט דאָך איצט די מיטבאַזיצערין פון דעם קלייט, וואָלסטו מיר אפשר געגעבן קרעדיט אויף צוויי דריי פלעשלעך בראָנפן?

ראָזע האָט זיך אויסגעדרייט און איז האַסטיק אַוועקגעגאַנגען צו דער שטוב.

מיר, די מאַנסבילן, זענען אַוועק צוזאַמען. מיר האָבן ביידע געשוויגן. איך האָב געטראַכט וועגן דעם, ווי איבעריק אַבזוריש דער דאָזיקער מענטש איז סיי צו זיך, סיי צו ראָזען. אויב ער האָט עס אַלץ געטון, כּדי צו העלפן איר אינגאַנצן אָפּטרייסלען זיך פון אים, איז עס אַן אומגעווינלעכע פערזענלעכקייט; ניין, באמת אַן אומגעווינלעכע.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען סירילונד און דערגאַנגען ביז דעם אָרט, ווו דער וועג פאַרנעמט זיך צו דעם שמידס הויז. דאָ האָט אַרענטסען געזאָגט:

— וועט איר גיין זוכן בענאָנין? ווען איר וועט אים געפינען,

בעט איך געדענקען, אַז איך וויל דאָ ביים שמיד, אויב ער וועט עפּעס וואָס דאַרפן.

איך בין אַוועק ווייטער צו דער מיל, האָב געפונען האַרט-וויגסענען און איבערגעגעבן דעם אויפטראָג. האַרטוויגסען איז לאַנג געשטאַנען, ווי אַ שטומער. לסוף האָט ער געזאָגט:

— און דאָס זענען דאָך אַלץ אונזער טייערן מאַקס אויפטו-עכצן. ער האָט אויף זיך גענומען די גאַנצע זאַך. אפשר קאָנט איר גיין מיט מיר צום שמיד?

איך האָב מיך געוואָלט אַרויסדרייען, נאָר ווען האַרטוויגסען האָט מיר געזאָגט: — „כ'בין מודה, ס'איז מיר מיאוס און עקל-האַפט מיט אים זיך צו באַגעגענען", — האָב איך באַשלאָסן גיין מיט אים צוזאַמען.

מיר זענען אַוועק צו דעם שמידס הויז. אַרענטסען האָט אונז, אפנים, דערזען פון פענסטער, — ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל און האָט געוואַרט. די מאַנסביל האָבן זיך עטוואָס פאַרנויגט איינער פאַרן אַנדערן. איך האָב געזאָגט: „אָט איז האַרט-וויגסען!" — און דערנאָך בין איך אָפּגעטראָטן אַביסל אין אַ זייט. זיי האָבן גערעדט עטלעכע מינוט, יעדער פון זיי האָט אָנגערופן עפּעס אַ סומע, און דאַכט זיך, אַז ביידע זענען נשתּוומם געוואָרן. „מער האָב איך קיין גראָשן נישט באַקומען!" שטרייכט אַרענטסען אונטער. האַרטוויגסען דערלאַנגט אים די האַנט אַוועקגייענדיק. — „איצט וועל איך מיך אָקאָרשט נעמען פאַר מאַכן!" — האָט ער צו מיר געזאָגט.

מיר זענען אַוועק אין קלייט, און האַרטוויגסען איז אַריין אין קאַנטאָר. איך האָב געוואַרט הינטערן טיר. ער האָט דאָרט פאַרבראַכט ביי אַ פערטל שעה, נאָכדעם זענען מיר מיט אים אַוועק איבערן וועג צו אים אַהיים. האַרטוויגסען האָט געזאָגט:

— פּשוט אַן אומגליק מיט דעם דאָזיקן מאַכן! ער האָט דאָך איבערצייגט מיך און מיין ווייב, אַז ניקאָלאַי איז געשטאָרבן!

— וואָס זשע זאָגט ער איצט!

— וואָס זאָגט ער! ער האָט מיר אַזוי געענטפערט: — יאָ, פאַר ראָזען און פאַר דיר, און אפילו פאַר אַלעמען איז ער גע-

שטאַרבן. אָט וואָס ער האָט געענטפערט! ניין, דאָס איז אַזאַ דרייער, אַז צו אים איז קיין גלייכן נישטאָ!

— און וואָס זאָגט ער וועגן דעם געלט?

— ווי זשע מיינט איר? — ער האָט דערויף אויך געפונען אַ תירוץ. ס'איז מיר מיאוס מודה צו זיין זיך, סאַראַ גרויסע סומע ער האָט ביי מיר געפאָדערט. און דערביי האָט ער מיר אָנגע־פייפט אויף אַ גאַנץ היפּשע סומע. ניקאָלאַיען האָט ער דאָך צוגע־זאָגט אויף פיל טויזנטער וויניקער, — „וואָס זשע באַדייט עס?“— האָב איך געפרעגט ביי מאַקן. — „געוויס, — זאָגט ער מיר — דאָס באַדייט נאָר דאָס, אַז איך בין געווען דער קאָמיסיאָנער.“ אָט וואָס ער האָט מיר געענטפערט! ער האָט געזאָגט: — „איך האָב מיך גענומען איינאָרדנען ראַזעס גט פאַר אַ געוויסער סומע, אָבער דיך, הארטוויטש, דאַרף נישט אָנגיין, פאַר וויפיל איך האָב אָפּגעמאַכט מיט ניקאָלאַיען!“ אָט ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסגעדרייט! האָט איר ווען געזען אַזעלכע אַפעריסטן? דאָס איז מיר דער דאַנק דערפאַר, וואָס איך האָב אים צוריק אויסגעגראָבן זיין וואַנע, און וואָס אַ דאַנק מיין גוטסקייט האָב איך אים געהאָלפן ווידער אָנ־הויבן צו פירן זיין אומפאַרשעמט לעבן...

— און חוץ דעם האָט ער נאָך אַרענטסענען נישט באַצאָלט אַפילו די סומע, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, אינגאַנצן?

— ניין, נאָר אַ העלפט. ער האָט אים נעבעך אָנגעפייפט אויף אַ העלפט. „צוליב וואָס האָט איר עס געטון?“ — פרעג איך אים. „איך האָב אים גאָרנישט אָפּגענאַרט, איך האָב אים קיינמאָל נישט צוגעזאָגט, אָפּגעבן דאָס גאַנצע געלט פאַראַמאָל. זאָל ער אַביסל צוואַרטן. איך האָב דאָס געלט אַריינגעלייגט אין אונזערע געשעפטן“, — זאָגט ער. ניין, ס'איז אומזיסט, וואָס מען רעדט מיט אים! ער האָט אויף אַלץ אַ תירוץ.

הארטוויגסען האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן דעם אָרט, וווּ דער וועג פאַרקירעוועט זיך צו זיין הויז.

— גייט זשע צו אייער פרוי, — האָב איך געזאָגט — זי וואַרט שוין אויף אייך לאַנג.

— יאָ! נעבעך! — האָט הארטוויגסען געענטפערט און אַ

בליק געטון אינדערהויך אויף זיין הויז. — האָט זי מיך דעם גאַנצן טאָג געזוכט? און דאָס קינד איז געבליבן אָן דער מוטער! נאָר ס'איז פּשוט נישט צו גלויבן, סאַראַ ווילער יונג ניקאָלאַי איז געוואָרן, מ'קאָן אים גאָרנישט דערקענען! און איך האָב באַשלאָסן: איידער ער זאָל וואַרטן, וועל איך אים בעסער אויסצאָלן אַלץ פאַראַמאָל. איך האָב אים שוין צוגעזאָגט. און היינט נאָך וועל איך עס טון!

## XXVII

איך האָב ערגעץ קיין רו נישט געהאַט, נישט אינדערהיים, נישט אויסער דער היים. איך האָב אַרומגעבלאָנדזשעט דעם גאַנצן טאָג און געזען, ווי האַרטוויגסען איז פאַרבייגעגאַנגען צום שמיד. —„אַוועק מיט געלט צו אַרענטסענען!" — האָב איך אַ טראַכט געטון. אויף מאָרגן נאָך מיטאָג בין איך ווידער אַוועק צו דעם האַפן. גייענדיק פאַרביי ראָזעס הויז, האָב איך אַ טראַכט געטון: „אפשר וועל איך דאָ דערהערן עפּעס נייס?" נאָר איך האָב גאָרנישט נישט געהערט. ראָזע איז געשטאַנען ביים פענסטער מיטן קינד אויף די הענט. אָן אויסזען האָט זי געהאַט אַ פריילעכן און אַ גליקלעכן. זי האָט הויך אויפגעהויבן דאָס קינד, ווען זי האָט מיך דערזען, און איך האָב צו איר אַ פאַך געטון מיטן הוט און אַ טראַכט געטון: „דאַנקען גאָט, קיין בייז איז מיט איר נישט געשען!" און בין אַוועק ווייטער צום האַפן.

אויף דעם לאַנגן ים-ברעג איז געשטאַנען האַרטוויגסען און האָט געשמועסט מיט דעם שמיד. דער באַנדער און נאָך עטלעכע מענטשן פון די אָנגעשטעלטע אינם האַפן זענען אויך געווען אויפן ברעג, אַרום עפּעס געאַרבעט, אַזוי אַז חוץ מיר האָבן זיך דאָרט פאַרזאַמלט אַ מאַן פינף. האַרטוויגסען האָט גערעדט מיטן שמיד וועגן זיין גאַסט. ער איז זייער פאַרנומען געווען מיט ניקאָלאַיען, וואָס האָט אויף אים געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק.

— איך שטיי דאָ און שמועס גראָד מיטן שמיד וועגן זיין

קוואַרטיראַנט, — האָט האַרטוויגסען צו מיר געזאָגט — איך האָב אים היינט אַוועקגעטראָגן אַביסל געלט. ער האָט מיר באַדאַנקט און איז געווען זייער צופרידן. יאָ יאָ, נישט איך האָב עס אים געדאַרפט צאָלן, דאָס האָט מאַק געדאַרפט צאָלן, נישט איך, נאָר, מילא, אַלץ איינס! איך וועל נישט גיין פאַרפירן קיין עסקים צוליב אַביסל מער אָדער ווייניקער געלט. ער איז איצט ביי זיך אינדערהיים?

— ער איז אַוועק צו דער מוטער. — האָט דער שמיד געענטפערט.

האַרטוויגסען האָט ווייטער גערעדט — אַלץ וועגן אַרענטסענען:

— און אַז איך בין געכטן געקומען, האָט ער זיך דערמאָנט און האָט מיר אָפּגעגעבן מזל-טוב מיטן זון און געוווּנשן גליק. אַ ווױלער יונג!

— וואָס איז דאָ צו רעדן! — האָט דער שמיד געענטפערט.

דער גוטער האַרטוויגסען איז באַשיינפּערלעך אַזוי געווען צופרידן און פאַרוווּנדערט, וואָס אַרענטסען שטעלט נישט אַרויס קיינע תּביעות בנוגע ראָזען, אַז דאָס האַרץ איז ביי אים גאָר דער־ווייכט געוואָרן.

- ער איז דאָך אַ געלערנטער מענטש אין פאַרשידענע דאָרט וויסנשאַפטן און אַלץ מיטאַנאַנדער. — האָט ער געזאָגט.

און דער שמיד האָט ווידער געענטפערט, ווי פריער, און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ:

— פאַרשטייט זיך, וואָס איז דאָ צו רעדן!

— איך וואָלט געווען זייער צופרידן, ווען ער וואָלט מסכּים געווען צו ווערן אַ לערער ביי מיר אין שטוב.

איך און דער שמיד האָבן געשוויגן, און האַרטוויגסען האָט געקוקט אַמאָל אויף מיר, אַמאָל אויף דעם שמיד.

— פון געהאַלט-וועגן וואָלט קיין מניעה נישט געווען, און פון עסן-וועגן ביי מיר אין שטוב אויך נישט.

— יאָ, ער וואָלט זיך נישט אָפּגענאַרט. — האָט זיך דער שמיד אָפּגערופן. — און איר, באַלעבאָס, האָט מיט אים גערעדט מכּוח דעם?

– נאָך נישט.

— זאָלט איר בעסער נישט רעדן. — האָב איך געזאָגט.

— וואָס רעדט איר? איר מיינט אזוי? איך ווייס אַליין נישט, באמת, אָבער איך קאָן דאָך נאָך אָנטרעפן אויף עמעצן אַן ערגערן, וועדליק איך זע איצט. מחמת ער איז אַ מענטש אַ געלערנטער און אַ געבילדעטער אין אַלערליי ווּסנשאַפטן און אַלץ מיטאנאַנדער.

— טוט וועגן דעם אַ שמועס מיט אייער פרוי. — האָב איך געזאָגט.

— איך האָב שוין גערעדט מיט איר געדעדט, נאָר זי וויל אפילו נישט הערן. זי זאָגט, אַז זי וויל אים צו זיך אין שטוב נישט אַריינלאָזן. מילא, דאָס איז שוין פון איר זייט אויך צופיל. אָבער די דאָזיקע דאַמען און דאָס גלייכן — זיי זענען אַלע אַזוינע קאַפּריזיקע. זי דאַרף, פאַרשטייט איר מיך, קיינעם נישט, חוץ מיך.

פלוצלינג באַווייזט זיך אויפן וועג צום ים-ברעג ניקאָלאַי אַרענטסען אַליין און ער פאַרנעמט זיך צו אונז. מיר אַלע גריסן אים, ווען ער איז נאָך ווייט פון אונז, און אַרענטסען ענטפערט אונז. מען קאָן אויף אים קיין שום זאַך נישט באַמערקן.

— רבותים, איר ווילט זיך אויסלערנען זעלבסטמאָרד? — מאַכט ער.

מיר האָבן נישט תיכף געענטפערט. נאָר דעם שמיד, וועלכער האָט אים בעסער געקענט, האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז ער שפּאַסט. ער האָט געענטפערט:

— זעלבסטמאָרד? דאָס וואָלט גאָרנישט געשאַדט אויסצולערנען זיך.

דעמאָלט מאַכט אַרענטסען עטלעכע טריט אונטערלויפנדיק און שפּרינגט אַראָפּ פונם ברעג אין וואַסער אַריין.

— זעט, וואָס איז עס אַזוינס! — שרייען מיר אַלע אויס און קוקן איינע אויף די אַנדערע און אויפן ים.

די בוכטע האָט זיך דעם גאַנצן ווינטער נישט פאַרצויגן מיט קיין אייז. זי איז געווען פאַרדעקט נאָר מיט אַ דינער שיכט, און דער מענטש האָט מיט זיין משא אין איר דורכגעשלאָגן אַ לאָך און איז תיכף פאַרשוואונדן. אייניקע פון אונז האָבן געמיינט, אַז ער

האָט זיך געוואָלט אויסבאָדן. ס'איז אָבער געווען נישט די פּאַסיקע צייט פון יאָר. נישט דאָס פּאַסיקע וועטער. דער שמיד האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען אַן אומגליק. ער איז אַוועקגעלאָפן אַראָפּ איבער דער טרעפּ צום שיפל. מיר, די איבעריקע, וואָס זענען פאַרבליבן אויפן ברעג, האָבן נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. נאָכדעם האָט הארטוויגסען אַ געשריי געטון צום באַנדער, אַז ער זאָל נאָך אים גיין אין אַ צווייטן שיפל.

אויף צוויי שיפלעך האָבן מיר אים געזוכט. מיר האָבן געזוכט ווי ס'געהער צו זיין, מיט  טשן און מיט באַהאָרעס, געזוכט אַ שעה, צוויי שעה... אַלץ איז געווען אומזיסט. לעבן ברעג ים איז געווען פלאַך, נאָר ס'קאָן זיין, אַז דאָ איז געווען אַ שטאַרקער אונטערוואַסערשטראָם. ס'האָט אפשר אַרענטסענען אָפּגעטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער אין דער טיפעניש. און דאָרט איז שוין געווען אַ קלאַפטער צוואַנציק די טיף. ווען עס איז פינסטער געוואָרן, האָבן מיר געמוזט אויפהערן דאָס זוכן.

— איך האָב עפּעס געהאַט פאַרשטאַנען! — האָט דער שמיד געזאָגט, בעת מיר זענען געגאַנגען צוריק אַהיים. — ער האָט די לעצטע צייט גערעדט אַזוי פיל משונהדיקע זאַכן. איך האָב ביי אים איינמאָל געפרעגט, וואָס וועט ער איצט טון. — „איך וועל איצט גאָרנישט טון, — האָט ער געענטפערט — איך האָב איצט אַ סוף געמאַכט מיט אַלץ!" — „אָבער איצט האָט איר דאָך אַביסל געלט". — האָב איך געזאָגט. — „דאָס איז נישט מיינס, דאָס איז דער מוטערס געלט", — האָט ער געענטפערט. און היינט פאַרמיטאָג זאָגט ער צו מיר: — „קום אָקאָרשט צום האַפן אין אַ שעה אַרום! — „מילא, — זאָג איך — איך וועל קומען." דעמאָלט האָט ער אָנגעטון דעם הוט און איז אַוועק צו דער מוטער.

מיר אַלע האָבן זיך פאַרטיפט אין שווייגן. ווען מיר זענען דערגאַנגען ביזן אָרט, ווו דער וועג פאַרקירעוועט זיך, האָט זיך הארטוויגסען מיט אונז צעשיידט. איך און דער שמיד זענען אַוועק ווייטער.

איך האָב געטראַכט וועגן ניקאָלאַי אַרענטסענען און געפרעגט:

— און וואָס נאָך האָט ער גערעדט, בעת איר זענט געזעסן

און פארבראכט! וואָס האט ער געזאגט נעבטן, ווען ער האט זיך געזעגנט מיט ראזען?

— וועגן דעם האָט ער גאָרנישט נישט געזאָגט. וועגן ראָזען האָט ער אפילו נישט געטראַכט. זיי האָבן דאָך פריער ביידע געווינט ביי מיר. ניין, ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ער האָט באגעגנט ראָזען און האָט אביסל אַ קראַץ געטון מיט אַ פערד-באַרשט. ער איז אַלעמאָל געווען אַזאַ פריילעכער, אַ קלוגער און אַ באַרעדעוודיקער. „פיל איך איצט פונקט אַזאַ פארגעניגן, וואָס מען קאָן פילן, ווען עס געלינגט אויסצופירן אַ ווילדע אפערע", — האָט ער געזאָגט. און מער האָט ער וועגן דעם גאָרנישט נישט גערעדט. פונדעסטוועגן אָבער האָט ער די מוטער פאָרט פיין פארזיכערט, איידער ער האָט פארלאָזן די וועלט.

ס'זענען אריבער אַ וואָכן צוויי, און דאָס לעבן איז ווייטער אוועק רויקער. איך האָב פאַר זיך באשלאָסן, אַז צו פרילינג צו לאָז איך מיך אוועק צו מונקען ווענדטן און מיר וועלן ביידע ארומוואנדערן. איך וואָלט שוין גרייט געווען צו פארווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאַן, נאָך די באַראָנעסע האָט מיר איינגערעדט, איך זאָל עס נישט טון, און די מיידעלעך האָבן אויך געבעטן צוזאמען מיט איר. אזוי איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג.

איך האָב קיינמאָל נישט באַקומען פון ראָזען קיין איינלאַדונג. זי האָט דאָך מיר פארטרויט פיל זאַכן פון איר לעבן, און אין דער גאַנצער לעצטער געשעעניש בין איך דאָך געווען פיל מער, ווי אַ פשוטער עדות. פונדעסטוועגן האָט זי שוין מער נישט געהאט קיין באַדערפעניש מיט מיר צו טיילן זיך.

ראָזע האָט זיך גאָר אינגאַנצן פאררריכט. דער אויסזען איז ביי איר געווען אַ געזונטער און אַ צופרידענער. זינט ניקאָלאַי ארענטסען איז געשטאָרבן, איז ביי איר מער קיין זאָרג נישט פארבליבן אין לעבן. זי האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צום קינד און צום מאַן. אזוי האָט זיך אַלץ איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן.

דערפאַר האָט אויך הארטוויגסען, אפנים, געגאָסן אַזאַ הנאה פון לעבן, וועלכע איז אים ביז איצט אינגאַנצן נישט באַקאַנט גע-

וועז. ער האָט זיך מער נישט געקלאָגט, אַז ראַזע האָט אַלץ פֿאַר־עפּעס מורא, אדרבא. ער האָט בסדר געלויבט איר גוטסקייט צו אים און האָט געשמייכלט פון איר שטענדיקער זאָרג וועגן אים, אַז ער זאָל זיך אָנטון בעסער און וואַרעמער. און דאָס קינד, דער דאָזיקער מערקווירדיקער, אינגאַנצן שיינענדיקער יונגאַטש אין קורצן העמדל, איז ביי אים קיינמאָל נישט אַרויס פון זינען.

איינמאָל האָט האַרטוויגסען געזאָגט:

— איר זאָלט זיך נישט דערשרעקן, אויב צו אייך וועט דער־גיין איינע אַ ידיעה.

— וואָס זשע פאַר אַ ידיעה? — האָב איך געפרעגט.

— נישט עפּעס קיין טרויעריקע ידיעה, גאָר נישט, נאָר פונדעסטוועגן... מחמת ביי מיר איז אין קאָפּ געבליבן שטעקן אַ משוגענער געדאַנק אָפּצוטון עפּעס אַ זאַך, אָדער אַרויסצורופן אַ גע־שעעניש, ווי לייטן זאָגן. מער זאָג איך גאָרנישט!

און הגם איך האָב נישט אַרויסגעוויזן מיין נייגיריקייט און האָב מער וועגן גאָרנישט נישט געפרעגט, האָט האַרטוויגסען פונדעסט־וועגן ווייטער גערעדט:

— איך וויל פאַרשאַפן אַ קליינינקן פאַרגעניגן מיין ווייב און מיר אַליין. חוץ דעם איז שוין טאַקע צייט צו טויפן מיין קינד.

„אַ מאַלצייט!" — האָב איך אַ טראַכט געטון.

— איר האָט נישט וואָס צו ברעכן זיך דעם קאָפּ! — האָט האַרטוויגסען געזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט, אַזוי אַז זיינע גרוי־סע געלבלעכע ציין האָבן גוטמוטיק געבלישטשעט. — איך גיי אין געוועט, אַז איר וועט נישט טרעפן!

ביידערנאַכט בין איך ווידער אויפגעשטאַנען פון בעט און האָב ווידער געמאַכט מיין אַמאָליקן אומזיסטיקן שפּאַציר צו דעם האַפן. אין ראַזעס צימער האָט געברענט אַ נאַכט־לאָמפּ, אפנים, צוליב דעם קליינינקן. ס'איז אַלץ געווען רויק. — „אַ גוטע נאַכט! — האָב איך געזאָגט. — הלוואי זאָל זי מאָרגן שיקן נאָך מיר!"

אויף מאָרגן אינדערפרי האָב איך, פאַרשטייט זיך, קיין שום איינלאַדונג נישט באַקומען. נאָר האַרטוויגסען איז געקומען אין קלייט, און דערזעענדיק אים, בין איך אויך אַהין אַריין. „אפשר

האָט זי אים געהייסן רופן מיך!" — האָב איך אַ טראַכט געטון. האַרטוויגסען האָט באַנייט דעם נעכטיקן שמועס, און געלאָזט פאַלן נאָך פיל אומדייטלעכע רמזים, אַז ער נעמט עפּעס די טעג אונטער. דעמאָלט האָב איך געפרעגט:

— איך האָף, אַז ביי אייך אינדערהיים איז אַלץ אין אָרדנונג.

— אַ דאַנק פאַר נאָכפרעגן זיך, — האָט ער געענטפערט — איר האָט דאָך נאָך נישט געזען דאָס קינד, פאַרוואָס עפּעס אַזוי? מיין פרוי רעדט אַלץ וועגן דעם.

דעמאָלט בין איך אַוועק צו ראָזען. „איך גיי פּשוט אַ בליק טון אויפן קינד". — האָב איך זיך אליין געזאָגט.

ס'איז אַרויסגעקומען נישט קיין לאַנגער וויזיט. אָ, ניין, אפילו אין דער צייט פון דעם קורצן וויזיט האָב איך שוין אויך באַקומען אַן ענדגילטיקע זיכערהייט.

ראָזע איז געווען געזונט און מונטער. פון אומעט איז קיין זכר נישט געבליבן. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווו בין איך עס אַהינגעקומען. צי האָט עס מיך דאָס קינד נישט אָפּגעשראָקן? — „קומט אָקאָרשט, אָט וועל איך אייך באַווייזן דעם יונגאַטש".

איך בין מיט איר אַרויף אויבן. דאָ זענען געווען אי די אַלטע דינסט, אי מאַרטע. ווען זיי האָבן געוואָלט אַוועקגיין, האָט ראָזע געזאָגט: „ניין, זיצט, מיר זענען נאָר געקומען אַ בליק טון אויפן פרינץ."

דער פרינץ איז געשלאָפן. און מיט וואָס איז ער געווען נישט קיין פרינץ? — אַ גרויסער, אַ שיינינקער, אין אַ ווייסן טשעפּיקל. צייטנווייז האָבן זיך ביי אים די פינגערלעך אַביסל צוואַמענגעבויגן. ראָזע האָט אויף אים די גאַנצע צייט געקוקט. זי האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זייט, און פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען. איך האָב געזאָגט עטלעכע ווערטער, וועלכע האָבן מיר אויסגעזעהן פּאַסיקע צו דעם מאָמענט, און איך האָב אַ רגע געהאַלטן דעם קינדס הענטל אין מיין האַנט.

נאָכדעם זענען מיר צוריק אַראָפּ אונטן.

— זענט איר איצט שוין צופרידן? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, איצט בין איך צופרידן.

איבער מיין נשמה איז אַדורכגעגאַנגען פּונקט ווי אַ שאָטן, נישט מחמת קנאה, נאָר פון פאַרדרוס, וואָס ראָזע איז געווען פשוט צופרידן, און גאָר. איך האָב גוט געוווסט, אַז איך ווינטש איר פון הארצן אַלדאָס גוטס, אָבער איך האָב איר געוווּנשן אויך מיטלייד צו לייטן. אָ, די גאַנצע צייט, זיצנדיק ביי איר, האָב איך געפילט, אַז איר גליק פאַרשאַפט מיר צער.

— איז ווי, איר ווענט געווען אין מאָרפעלהזיקען פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען? - האָט זי געפרעגט לאַכנדיק.

— ניין. — האָב איך געענטפערט קורץ.

דערזען, אַז איך בין באַליידיקט, איז זי תיכף געוואָרן ערנסט און האָט געפרוווט פאַרגלעטן:

— איך האָב מיך נאָר געוואָלט דערוויסן וועגן מיינע זקנים. אָבער, מסתמא, איז ביי זיי אויף דעם קירך-הויף אַלץ אין אָרד-נונג. אָט וועט אונז דער פאָטער איצט טויפן דעם פּרינץ.

— און ווי וועט איר אים אַ נאָמען געבן? — האָב איך מיך געגנוויט צו פּויגן.

— דאָס איז נאָך נישט באַשטימט, — האָט זי געענטפערט — מיין מאַן וויל אים אַ נאָמען געבן פערדינאַנד, לכבוד מאַקן. נאָר איך וויים נאָך נישט.

איך האָב באַמערקט, אַז זי האָט געזאָגט; „מיין מאַן". פריער האָט זי אים אַלע מאָל גערופן בענאָני. יאָ, פריער האָט זי גיכער אַרענטסענען גערעכנט פאַר איר מאַן. ניין, אָבער וואָס אַזוינס האָט זיך עס אין מיר דעמאָלט אויפגעהויבן: קנאה, צי שנאה? מיר האָט זיך פאַרוואָלט דערמאָנען איר וועגן אַרענטסענען און דער קאַטאַסטראָפע, און איך האָב געזאָגט:

— האָט איר שוין מער נישט קיין מורא פאַר גילבערט דעם לאָפאַר?

— ניין, — האָט זי געענטפערט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — איך טראַכט אפילו נישט מער וועגן אים.

— און וואָס נוגע יענעם אומגליק, דאַרפט איר אויך קיין

עגמת-נפש נישט האָבן, — האָב איך צוגעגעבן — דאָס הייסט, וועגן דער קאַטאַסטראָפע.

— וועגן וועלכן?... אַך! ניין! וועגן דעם וויל איך גאָרנישט געדענקען. באמת, ריבטיק ווי דאָס וואָלט שוין געשען אַמאָל, אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק.

דעמאָלט האָב איך געזאָגט:

— פונדעסטוועגן, זאָג איך אייך, וועגן דעם וואָלט באמת כדאי געווען צו געדענקען.

— איך ווייס נישט, — האָט זי געענטפערט — דאָס איז פון מיר אַוועק אַזוי ווייט. ניין, דאָס אַלץ איז פאַרביי. איר האָט אַליין געהערט, וואָס ער האָט מיר אָנגערעדט. איך בין נאָר צופרידן, וואָס דערצו איז שוין געקומען אַ סוף. נו, פאַרשטייט זיך, שוין אַ צו טרויעריקער סוף, פונדעסטוועגן... איצט בלייבט מיר נאָר צו זיין אַזאַ, ווי איך דאַרף זיין בנוגע צו זיך און צו מיינע אייגענע.

„און מער נישט”, — האָב איך געטראַכט. אָבער איך בין דאָך אויך דאָ געזעסן פאַר איר. וווהין זשע זאָל איך מיך אַהין טון? גלייך איך וואָלט אַלץ מער און מער איינגעשרומפּנן מיינע געדאַנקען אַלץ וועגן איינער און דער זעלביקער פרוי, האָב זיך אַלץ ענגער און ענגער איינגעשלאָסן אין אַ קרייז. פאַרוואָס בין איך נישט אויפגעשטאַנען און אַוועק? די שרעקלעכע האָפנונגסלאָזיקייט האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן אין אַלץ. איך האָב אַליין געהערט, ווי איך האָב נאָר וואָס עפּעס געזאָגט און ווי ראָזע האָט גע- פרעגט: „וואָס?” אַך, איך האָב שוין מער נישט געהאַט מיין פרי- ערדיקע בייסיקע און שטאַרקע גאווה. אָרעמקייט איז געוואָרן מיין גייסטיקער האָב, און איך האָב זיך פון דעם געמאַכט אַ לאַגע, פאַרוואַנדלט אין אַ מין לעבנסמיטל. איך בין געוואָרן פונקט ווי יענס-דער-פאָטערל, וועלכער קליאַנטשעט אויס ביינער.

— איך בין דאָרט געשטאַנען אויפן וועג און האָב געזען פיי- ער אין אייער פענסטער.

צי דען וועט דאָס אויך נישט העלפן? זאָל זי כאָטש באַ- דאַנקען דורך טרערן!

א קנייטשל האָט זיך ביי ראָזען אויפגעלייגט אויבן אויף דער נאָז.

— איר האָט, מסתמא, אָנגעצונדן דאָס פייער צוליבן קינד? ער איז אומרויק ביידערנאַכט? — האָב איך ווייטער גערעדט.

— ניין, אָ, ניין! — האָט ראָזע שנעל געענטפערט. — באַלד ווי מען גיט אים אָפּ זיין עסן, ווערט ער ווידער אַנטשלאָפן.

איצט וואָלט איך געקאָנט אויפשטיין און אַוועקגיין. אַזוי וואָלט געטון מונקען ווענדט. אַזוי וואָלט אויך ניקאָלאַי אַרענטסען געטון.

— אַזוי, אַזוי, אַזוי, אַזוי, — האָב איך געזיפצט און גערעדט, און געקוקט אויף די ווענט, און אויף דער סטעליע, כּדי צו מאַכן אַן אָנשטעל פון אַ גלייכגילטיקן — איך וויים באמת נישט, וואָס זאָל איך אָנהויבן צו טון אין פרילינג. אפשר זאָל איך מיך אַוועקלאָזן וואַנדערן מיט מונקען ווענדטן?

— אָ, איר וועט דען נישט פאַרבלייבן אין סירילונד? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, איך וויים נישט. יאָ. בעסער ליגן אונטערן וואַסער, אויף אַ קלאַפטער צוואָנציק.

— ניין, זייט זשע נישט אַזוי פאַרצווייפלט! — האָט זי געזאָגט פריינטלעך און אָנטייליק. — נעבעכקעס. אַזוי שווער איז עס אייך?

פּלוצלינג האָב איך באַמערקט, אַז זי הערט זיך צו צו טריט פון אויבן.

— דאַכט זיך, אַז דער פּרינץ האָט זיך אויפגעכאַפּט. — האָט זי געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען.

דעמאָלט, ענדלעך, בין איך אויך אויפגעשטאַנען און האָב איר דערלאַנגט די האַנט.

— אויב איר וועט באַגעגענען מיין מאַן, זאָגט אים, אַז איך בעט נישט פאַרגעסן אָן דעם, וואָס איך האָב אים געבעטן. — האָט מיר ראָזע געזאָגט אין פירהויז.

מיר איז געווען אַזוי ביטער! כ'בין געווען אויסער זיך, כ'האָב געענטפערט:

— רעכט, אויב כ'וועל נאָר נישט פאַרגעסן. איך וועל מיך סטאַרען.

— יאָ, יאָ. — האָט ראָזע קורץ געענטפערט און איז ארויף אויף די טרעפּ.

גייענדיק אהיים, האָב איך זיך געגעבן אַ וואָרט קיינמאָל נישט אריבערטרעטן ראָזעס שוועל ביז דעם לעצטן געזעגענען זיך. איך האָב הארטוויגסענען באַגעגנט און איבערגעגעבן, וואָס ראָזע האָט געבעטן.

— פאַרשטייט זיך, איך האָב נישט פאַרגעסן, וויבאַלד אַז איך בין נאָך דעם געגאַנגען, — האָט הארטוויגסען געזאָגט — מיין פרוי האָט מיך שוין פיל מאָל געבעטן מאַכן אַן עק מיט די חשבונות אין קלייט און מיט מאַכן און בכלל אין אלע עסקים, כדי עס זאָל קלאָר ווערן, וואָס האָבן מיר. דאָס האָט זי ריכטיק געזאָגט. מחמת איצט, פאַרשטייט איר מיך, האָבן מיר אַ קינד, און מען מוז טראַכטן נישט נאָר וועגן זיך אַליין. האָב איך היינט אויסגערעכנט אַלץ ביזן לעצטן פאָדעם. און אַלץ, ווייסט איר, אזעלכע גרויסע סומעס, אז ס'קאָן אַ מענטשן פון זיי פינסטער ווערן אין די אויגן. ביי אַן אנדערן וואָלט, מעג איך זאָגן, אָפּגענומען די צונג!

בכן איז הארטוויגסען געקומען צום שכל. ראָזע האָט אים, מסתמא, אין דעם געהאָלפן, און פון היינט אָן וועט זי אים פירן מיט איר געזונטן און מילדן פאַרשטאַנד. שפּעטער האָב איך מיך דערוווּסט פון סטען דעם קלייט-משרת, אז הארטוויגסען האָט גע-האַט אַן אומגעהויערע פּריוואַט-קאָנטע אין קלייט און אין סחורה-לאַגער, נאָר אז איצט האָט ער זיך פאַר אַלץ אויסגערעכנט און באַצאָלט מיט מזומן. געוויס האָט מען געקאָנט נאָר גוטס זאָגן וועגן הארטוויגסענס שטענדיקער גרייטקייט צו העלפן יעדן נויט-באַדערפטיקן, נאָר פאַרט האָט ער דאָך נישט אייביק געקאָנט אַלץ האַלטן אין איין זאָגן: „פאַרשרייבט עס אויף ב. הארטוויטשען."

ער איז געווען אַ קינד. אָט איז ער איצט אויך געשטאַנען אויפן וועג, און דער איינציקער געדאַנק זיינער איז געווען — געבן

צו פֿאַרשטײן מיר, דעם פֿרעמדן זײַטיקן מענטשן, סאַראַ גרױסער כּוח ער איז.

— מיט אײן װאָרט, — האָט ער געזאָגט — װי אַן אַנדערער האָלט געבראָכן האַלז און געניק, דאָרט קאָן איך אײנשטײן. מ׳קאָן גאָרנישט נישט מאַכן. — און ער האָט װידער אָנגעהױבן געבן אָנ־צוהערענישן מכּוח דעם. װאָס ער נעמט אונטער די נאָענטסטע טעג:

— אָט װעט עס זײַן אַביסל גרױסאַרטיק! — האָט ער גע־זאָגט. — אָבער דאָס װעט אָפּקאָסטן אַ פֿײנע מטבעלע!

האַרטװײגסען האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז אַװעק װײַטער.

## XXVIII

ס׳איז אָנגעקומען פּאַסכע. עטלעכע פֿישער־שיפֿלעך זענען אָנגעקומען פֿון די לאָפֿאָדענס מיט פֿיש פֿאַר אַלע משפּחות אין דאָרף. פֿיש איז הײַ־יאָר געװען אַ שפֿע, און אַלע האָבן מיט האָפֿ־נונג געקוקט אױף דער צוקונפֿט.

הײַנט דעם 16־טן אַפּריל איז געװאָרן אַ יאָר, זינט איך בין אַראָפּגעקומען אין די קאַנטן. איך בין אַלץ געזעסן אין מײַן קלײן צימערל, האָב פֿיל געטראַכט און אַרומגעקוקט זיך אױף מײַן בײז איצטיקן לעבן. אַרום האַלבן טאָג, האָט זיך מיר פֿאַרװאָלט אָנ־הױבן אַ נײַ בילד מיט אײל־פֿאַרבן: פֿעלדער אױפֿן פֿאָדערגרונט, נאָכדעם אַ טײל פֿון דער מיל, לסוף דער באַרג־רוקן הינטער דער מיל. דאָס אַלץ אין שנײ, קעגן דער זון. אַזױ אַרום קאָן איך מיך דערמיט פֿאַרנעמען אין די טעג פֿון פּאַסכע, װען די צײַט װעט זיך פֿאַר מיר ציען צו פּאַמעלעך. מער נישט פֿאַר די אױגן װעט עס זײַן שװערלעך.

די מײדעלעך האָבן אױסגעבעטן בײַ דער מוטער אַ זײַדן טיכעלע, כּדי צו זען פּאַסכע אינדערפֿרי, װי די זון טאַנצט פֿון פֿרײד, װאָס יעזוס קריסטוס איז אױפֿגעשטאַנען תּחית המתים.

אזוי האָט די זון געטאַנצט אין פינלאַנד. און די מיידעלעך האָבן צוגעזאָגט ברענגען דאָס טיכעלע און באַווייזן מיר. ליבע, אומפאַר-גלייכלעכע קינדער! קיינמאָל האָבן מיר זיך נישט געדאַרפט קריגן, חוץ איין מאָל זומער נאָר, ווען זיי האָבן מיר קאַליע געמאַכט עטלעכע בלומען, וועלכע איך האָב אָנגעקליבן פאַר איינער אַ פערזאָן. אָפטמאָל איז מיר געקומען אויפן זינען, אַז דאָס איז אפשר געווען בעסער אַזוי. גאָט ווייסט, אפשר איז טאַקע בעסער געווען קאַליע צו מאַכן די בלומען, כּדי זיי זאָלן נישט דערגיין צו יענער, פאַר וועלכער זיי זענען געווען באַשטימט. און די גאַנצע איבעריקע צייט זענען מיר מיט די קינדער געווען גוטע פריינט. אין הארבסט פלעגן זיי מיך צייטנווייז פאַרלאָזן און אַוועקגיין מיט יענס-דעם-פאָטערל, אָבער זיי האָבן זיך באַלד צו מיר ענטגילטיק אומגעקערט, און ווינטערצייט האָב איך מיך מיט זיי פיל מאָל געגלישט אויף שליטלעך און אויף סקיען. זיי פלעגן אָפט קומען צו לויפן אויך אין מיין צימער, נאָר אַלע מאָל פריער אָנקלאַפן אין טיר, און אַז זיי פלעגן אַמאָל פאַרגעסן, פלעגן זיי נאָכדעם אַרויסגיין און אָנקלאַפן. איך האָב פון זיי אויסער פרייד גאָרנישט נישט געהאַט, דערפאַר האָב איך זיך געמיט אָפּצודאַנקען זיי, ווי נאָר איך האָב געקאָנט: אין דער באַשטימטער צייט פלעגן זיי אַלע מאָל קומען צו מיר הערן אַ מעשהלע, און איך האָב זיי קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, סיידן איך פלעג אפשר בעטן אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל, אויב איך האָב בשעת מעשה געמאָלט מיין בילד.

נאָך פאַסכע איז האַרטוויגסען אַוועקגעפאָרן אויף די לאָפּאָ-דענס מיט איינעם פון די שיפלעך, וואָס זענען געקומען אַהיים צו גאַסט. ער האָט דאָך געדאַרפט אכטונג געבן אויף זיינע צוויי קאַפּיטאַנעס, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען אויפן אַנקער און האָבן איינגעקויפט פיש. וויניק עסקים האָט דען האַרטוויגסען געהאַט?

אין פיר טעג אַרום איז ער צוריקגעקומען. אָ, צוריק איז ער געקומען נאָך אַ וואַזשנערער און אַ גרעסערער בעל גאוה ווי אַלע מאָל ביז איצט. ער האָט געדונגען אַ דאַמפּער, אַ גאַנצן אָק-רענט. ער אַליין איז געשטאַנען אַלס דער פירער אויפן קאָמאַנדע-

בריקל, מיטן קאַפּיטאַן, און האָט אָפּגעגעבן פאַראָרדנונגען דעם רודערער. דאָס איז אַלץ געווען אין מיטן העלן טאָג. אַלע זענען אַרויס צום האַפן און האָבן געקוקט אויף דער שיף. און דאַן האָט הארטוויגסען אַ געשריי געטון:

— אָפּ!

און דער אַנקער איז מיט אַ גערודער אַראָפּגעפאַלן אינעם ים אַריין.

אָט דאָס איז עס די גרויסע געשעעניש, וועגן וועלכער ער האָט אַזוי פיל מאָל גערעדט מיט רמזים! דער גביר הארטוויטש פון סירילונד האָט זיך געדונגען אַ דאַמפּער, כּדי אומצוקערן זיך פון די לאָפּאָדענס אַהיים. ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן קאָמאַנדע-בריקל, און האָט זיך געמאַכט, פלומרשט ער קוקט נישט אויף אונז, די וואָס שטייען אויפן ברעג. פונדעסטוועגן מיין איך, אַז ער האָט זיך מיט אינטערעס צוגעקוקט צו אונז און איז גרייט געווען צו פּלאַצן פון גליק. דערנאָך איז ער אַראָפּ אויפן ברעג צוזאַמען מיט דעם קאַפּיטאַן. מיר האָבן אים באַגריסט. הארטוויגסען האָט געשיינט פון פרייד און פון גאווה, פונקט ווי אַ יינגל. דאַן זענען די הערן אַוועק אַהיים.

אָבער הארטוויגסען, ווייזט זיך אַרויס, האָט דעם דאָזיקן גרויסן דאַמפּער נויטיק געהאַט נישט בלויז צוליב דער קליינינקער נסיעה אַהיים פון די לאָפּאָדענס: ער האָט נאָך געוואָלט אָפּפירן זיין זון צום טויפן. אָט דאָס איז געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט פאַרטונקלט אַלץ, וואָס עס איז פריער געשען. טויפן דאָס קינד האָט געוואָלט ראָזעס פאָטער, פּאַסטאָר באַרפוד פון דער שבנישער פּאַראַפיע, און אַהין איז געווען עטלעכע שעה רייזע. האָט הארטוויגסען געוואָלט דערפרייען ראָזען מיט אַזאַ זעלטענער נסיעה אויף אַ דאַמפּער.

מיטאָגצייט איז הארטוויגסען געקומען קיין סירילונד, און היות ווי ער האָט געדאַרפט רעדן מיט מאַקן און מיט דער באַראָנעסע, איז ער אַריין אין אויפנאַם-זאַל. געקומען איז ער בעטן זיין שותּף מיט דער טאָכטער זיין די טויף-עלטערן. אַך, סאַראַ מאַק דאָס איז! מען האָט אים געקאָנט פיינט האָבן אויף טויט,

און פונדעסטוועגן איז ער פאָרט געבליבן דער גרעסטער פריץ אין אַלע היגזיכטן! מאַק האָט גלייך באַדאַנקט און געענטפערט, אַז ער רעכנט עס פאַר אַ כבוד. דאָס זעלביקע האָט אויך די באַראָנעסע געזאָגט.

— און ווי וועט מען אים אַ נאָמען געבן? — האָט זי געפרעגט.

דאָ האָט זיך האַרטוויגסען אַביסל צעטומלט און געזאָגט:

— דאָס איז נאָך נישט באַשטימט. נאָר מיין פרוי וועט שוין מסתמא קריגן עפּעס אַ נאָמען פאַר איר פרינץ. זי רופט אים נאָך אַלץ פּרינץ.

די מעשה איז אָבער געווען, וואָס ער האָט זיין יינגל געוואָלט אַ נאָמען געבן פערדינאַנד לכבוד מאַקן, און דערווייל איז פּעטרינע, וועלכע איז פריער געווען אַ שטוב־מיידל און האָט איצט חתונה געהאַט מיט דעם העקלמאַכער, אים פאַרלאָפן דעם וועג: זי האָט נאָך אויף פּאַסכע געטויפט איר זון און האָט אים אויך פון גאַנצן האַרצן און נישט אָן אַ סיבה אַ נאָמען געגעבן פערדינאַנד. כדי עס זאָל נישט זיין קיין וואונדער, ווי אַזוי האָט עס איר מאַק נישט געשטערט צו טון אַזאַ זאַך, דאַרף מען זיך נאָר דערמאָנען, וואָס איז ער בכלל געווען פאַר אַ מענטש: „פאַר וואָס דען נישט? ביטע!" — האָט ער איר געענטפערט.

אַוועקגייענדיק, האָט האַרטוויגסען מיך אויך געבעטן פאָרן מיט זיי מאָרגן אויפן דאַמפער און אָנטייל נעמען אין דעם מאָלצייט, וואָס עס וועט נאָכדעם פאָרקומען ביי זיין שווער און שוויגער. אָבער איך האָב באַדאַנקט און געענטפערט, ווי אַמאָל שוין, אַז איך האָב נישט קיין פּאַסיקע קליידער פאַר אַזאַ גרויסן יום־טוב.

— ער האָט נישט קיין פראַק. ער וועט בעסער שטאַרבן, איידער גיין נישט אין קיין פראַק. — האָט די באַראָנעסע געזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— אין אַזעלכע באַגריפן האָט מען מיך דערצויגן אין מיין גוטער משפּחה. — האָב איך געענטפערט.

מאַק האָט מיט הסכּמה צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און איז גע־

ווען אויף מיין זייט. און פאַר מיר האָט דער שאָקל מיטן קאָפּ און מאַקס אַ צוויי דריי ווערטער געהאַט פיל מער באַדייטונג, איידער דער באַראָנעסעס געלעכטער. אגב, באַלד האָט זי אויך געזאָגט:

— איר זענט, איבעריקנס, פּולקאָם גערעכט.

האָט מען זיך ביי האַרטוויגסענען אין הויז און אין סיריוּלונד גענומען קלויבן אין וועג אַריין. די באַראָנעסע האָט געוואָלט מיט זיך נעמען די מיידעלעך אויך, און זיי זענען מחמת דעם אַרומגעגאַנגען אינגאַנצן רויטע פון שמחה. די קליינע מאַרטען האָט מען אויך מיטגענומען, און דערמיט האָט זיך זייער גרויס געהאַלטן איר פאָטער, סטען דער קלייט-משרת. האַרטוויגסען האָט מיט זיך גענומען אַ מענגע פּראָדוקטן, וויין און נאַשערייען, כדי צו העלפן זיין שווער און שוויגער.

לסוף איז די שיף אָפּגעשווימען.

אין צוויי טעג אַרום איז זי צוריקגעקומען און האָט געבראַכט די גאַנצע קליינע געזעלשאַפט אומזיסט. ס'איז אַלץ אַראָפּ גוט. דעם יינגל האָט מען אַ נאָמען געגעבן אויגוסט, לכבוד ראָזעס פאָטער. דער דאַמפער איז פאַרבליבן אויפן ים לעבן דעם האַפן ביז אויף מאָרגן. איך בין אויף אים געווען. האַרטוויגסען האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן און געזאָגט:

— יאָ, יאָ, זייער מעגלעך, אַז איך וועל אים סוף כּל סוף קויפן.

און ווען די שיף איז אַוועקגעשווומען איז איינמאָל געקומען אין קלייט אַריין שענינג, דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם, און האָט געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ דאַמפערל איז עס דאָ געשטאַנען אַ טאָג צוויי דריי?

— ער האָט געפירט האַרטוויגסענס קינד טויפן. — האָב איך געענטפערט.

דער אויפזעער האָט אַ שמייכל געטון מיט זיין באַזונדערן, ספּעציפישן שמייכעלע און האָט געזאָגט:

— אַך, מיט וואָס פאַר אַ פלייס דער דאָזיקער מענטש סטאַ־רעט זיך פטור צו ווערן פון זיין געלט!

— ס'קאָן זיין, אַז האַרטוויגסען וועט גאָר אָפּקויפן דעם דאָ־זיקן דאַמפער. — האָב איך געזאָגט.

דעמאָלט האָט דער אויפזעער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געענטפערט:

— ניין, זאָל ער זיך בעסער פריער פאַרזאָרגן מיט קאַשע.

דערוויל האָט האַרטוויגסען, אפנים, מער נישט געוואָלט שפּילן קיין ראָלע פון אַ גביר, וועלכער צעטרענצלט זיין געלט ווי אַ שוטה. אמת, ער האָט זיך גריילעך באַרימט מיט דער גרויסער געשעעניש, וואָס ער האָט דעמאָלט געשאַפן, אָבער ער האָט שוין נישט געלאָזן, אַז זיין קאָנטע אין קלייט זאָל אָפן זיין פאַר יעדן. איך האָב געהערט, ווי ער האָט איינמאָל געזאָגט צו אַ פרוי, וועל־כע האָט געבעטן סחורה אויף באָרג:

— בנוגע קאַווע און אַנדערע דאָרט רויע סחורות קאָנסטו זיך ווענדן צו מיין פרוי און מיט איר רעדן.

איך האָב מיט האַרטוויגסענען און מיט ראָזען מער נישט געהאַט צו טון, אָבער דאָך איז איבער מיר אַ פרייד דורכגעגאַ־גען, ווען איך האָב דאָס דערהערט. ער איז זיכער נאָך געווען אַ רייכער מענטש, און ראָזע וועט אים שוין איצט אָפּגעווינען פון דער טבע נאַריש צו מאַכן זיך מיט זיין רייכקייט. לפּחות, אַזוי האָט עס אויסגעזען.

אַלץ איז איצט געגאַנגען גוט!

נישט גוט איז נאָר געווען מיט דער אומגליקלעכער באַראָ־נעסע עדוואַרדע! פון ליידיק־אַרומגיין האָט זי ווידער גענומען אַראָפּפירן פון וועג האַרטוויגסענען. באמת, ס'האָט זיך געוואָלט אי ווינען, אי לאַכן, קוקנדיק אויף איר. זי פלעגט אים כאַפּן אי אין האַפן, אי אין מיל, באַגעגענען אויפן וועג און רעדן מיט אים. נאָר האַרטוויגסענען האָבן מסתמא דערעסן אירע מליצהדיקע ווער־טער, פון וועלכע ער האָט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען: ער פלעגט זיך פאַר איר פאַרנויגן, ווי נאָר זי פלעגט קומען, און איבערלאָזן זי. דאָס האָט געדויערט אַ געוויסע צייט. דער ווינטער האָט שוין

געהאַלטן ביים סוף, און די באַראָנעסע לאַ די וואָס זי האָט זיך נישט באַרויקט, נאָר זי האָט אדרבא אַלץ מער און מער געסטאָ־רעט זיך אַראָפּצופירן האַרטוויגסענען פונם וועג. אָבער איצט האָט שוין אויף אים מער גאָרנישט נישט געווירקט. מסתמא איז ראָזעס גוטע השפעה אויף אים געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

— שרייבט צוריק אויס מונקען ווענדטן! — האָט די באַראָ־נעסע מיר געזאָגט.

— איך גיי אינגיכן אַליין אַוועק צו מונקען ווענדטן.

— וואָס רעדט איר! איר ווילט דען אַוועקגיין פון אונז? — האָט זי געזאָגט, און מער גאָרנישט.

און זי איז ווידער אַוועק טרעפן ערגעץ האַרטוויגסענען.

אין איר גרויסער עקשנות האָט זי נישט געקאָנט איבער־טראָגן, אַז ראָזע זאָל צו זיך אַזוי שטאַרק צובינדן דעם מאַן. זי האָט אפילו גענומען רעדן מיט אים פּשוטער און פאַרשטענדלע־כער, ווי ביז איצט. אָבער האַרטוויגסען איז געבליבן האַרטנאַקע־דיק. וועגן ראָזען האָט די באַראָנעסע געזאָגט: „זי איז פּונקט ווי אַ קוואָקע אויף די אייער מיט איר מאַן און מיט איר זון.”

ניין, אין יענער צייט האָט די דאָזיקע מערקווירדיקע דאַמע בשום אופן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איר פיינעם באַנעמען זיך צו לייטן, זי האָט זיך געהאַלטן נישט אַזוי, ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַראָנעסע.

סאַר אַן אונטערשיד עס איז צווישן איר און איר פאָטער! ס'האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז דער דאָזיקער מענטש זאָל זיך זעלבסט פאַרראַטן און פאַרלירן די זיכערקייט אין זיך. עס איז, למשל, געקומען צו מאַכן די אַלטע מאַלענע, ניקאָלאַי אַרענט־סענס מוטער, מיט זייער אַ וויכטיקן ענין: זי האָט צו אים גע־בראַכט אין אַסיגנאַציעס די גאַנצע גרויסע סומע, וואָס זי האָט באַקומען פונם זון, פאַרוויקלט אין אַ שמאַטקעלע און געהאַלטן אין ביידע הענט: מאַק, פאַרשטייט איר, זאָל היטן איר געלט. מאַק האָט אפילו קיין פינטל נישט געטון מיט קיין אויג און האָט געענטפערט:

— אוודאי, דאָס איז אמת: בעסער, אַז דו זאָלסט באַהאַלטן

דאָס געלט ביי מיר. דעמאָלט קאָנסטו נעמען סחורה, ווען דו וועסט דאַרפֿן.

ער האָט פֿאַרשריבן די סומע אין בוך און אַ שאָקל געטון צו איר מיטן קאָפּ.

— איך האָב צוליבן געלט שלאָפֿן נישט געקאָנט. — האָט זי געזאָגט.

— איצט קאָנסטו שוין שלאָפֿן רויק! — האָט מאַק געענט-פֿערט.

ווען האַרטוויגסען האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און אויסגעשריגן:

— צי דען ווייסט ער זיך אויף דאָס דריטע מאָל נישט דער-ווערגן מיטן געלט?!

איינמאָל האָט די באַראָנעסע מיך געבעטן, איך זאָל גיין מיט איר צו פֿרעדעריק מענזאַן אין קעמערל.

— ער וואַלגערט זיך דאָרט אין אַזאַ שמוץ, — האָט זי גע-זאָגט — כ'וועל גיין אַביסל צוקלויבן ביי אים.

איך האָב נישט גלייך פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס בעט זי דווקא מיך, איך זאָל גיין מיט איר. איך האָב נאָר אַ טראַכט געטון, אַז מסתּמא האָט זי זיך ווידער אַריינגעלאָזן אין פֿרומקייט און וויל טון אַ מצווה. בין איך אַוועק מיט איר.

דער זקן איז געלעגן לגמרי איינער אַליין אין קעמערל. פּעטרינע האָט איר קינד אַרויסגעטראָגן אויף דער פֿרייהייט. די לופֿט איז דאָ געווען שרעקלעך אַ שווערע. די ווענט און די סטע-ליע זענען געווען שענדלעך-שמוציק. די באַראָנעסע האָט פֿונאַנ-דערגעעפֿנט די פֿענסטער, און אונז איז לייכטער געוואָרן צו אָטע-מען. נאָכדעם האָט זי פֿון פּאַפּיר געמאַכט אַ שקאָרמיצל און גע-זאָגט צו מיר:

— איך וואָלט נישט הערט געווען צו זיין די טאָכטער פֿון אַ קאָמערסאַנט, ווען איך וואָלט נישט געוווּסט, ווי מען דרייט צונויף אַ שקאָרמיצל!

דער אַלטער האָט זיך אָפּגערופֿן, ווי נאָר ער האָט דער-

הערט א פרעמד קול: — „טפרו! טפרו!" — ער האָט, אפנים, געמיינט, אז מיר זענען פערד.

דעמאָלט האָט די באַראָנעסע גענומען אים ארומקוקן און וואַרפן די אינזעקטן פון אים אין שקאָרמיצל אריין.

איך האָב גענומען טראַכטן פאר זיך: „ווי מאָדנע די דאָזיקע אומגעווייניטלעכע דאַמע קאָן באַשטיין פון א געמיש פון גוטס מיט שלעכטס: אָט, למשל, איצט האַלט איר נישט אָפּ די עקלהאַפטע אַרבעט, פון וועלכער עס האָדזשען זיך אפילו אירע באַדינער!" און איך האָב איר גענומען העלפן אַרומקלויבן די אינזעקטן. די באַראָנעסע האָט אַביסל פאַרקעמט דעם זקן, און ער האָט גענומען דרייען מיט די פינגער אין דער לופטן, גלייך ווי ער וויל איר בלומרשט העלפן.

— האַלט אָקאָרשט צו דאָס סקאָרמיצל! — האָט מיר די באַראָנעסע געזאָגט.

און זי האָט גענומען א קאַם און אָנגעהויבן אויסקעמען דעם אַלטן די האָר. אַך! דאָס איז געווען א שרעקלעכע אַרבעט, וועלכע מען האָט געמוזט טון מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט. ערגער פאַר צלק איז געווען דאָס, וואָס דער זקן האָט נישט געוואָלט ליגן רויק. פרעדעריק מענזאַ איז נעבעך געווען פאַרוואַרלאָזט, ס'איז אפילו נישט געווען, ווער זאָל אים פאַרקעמען די האָר. און דאָ האָט אים גאָט צוגעשיקט אזא גליק. ער הויבט זיך אָן צו באַלעקן און שמוצירן מיט די ליפּן פון תענוג: „טוטו!" — רעדט ער. די באַראָנעסע זאַמלט די אינזעקטן מיט דער גרעסטער געוויסנהאַפטיקייט און שקאָרמיצל אריין. אָ, קיינער וואָלט עס נישט געקאָנט טון מיט גרעסערער איבערגעגעבנקייט.

— אפשר וועט שוין זיין גענוג? — פרעגט זי, אַריינקוקנדיק אין שקאָרמיצל. — ס'וועט אפשר טאַקע קלעקן.

— ס'וועט קלעקן? — פרעג איך.

— ס'הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגן...

און פּלוצלינג נעמט זי קעמען פרעדעריק מענזאַן, פירנדיק מיטן קאַם איבער די האָר איינמאָל נאָכן צווייטן, און נישט אָפּטרייסלענדיק אים אין שקאָרמיץ אריין, שנעל און ענערגיש. איך

מאטער מיך צו באמערקן און קלויב צונויף פון קישן, וואָס איך קאָן, דער זקן שיינט דערוויל פון פארגעניגן און פּאָכעט מיט די הענט, פונקט ווי א שיכורער. „טו-טו-טו-טו-טו!" — רעדט ער און שאָקלט מיטן קאָפּ, און ראָהאָטשעט ווידער. נאָר פּלוצלינג, נאָך איין פיר מיטן קאם, ווערט זיין גליקלעך אויסזען פארקרימט, און ער טוט א געשריי: „טייוול!"

— אפנים, עס האָט אים געגומען ווי טון. — זאָג איך.

— יאָ, ווי דען. — ענטפערט די באַראָנעסע און טוט ווייטער איר ארבעט.

דעמאָלט שפּיט פרעדעריק מענזא אזוי, אז עס רינט אי־בערן וואנט און לאָזט ארויס א גאנצן שטראָם זידלערייען. דאָס איז געווען זייער שווער. איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאלטן און האָב ווידער געזאָגט:

— באמת, עס טוט אים ווי!

לסוף האָט זי ביי מיר גענומען דעם שקאָרמיק, אים גוט פארדרייט און פארמאכט די פענסטער. ווען מיר זענען ארויס, איז זי נאָך אריין צו יענס־דעם־פאָטערל און צו דער מילכיקערין, און האָט זיי געהייסן צוקלייבן פרעדעריק מענזאס קעמערל. נאָכדעם האָט זי באַגעגנט פעטרינען און האָט צו איר געזאָגט:

— דוי דארפסט אכטונג געבן אויף פרעדעריק מענזאן, אויב דו ווילסט בלייבן אין קעמערל.

— איך האָב שוין אזוי אויך געפרוווט, — האָט פעטרינע געענטפערט און זיך פונאנדערגעוויינט — ס'קלעקן נישט קיינע כוחות צו האלטן אים ריין! פאר אלץ באפט ער זיך, און נאָכדעם שמירט ער זיך אלע טאָג אוים מיטן עסן. וואָלט אים שוין גאָט וואָס גיכער צוגענומען! נעכטן האָבן מיר אים אָנגעטון א ריין העמד, און היינט האָדזשעט שוין דערויף צו קוקן!

— נעם לייוונט אין קלייט, — האָט די באַראָנעסע געזאָגט — און ניי אים אויף וואָס מער העמדער, דו דארפסט אים יעדן טאָג אויסוואשן און אויסקעמען און אָנטון אים ריינע זאכן, וויפל ס'וועט נויטיק זיין. געדענק זשע דאָס! — האָט זי געענדיקט און א שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

מיט דער באַראָנעסע זענען געווען קורצע דיבורים, פונקט אַזוי ווי מיט איר פֿאָטער! נאָך דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט תּיכּף נאָך דער באַשריבענער געשיכטע, איז ביי מיר געפֿאַלן אַ שטאַרקער חשד אויף דער באַראָנעסע מיט איר שקאָרמוצל, וואָס איז אָנגעפֿולט געווען מיט אינזעקטן. נאָר איך האָב געשעצט דאָס, וואָס זי האָט געהאַט צו מיר צוטרוי און מיך מיט קיין איינציקן וואָרט אַפֿילו נישט געגעבן שווייגן. דערפֿאַר טאַקע האָב איך געשטומט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך געשטאַנען מיט דער באַ-ראָנעסע אין הויף און גערעדט. פּלוצלינג קומט אָן האַרטוויגסען.

— ביי אייך איז אַלץ אין אָרדנונג? — פֿרעגט ער. — ביי אונז אין שטוב וועלן מיר באַלד נישט האָבן וווּ אַהינצוטון זיך.

— וואָס רעדט איר?!

— פּשוט עפּעס אַן אָנפֿאַל פֿון אַלערליי אינזעקטן, ליַיז און דאָס גליַיכן, — זאָגט האַרטוויגסען — אַפּנים, אַז מיר האָבן זיך מיט זיי אָנגענומען אויפֿן דאַמפּער. איך האָב איצט באַשלאָסן נישט צו קויפֿן אים פֿאַר קיין געלט נישט. זאָל ער גיין!

— און אָט האָבן מיר פֿונדעסטוועגן זיך גאָרנישט אָנגענומען פֿון דעם דאַמפּער. — האָט די באַראָנעסע געענטפֿערט.

— ווי קאָן עס זיין! — האָט ער געזאָגט. — מיר וואָלט עס נישט זייער געאַרט, נאָר מיין פֿרוי, זי וואַשט דאָרט היינט איבער אַלץ ביז דעם לעצטן פֿאָדים און זי וויינט.

די באַראָנעסע האָט געגאַפֿט האַרטוויגסענען אונטערן האַנט און האָט אים אַוועקגעפֿירט מיט זיך איבערן הויף. איך האָב פּשוט נישט געוווּסט, וואָס איבערצוטראַכטן, נאָר איך האָב דייטלעך גע-הערט, ווי די באַראָנעסע האָט געזאָגט: — „אַ פֿיינע באַלעבאָסטע איז שוין ראָזע, אויב זי קאָן נישט פּטור ווערן פֿון די אינזעקטן אין שטוב!" און זיי האָבן פֿאַרבראַכט צוזאַמען אַ גוטע שעה, נאָר דער סוף איז פֿונדעסטוועגן געווען, אַזאַ ווי אַלע מאָל: האַרטוויג-סען האָט זיך פֿאַרנויגט און איז אַוועק אַהיים.

אומגליקלעכע, פֿאַרבלאָנדזשעטע באַראָנעסע עדוואַרדע?

# XXIX

עס איז געגאנגען צו פרילינג צו. דער שניי האט גענומען צעגיין אויף די פעלדער, אויף די פיש-פלעצער, און ראבן און סאראקעס האבן שוין אנגעהויבן שלעפן צווייגלעך אויף נעסטן. הייסט עס, אז נישט לאנג איז שוין מיר אויך געבליבן צו זיין דא אין סירילונד.

איינמאל איז די באראָנעסע אריין צו מיר אין צימער און האט זיך אראפגעלאָזן אויף א שטול. אירע אויגן האבן ווילד גע-בלאנדזשעט, און דאס גאנצע געזיכט איז געווען פארוויינט.

— וואס איז געשען? — האב איך געפרעגט.

— אט איז ער געשטארבן! — האט זי געענטפערט. — איך האב עס געוווּסט. ס׳איז גארנישט נישט געשען...

— ווער איז געשטארבן?

— גלאן. אין אינדיע. אפגעדרוקט אין די צייטונגען. די משפחה מעלדעט. אין אינדיע. אזוי שטייט.

זי האט גערעדט שטאמלענדיק, און ענטפערנדיק האט זי פארביסן די ליפן. מיר איז געוואָרן א רחמנות אויף איר, און איך האב געזאגט:

— פארא טרויעריקע ידיעה! אפשר איז דאס א טעות? אפשר האט מען צעפלאָנטערט?

— ניין, — האט זי געענטפערט.

און זי האט ווידער פארביסן די ליפן, ווידער האט זיך באוויזן בלוט, און איך האב געמוזט מסכים זיין, אז ס׳איז ריכטיק מונקען ווענדטס אויסדרוק, בלומרשט „איר מויל האט זיך צעבליט".

אין א רגע ארום איז זי שוין אויפגעשטאנען פון שטול און איז ארויס פון מיין צימער. זי האט נישט געפונען קיין רו. זי איז אפילו געווען ביים פאטער אין קאנטאר. נאך מיטאג האט זי זיך אוועקגעלייגט און אפגעלעגן ביז א שעה, האט זי געשיקט נאך מיר.

— ס'איז גאָרנישט נישט געשען, — האָט זי געזאָגט, ווען איך בין אריין - איך האָב געוווסט, אַז ער איז געשטאָרבן. דאָ איז אָנגעשריבן נאָר, אַז ער איז געשטאָרבן אין אינדיע. אָבער דאָס איז דען נישט אַלץ איינס?

— איך טראַכט אַלץ, צי האָט מען נישט איבערגעפּלאָנטערט די נעמען? — האָב איר אָנגעהויבן, וועלנדיק זי טרייסטן.

— נו, ווי זשע דען! — האָט זי געענטפערט אָפּגעריסן.—איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן: אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב מיך היינט אַזוי אַריינגעריסן צו אייך אין צימער און איצט האָב איך נאָך אייך געשיקט!... איבערגעפּלאָנטערט! ווי זשע קאָן מען עס איבערפּלאָנטערן?

— אַזאַ ידיעה האָט געמוזט דורכמאַכן אַ לאַנגן וועג פון אינדיע. ס'איז גאָרנישט אַזוי אוממעגלעך איבערצופּלאָנטערן די נעמען.

— איר מיינט? — האָט זי געזאָגט. — ס'קאָן זיין!

אָבער זי האָט, אפנים, מער נישט געהאָפט. זי איז עטלעכע טעג געלעגן, און ווען זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זי נאָך לאַנג נישט געקאָנט צו זיך קומען. ביי איר איז געוואָרן אַ רגילות נעמען זיך מיטביידע הענט פאַר דער טאַליע, און זי איז אַזוי אָפּגעצערט געוואָרן פאַר דער צייט, אַז אירע לאַנגע דינע פינגער פלעגן זיך דערביי כמעט צונויפגיין. יאָ, זי איז געוואָרן דין אין טאַליע, פונקט ווי אַ זאַמד-זייגער. נאָר זי איז געווען פון אַ געזונטער ראַסע און האָט זיך דאָך פאַררעכט. ווען די לאָפּאָדעגער האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען פונם פיש-פאַנג, איז שוין אין איר מער גאָרנישט נישט געווען צו באַמערקן אַזוינס באַזונדערס, סיידן דאָס, וואָס זי איז געוואָרן נאָך מער צעדרייט און קאַפּריזיק, אײַדער ווען עס איז פריער, גלייך ווי איר וואָלט זיך געוואָלט מלחמה האַלטן אי מיטן הימל, אי מיט דער ערד פאַר גלאַנס טויט. ווי געזינדיקט זי האָט קעגן זיך זעלבסט!

די שיפן האָבן זיך צוריקגעקערט אהיים און זיך אָפּגעשטעלט לעבן די פיש-פלעצער. ווידער האָט דאָס לעבן געקאָכט, און לײַדער און געלעכטער האָבן זיך געלאָזן הערן אויפן ים-אויסגוס. מיט

דעם לעצטן פאסטדאמפער איז פון דרום אנגעקומען דער אייביקער ענגלענדער, סער גיו טרעוועליאן. ער איז געווען שיפור ווי לוט, ווי געוויינלעך, און איז ארויף אויף די פיש־פלעצער, קוקן ווי מען טריקנט די פיש מיט זיינע פארגליווערטע אויגן. די באראנעסע איז נאך אים אהינגעקומען און אוועקגעפירט מיט זיך קיין סירילונד. ס'איז פשוט אוממעגלעך, אויף וואס זי איז געווען פעיק, אזוי שטארק איז געווען איר ווילן און איר דאר הענטל. אט ערשט איז זי געווען אזוי דערשלאגן און האט אזוי טרייסטלאז געטרויערט נאך גלאנען, און אט איז זי שוין אליין פון זיך ווידער בארויקט, אן אן אויסעהלעבער טרייסט, אזוי גרויס איז געווען איר אויסדויער און איר שטאנדהאפטיקייט. און וואס נוגע דעם ענגלענדער, האט זי זיך אוועקגעשטעלט א גרויסע אויפגאבע וועגן אים. זי האט מיר אליין געזאגט: „אין מיר איז נאך געבליבן א קליין ביסל נישט געריריטע צערטלעכקייט. איצט קאן איך מיך מיט דעם באנוצן!"

און מיט סער גיוען איז פארגעקומען אזא ענדערונג, אז ער איז היי־יאר גארנישט געפארן צו זיין זון קיין טארפעלוויקען, ער האט נאר דער מוטער אוועקגעשיקט געלט. אליין האט ער די גאנצע צייט געווינט אין סירילונד. סער גיו איז געווען א שווייגנדיקער און פון אויסזען א דערצויגענער מענטש, דערצו נאך, בעת ער האט זעלטן ווען א שמייכל געטון, האט ער באקומען א ליבלעכן, אויפריכטיקן אויסדרוק. די באראנעסע איז פאר אים געווארן פשוט נויטווענדיק. ווען ער איז געווען מיט איר צוזאמען, האט ער אלץ אפטער און אפטער געשמייכלט. ער האט מיט איר געמאכט ווייטע שפאצירן, און וועגן אנשיכורן זיך איז שוין גאר קיין רייד נישט געווען.

איצט האט מען צוריק געווארט אויף דעם זעלביקן פאסטדאמפער פון צפון, פון וואדסע, און סער גיו האט בדעה געהאט אוועקצופארן אויף אים אהיים קיין ענגלאנד. און אז ס'איז נענטער געקומען די צייט אפצושווימען, האט זיך די באראנעסע גענומען גרייטן צו דער רייזע און כמעט יעדן טאג האט מען אפגעשיקט אין האפן קאסטנס מיט זאכן. עס איז קיין ספק נישט געווען, אז

די באַראָנעסע וועט פאָרן צוזאַמען מיט סער גיוען, אַזוי שטאַרק האָט זי באַזיגט זיין האַרץ. די מיידעלעך האָט זי אָפּפאָרנדיק געוואָלט איבערלאָזן ביי מאַקס ווירטשאַפטערין, זי זאָל אויף זיי אַכטונג געבן.

אַזוי איז אַלץ נענטער געקומען די צייט, וואָס איך האָב געדאַרפט אַוועקגיין. ס'איז שוין געווען סוף מאַי, און איך האָב נאָר געוואַרט, עס זאָל טרוקענער ווערן דער וועג אין וואַלד. די טעג זענען געווען הייסע, דער שניי איז אינגאַנצן אַראָפּ; הייסט עס, אַז באַלד וועט שוין טרוקן ווערן.

איך האָב האַרטוויגסענען געגעבן אַ מתנה מיין לעצט בילד, דעם ווינטערדיקן פּייזאַזש מיט דער מיל און די בערג. איך האָב געבראַכט אין אָרדנונג מיין ביקס און דעם זאַק מיט קליידער. היינט איז שבת, און איבערמאָרגן גיי איך אַוועק. האַרטוויגסען באַדאַנקט מיך האַרציק פאַר דעם בילד און זאָגט:

— איר האָט דאָך געזען ס'אַרא וועגט ביי מיר זענען געווען, איידער איר זענט געקומען, קוקט איצט און טוט אויף זיי אַ בליק, איידער איר גייט אַוועק!

— גוט, אַ דאַנק! — האָב איך געענטפערט.

אײנאָוונט, בעת דער פּאָסט-דאַמפער האָט זיך באַוויזן פונדערווייטן, נאָך הינטערן לייכט-טורעם, איז די באַראָנעסע געקומען צו מיר און האָט געזאָגט:

— שמועסט אַביסל אין אָוונט מיט די מיידעלעך! איך האָב זיי אַוועקגעשיקט מיט יענס-דעם-פּאַטערל, אָבער ס'קאָן זייער זיין, אַז זיי וועלן באַלד צוריקקומען.

היות ווי ביי איר איז געווען אַ הילפלאָזער אויסדרוק פונם געזיכט, און היות ווי זי האָט געבראָכן די הענט מיט גרויס פּיין, דעריבער האָב איך זי נישט געוואָלט אויספרעגן.

זי מיט סער גיוען האָבן זיך ביידע אַראָפּגעלאָזן אין קאַנטאָר און געשמועסט מיט מאַקן. דערווייל, בעת זייער אָפּוועזנהייט, זענען אָנגעקומען די מיידעלעך פונם שפּאַציר. סער גיו איז דער ערשטער אַרויס פון קאַנטאָר. ער איז אָפּגעגאַנגען אַ טייל וועג צו דעם האַפן און האָט זיך געשטעלט וואַרטן. ווען די באַראָנעסע

איז צוגעגאנגען, האָט זי דערזען די קינדער, און זיך אָנגעבויגן צו
דער ערד, כּדי נישט אויסצוזען אזא הויכע, ווי זיי האָבן זי גע־
קענט. אָך, זיי זענען געווען אַזעלכע קורצזיכטיקע!

— דאָס ביסטו, מאמע? — האָט די קליינינקע טאָגא גע־
פרעגט.

— ניין. — האָט די באַראָנעסע געענטפערט, ענדערנדיק די
שטים און איז אײלנדיק אוועק ווייטער.

— און דו האָסט גאָר געמיינט, אַז דאָס איז די מאמע! —
האָט די עלטערע עלינא געזאָגט און האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט
מיט אַ זילבערדיקן געלעכטער פון דעם, וואָס די שוועסטער האָט
אַזאַ טעות געהאַט.

פונקט ווי עפּעס וואָלט דער באַראָנעסע דערלאַנגט אַ זעץ.
זי האָט אײלנדיק אַ שעפּטשע געטון עטלעכע ווערטער צו סער
גיוען, וועלכער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און זיך פונאַנ־
דערגעלאַכט. פּלוצלינג קערט זיך די באַראָנעסע אום, גייט שנעל
צו צו די קינדער און דריקט זיי פעסט צו זיך צו ביידן פּאַרא־
מאָל. נאָכדעם זאָגט זי: „קומט אָקאָרשט מיט דער מאמען! מיר
וועלן אוועקפאָרן! מיר וועלן ווייט פאָרן. אָט איז דער דאַמפער.
אָך, מיינע טייערינקע, ליבינקע!"

דאָ האָט די באַראָנעסע גענומען אײלן און אוועקגעצויגן די
מיידעלעך נאָך זיך. יעדע פּאַר אַ הענטל. און סער טרעוועליאַן
האָט צו זיי געשאָקלט מיטן קאָפּ אַנטקעגן. אַלע זאַלבעפערט זע־
נען אוועק איבערן וועג צום האַפן.

ווען מאַק איז ארויס פון קאַנטאָר און איז אוועק איבער
דעם זעלבן וועג, האָב איך מיך אויך געלאָזן גיין צום האַפן. איך
האָב מיך גוט געזעגנט מיט די מיידעלעך און זיי גוט באַדאַנקט
פאַר יעדער שעה אין דעם יאָר, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט צו־
זאַמען. און זיי האָבן אַלס ענטפער געמאַכט אַ רעווערענס. זיי האָבן
זיך אויך גענויגט, בשעת דאָס שיפל האָט זיי געפירט צום דאַמפער
און האָבן געשריגן: „זייט געזונט!" צום זיידן און צו מיר. אָט
וואָס איך געדענק וועגן דעם דאַזיקן זעגענען זיך.

שפּעטער האָב איך מיר דערוווּסט, אַז די באַראָנעסע האָט

זיך געוואָלט באַקענען מיט דער לאַגע פון סער גיו אין ענגלאַנד, איידער זי וועט מיט אים חתונה האָבן, און נעמען מיט זיך די מיידעלעך. נאָר אין דער לעצטער רגע האָט זי נישט געקאָנט פאַרן אָן די קינדער. דאָס באַווייזט, ס'אַרא גוט האַרץ זי האָט געהאַט.

אויף מאָרגן איז געווען זונטיק, און דער טאָג האָט זיך לאַנג געצויגן. שטיל איז געוואָרן אָן די מיידעלעך. פאַר מיטאָג נאָך האָט מען גערופן דעם העקלמאַכער און מען האָט אים געהייסן צוריקנעמען די זעלביקע מלאכים פונם צימער און אַריבערטראָגן אויף די פיר זייַלעכלעך פון מאַקס בעט. אַלץ האָט ווידער געדאַרפט ווערן אַזוי, ווי עס איז געווען, איידער די באַראָנעסע איז געקומען אין פאָטערס הויז. מאַק איז אַליין געגאַנגען און האָט אַכטונג געגעבן, ווי מען טראָגט עס אַריבער, און סוף כל סוף איז די סאָלידע און צנועהדיקע מאַרגאַרעט די שטוב-מיידל איינגעלאַדן געוואָרן אַ בליק צו טון אויף דעם נייעם פוץ פון דעם בעט.

אין אָוונט האָב איך מיך געזעגנט מיט מאַקן און מיט זיין גאַנצן הויז, און נאָכדעם בין איך אַוועק צו די האַרטוויגסעס. איך האָב געהאַט בדעה וואָס קירצער צו מאַכן דאָס געזעגענען זיך. יאָ, איך האָב עפּעס דאָך אָפּגעלערנט פון ניקאָלאַיס געזעגענען זיך מיט ראָזען. „דאָס לעצטע וואָרט! אַ וואָסערע וועט עס זיין?“ — האָט ער געזאָגט מיט אַ בייזער איראָניע. דערמיט האָט ער באַפרייט זיין גייסט: גיין, ווהין דאָס האַרץ גלוסט.

האַרטוויגסען האָט מיר נאָך אַמאָל באַדאַנקט פאַר אַלע בילדער, מיט וועלכע איך האָב באַפּוצט זיינע ווענט, און האָט ביי מיר געפרעגט אַן עצה, ווו זאָל ער אויפהענגען דאָס בילד פון ווינטער, ווען די ראַם וועט פאַרטיק ווערן. ראָזע איז געווען ליבלעך און פריינטלעך, האָט דערלאַנגט ווייַן און געבעקס, מיר האָבן אַלע גערעדט וועגן דער באַראָנעסע, וועלכע איז אַוועקגעפאָרן, נישט געזעגנט זיך, נאָכדעם וועגן סער גיוען, וועגן זיין קינד, וועגן די שמאָק-פיש און וועגן מאַקן, נאָכדעם וועגן מונקען ווענדטן, צו וועלכן איך גיי. צו וואָס האָב איך געדאַרפט זיצן

לענגער? אפשר האָט ראָזע געבעטן דעם מאַן, ער זאָל נישט אַוועקגיין, ווען איך וועל קומען? איבעריקנס, זי האָט זיכער נאָר גע-זאָגט, ער זאָל איר העלפן מיך צו פארהאַלטן מיט אַ שמועס. און הארטוויגסען האָט מיך פאַרהאַלטן. לסוף האָט ער געזאָגט אויף שטייענדיק:

— אָבער איר דאַרפט דאָך אַ בליק טון אויפן פרינק אײ דער איר וועט אַוועקגיין!

ראָזע איז אויך אויפגעשטאַנען און האָט געזאָגט:

— ניין, בעסער וועל איך אַליין אים ברענגען.

— אָט זעט איר: מיר געטרויט מען עס נישט!—האָט הארט-וויגסען גוטמוטיק זיך פונאַנדערגעלאַכט.

נאָכדעם האָט זיך ראָזע אַראָפּגעלאָזן מיטן פרינק, און מיר האָבן אַביסל גערעדט וועגן אים. נאָכדעם האָב איך באַדאַנקט פאַר אַלץ און האָב מיך געזעגנט. ראָזע איז אויפגעשטאַנען מיטן קינד בײַ דער ברוסט און האָט מיר דערלאַנגט די האַנט. זי האָט מיר אויך געדאַנקט פאַר אַלץ. ווען איך בין געווען אין טיר, איז זי שוין ווידער געזעסן מיט דעם קינד אין די אָרעמס. הארט-וויגסען האָט מיך באַגלייט און געזאָגט נאָך עטלעכע ווערטער בײַם שיידן זיך.

די לעצטע ווערטער!

צוריקגעקערט זיך אַהיים, האָב איך הייס געדאַנקט דעם אויבערשטן, וואָס נאָר ער אַליין האָט מיר געקאָנט קומען צו הילף. איך האָב יענע נאַכט נישט געשלאָפן. די ליבע איז אַבזוריש. איך האָב געציילט די שעהן. איך האָב מיך דאָ געלייגט אין בעט, דאָ צוריקגעזעצט זיך אויפן שטול, ביז עס האָט גענומען באַגינען. ס'איז געווען נישט מער ווי דרײַ דער זייגער אינדערפרי, ווען איך האָב גענומען אויפן רוקן די ביקס און דעם רוק-זאַק און בין אַוועק דורכן וואַלד אויף צפון.

איך האָב דאָס אַלץ אָנגעשריבן צוליב צײַטפאַרוויילונג. איך האָב קיין באַזונדער טאַלאַנט צו קיין זאַך נישט, נאָר איך האָב צונויפגעקליבן אינאײנעם אַלץ, וואָס עס איז פאַרבליבן אין מײַן

זכּרון און וואָס עס איז געווען דורך מיר פאַרשריבן אויף שטיקע־לעך פּאַפּיר. דאָס אַלץ האָט מיך נישט געקאָסט קיין גרויסע מי. יאָ, אין די דאָזיקע בלעטער רעדט זיך וועגן פיל, אָבער פאַר מיר פּערזענלעך — נאָר וועגן איינער.

פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# די ווערק פון קנוט האַמסון

שוין דערשינען:

## דאָס לעצטע קאַפּיטל

ראָמאַן, יידיש פאַלק הײלפּערין, 530 זײטן. 13.40 גילדן.

## די לעצטע פרייד

ראָמאַן, יידיש א. איוועניצקי, 240 זײטן. 6 גילדן.

## די וואָגלער

ראָמאַן, יידיש י. באַשעוויס, 588 זײטן. 14.80 גילדן.

## מיסטעריען

ראָמאַן, יידיש א. מאַרק, 416 זײטן. 10 גילדן.

## די שטאָט זעגלפאָס

ראָמאַן, יידיש א. מאַרק, 448 זײטן. 11.20 גילדן.

## פאַן

ראָמאַן, יידיש י. באַשעוויס, 164 זײטן. 4.10 גילדן.

## בענאָני

ראָמאַן, יידיש פאַלק הײלפּערין, 292 זײטן. 7.60 גילדן.

## ראָזאַ

ראָמאַן, יידיש פאַלק הײלפּערין, 260 זײטן. 6.40 גילדן.

ס'דרוקט זיך:

## ווייבער, בײם ברונעם

ראָמאַן, יידיש י. מייזיל.